# די קייט
## אנאָוועלן־רייז

---

דער ערשטער רינג:

### דערוואכונג
געשיכטן פון קינדערלאַנד

*

דער צווייטער רינג:

### אמאָק
נאָוועלן פון א ליידנשאַפט

*

דער דריטער רינג:

### דער פלאָנטער פון געפילן
דריי נאָוועלן

*

סטעפאַן צווייג

# אַמאָק

נאָוועלן פון א ליידנשאַפט

אויטאָריזירטע איבערזעצונג
ח. בראקאזש



פאַרלאַג „טורעם" וואַרשע

1929

אין מערץ פון יאָר 1912 האָט אין האַפן פון נעאַפּאָל, בעתן אויסלאָדן אַ גרויסע שיף, פּאַסירט אַ מערקווירדיקער אומ־גליקס־צופאַל, ווענן וועלכן די צייטונגען האָבן געבראַכט גאַנץ גרויסע, אָבער זייער פאַנטאַסטיש באַפּוצטע באַריכטן. הגם איך בין דעמאָלט געווען אַ פּאַסאַזשיר אויף דער „אָקעאַניאַ", איז מיר, ווי אויך די אַנדערע פּאַסאַזשירן, נישט אויסגעקומען בייצו־זיין ביי דעם דאָזיקן מאָדנעם געשעעניש, ווייל עס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביינאַכט, בעת מען האָט אַרויפגעלאָדנט קוילן און אַראָפּגענומען די סחורות פון שיף, און כּדי אויסצומיידן דעם טומל, זענען מיר אַלע פריער אַוועקגעגאַנגען אין שטאָט אַריין, צו פאַרברענגען די צייט אין קאַפע־הויז אָדער אין טעאַטער. פונדעסטוועגן רעכן איך פערזענלעך, אַז געוויסע השערות, וועלכע איך האָב דעמאָלט נישט אַרויסגעזאָגט עפנטלעך, קאָנען געבן אַן אמתע אויפקלערונג פון יענער אויפפאַלנדיקער סצענע, און די דיסטאַנץ פון יאָרן דערלויבט מיר שוין אויס־צונוצן אַ פאַרטרוילעכן שמועס, וועלכער איז פאָרגעקומען די־רעקט פאַר יענעם מאָדנעם עפּיזאָד.

*

ווען איך האָב אין דער שיפס־אַגענטור אין קאַלקוטע גע־וואָלט באַשטעלן אַ פּלאַץ אויף דער שיף „אָקעאַניאַ", כּדי צוריקצופאָרן קיין אייראָפּע, האָט דער שרייבער מיט באַ־דויערונג אַ הויב בעטון די אַקסלען. ער איז נישט זיכער, צי

ס׳װעט מעגלעך זײַן מיר צו פֿאַרשאַפֿן אַ קאַבינע. די פּלעצער אין דער שיף װערן שטענדיק פֿאַרן אָנהײב פֿון דער רעגן־צײַט אױספֿאַרקױפֿט נאָך אין אױסטראַליען, ער מוז דרײַבער אָפּװאַרטן אױף אַ טעלעגראַמע פֿון סינגאַפּור. אױפֿן צװײטן טאָג האָט ער אַ דערפֿרײען מיר מיטגעטײלט, אַז ער קאָן נאָך פֿאַר מײנעטװעגן רעזערװירן אַ פּלאַץ, עס איז אַפֿילו אַ גאַנץ װײניק קאָמפֿאָרטאַבלע קאַבינע אונטערן דעק און אין מיטן פֿון דער שיף. איך האָב שױן מיט אומגעדולד אױסגעקוקט די מינוט אַהײמצופֿאָרן: האָב איך דרײַבער נישט לאַנג גע־קלערט און געלאָזט פֿאַרשרײַבן פֿאַר מיר דעם פּלאַץ.

דער שרײַבער האָט מיך ריכטיק אינפֿאָרמירט. די שיף איז געװען איבערפֿולט און די קאַבינע שלעכט. אַ קלײנער, ענ־גער װינקל אין שכנות מיט דער דאַמפֿמאַשין, טריב באַלױכטן דורך דער רונדער גלעזערנער שױב. אין דער שטיקנדיקער, געדיכטער לופֿט האָט זיך געשפּירט אײל און שימל. אױף קײן אײנציקער רגע האָט מען נישט געקאָנט פּטור װערן פֿונם עלעקטרישן װענטילאַטאָר, װעלכער האָט װי אַ משוגענע שטאָ־לערנע פֿלעדערמױז זשומענדיק געפֿלאַטערט איבערן קאָפּ. אונטן האָט געסקריפּעט און געקרעכצט די מאַשין, װי אַ סאַפּענדיקער קוילן־טרעגער, װאָס קריכט אױף שטיגן; פֿון אױבן האָט זיך געהערט דאָס אומאױפֿהערלעכע הין און הער שאַרן פֿון טריט אױפֿן שפּאַציר־דעק. איך בין דרײַבער, װי נאָר איך האָב מײַן קופֿערט אַרײַנגעשטעלט אין דעם שטיקנדיקן גרוב פֿון גרויע באַלקנס, װידער צוריק אַרױס אױפֿן דעק און אַרױסקומענדיק פֿון דער טיפֿעניש, האָב איך װי אמברא אַרײַנגעזױגן דעם זיסלעך־װײכן װינט, װאָס האָט געװײעט פֿון דער יבשה איבער די כװאַליעס.

אָבער אױך אױפֿן שפּאַציר־דעק איז געװען אַן ענגשאַפֿט און טומל: עס האָט געשװיבלט און געװיבלט פֿון מענטשן, װעלכע זענען מיט דער הײסער נערװעזיטעט פֿון געצװוּנ־גענער אומטעטיקײט געגאַנגען הין און צוריק אומאױפֿהערלעך פּלױדערנדיק. די שטיפֿעריש ־ קװיטשענדיקע קולות פֿון די

פרויען, דאָס אומדערמידלעכע, בּסדרדיקע וואַנדערן אויפֿן שמאָלן פּאַס פֿונם דעק, איבּער וועלכן די מענטשן-כוואַליע האָט פֿלוידערנדיק פאַרביי געשטראָמט, כסדר זיך באַגעגענענדיק מיט-אַנאַנדער, האָט מיר פאַרשאַפט עפּעס אַ מין ווייטיק. איך האָב געזעען אַ נייע וועלט, איינגעזויגן אין מיר בילדער, וואָס האָבן זיך שנעל, ווי אין אַ משוגענעם געיעג, געוועקסלט מיט-אַנאַנדער. איך האָב אָבער געוואָלט מיך פאַרטראַכטן איבער דעם אַלעם, פונאַנדערנעמען, לויט אַ סדר איינטיילן, נאָכדענקענ-דיק פאָרמירן אַלץ, וואָס האָט זיך האַסטיק געדרענגט אין בליק, נאָר דאָ אויפֿן ענגן בולוואַר האָט קיין איין מינוט נישט גע-רוט. די שורות אין אַ בוך זענען צערונען געוואָרן דורך דעם באַוועגלעכן שאטן פון די פֿלוידערנדיקע דורכגייער, עס איז אוממעגלעך געווען אויף דער דאָזיקער שאָטנלאָזער, שיפס-גאַס מיט זיך אַליין צו זיין.

דריי טעג לאַנג האָב איך עס געפּרוּווט. כ׳האָב מיט יאוש אָנגעקוקט די מענטשן, דעם ים, נאָר דער ים איז תמיד געבליבן דער זעלבער, בלוי און לעער. נאָר בעתן זון-פאַרגאַנג פלעגט ער פליצלינג פאַרגאָסן ווערן מיט פלערליי פאַרבן. און די מענטשן — זיי האָב איך שוין נאָך דריי מעת-לעת געקענט אויסנווייניק. יעדעס געזיכט איז מיר שוין געווען באַ-קאַנט ביז צום דערעסן ווערן. דאָס שאַרפֿע פרויען-געלעכטער האָט שוין נישט געבייצט, דאָס טומלדיקע קריגן זיך פון די צוויי שכנהדיקע האָלענדישע אָפיצירן האָט שוין מער נישט געערגערט. עס איז בלויז געבליבן צו אַנטלויפן: נאָר די קאַ-בינע אין געווען הייס און שטיקנדיק, אין סאַלאָן האָבן ענג-לישע מיידלעך כסדר זיך באַשעפטיקט ביים קלאַוויר, שלעכט שפילנדיק אָפגעדראָשענע וואַלצערס. ענדלעך האָב איך מיך אַנטשלאָסן צו ענדערן דעם סדר-היום. באַלד נאָכמיטאָג האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזט אין דער קאַבינע, באַרוישנדיק זיך פריער מיט עטלעכע גלעזער ביר, כדי צו פאַרשלאָפן דאָס אָוונט-מאָלצייט און די טאַנץ-פאַרוויילונג.

בעת איך האָב אויפגעוואַכט, איז שוין געווען גאַנץ

פינסטער אינם קליינעם טויטן-קאַסטן פון דער קאַבינע. דעם ווענטילאַטאָר האָב איך געהאַט פריער אָפּגעשטעלט, און דערי־בער האָט די לופט זיך געקלעפּט צו מיינע שלייפן פעט און פייכט. מיינע חושים זענען געווען ווי פאַרטויבט. עס זענען פאַרגאַנגען מינוטן, ביז איך האָב מיך געקאָנט דערמאָנען אָן צייט און אָרט. עס האָט שוין געמוזט זיין נאָך האַלבער נאַכט, וואָרום ס'האָט זיך נישט געהערט די מוזיק, נישט דאָס אומדערמידלעכע שאַרן פון טריט. בלויז די מאַשין, דאָס אָטע־מענדיקע האַרץ פון לויתן, האָט סאַפּענדיק געשטויסן דאָס קראַ־כנדיקע לייב פון דער שיף פאָרויס אין דער אומזעבאַרער ווייטקייט אַריין.

איך האָב מיך טאַפּנדיק אַרויפגעשלייכט אויפן דעק. ער איז געווען ליידיק. און ווי איך האָב דערהויבן דעם בליק צום דאַמפנדיקן טורם פון קוימען און צו די גייסטערהאַפט גלאַנצנדיקע מאַסטבוימער, האָט מיטאַמאָל אַ שלאָג געטון פאַר מיינע אויגן אַ מאַגישע העלקייט. דער הימל האָט געשטראַלט. ער האָט אויסגעזען טונקל אַנטקייגן די שטערן, וועלכע האָבן אים ווייס דורכגעפלאָכטן, אָבער דאָך: ער האָט געשטראַלט; עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ סאַמעטענער פאָרהאַנג פאַרהילט אַן אומגעהויער ליכט, גלייך ווי די שטערן וואָלטן בלויז געווען שפּאַלטן און ריסן, דורך וועלכע יענע אומבאַשרייבלעכע העל־קייט גלאַנצט אַרויס. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען דעם הימל, אַזוי ווי אין יענער נאַכט, אַזוי שטראַלנדיק, אַזוי שטאָלערן-בלוי, האַרט און דאָך פינקלענדיק, טריפנדיק, רוישנדיק, שפּריצנדיק מיט ליכט, וואָס האָט פאַרהאָנגענערהייט אַראָפּגע־פלאָסן פון דער לבנה און די שטערן און עס האָט זיך אויס־געוויזן, גלייך עס וואָלט אַרויסגעשיינט פון ערגעץ אַ געהיימ־ניספולן אינערלעכן חלל. ווי ווייסער לאַק האָבן אַלע ראַנד־ליניעס פון שיף העל געשימערט דורכן לבנה-ליכט אַנטקייגן דעם סאַמעט-טונקעלן ים. די שטריק, די זעגל-שטאַנגען, אַלע שמאָלע נעגנשטאַנדן, אַלע קאַנטורן זענען צעשוווּמען געוואָרן אינם יאָזיקן פלייצנדיקן גלאַנץ: די ליכט-פלעמלעך אויף די מאַסט־

בוימער און דאָס רונדע אויג אינם אויסקוק־אָרט איבער זיי, האָבן אויסגעזען, גלייך זיי וואָלטן געהאָנגען אין ליידיקן חלל, ווי ערדישע געלע שטערן צווישן די שטראַלנדיקע פונם הימל.

גלייך איבער מיין קאָפּ איז געהאָנגען דאָס מאַגישע שטערנבילד, דער דרום־קרייץ, צוזאַמענגעשמידט אין אומזעבאַרן חלל מיט שימערנדיקע דימענטענע נעגל. ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי עס וואָלט געשוועבט אין דער לופטן, אין דער אמתן אָבער איז די באַוועגונג געשאַפן געוואָרן דורך דער שיף, וואָס האָט ציטערנדיק, מיט אַן אָטעמענדיקער ברוסט זיך געטראָגן אויף און אָפּ, אויף און אָפּ, ווי אַ גיגאַנטישער שווימער, איבער די טונקעלע כוואַליעס. איך האָב אויפגעהויבן מיין בליק אין דער הויך: איך האָב מיך געפילט, ווי אין אַ באָד, ווו עס פאַלט פון אויבן וואַרם וואַסער, נאָר דאָס איז אָבער געווען ליכט, וואָס האָט ווייס און לוילעך געשפריצט אויף מיינע הענט, אויף די שולטערן, מילד באַגאָסן מיין קאָפּ און ס׳האָט זיך געדאַכט, גלייך ס׳וואָלט אַריינגעדרונגען אינעווייניק אין מיר, וואָרום די גאַנצע פאַרנעפּלטקייט אין מיר איז פלוצלינג פאַרשווונדן גע־וואָרן, איך האָב אָפּגעאָטעמט לייכט און ריין, און פון אַ גליקלעך געפיל פלוצלינג אַרומגענומען, האָב איך דערשפּירט די לופט, ווי לויטער געטראַנק אויף מיינע ליפּן, די ווייכע שוימענדיקע, לייכט פאַרשפּורטע לופט, וועלכע איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ ריח פון פרוכטן און מיטן דופט פון ווייטע אינזלען. און ענדלעך צום ערשטן מאָל, זינט איך האָב די שיף באַטרעטן, איז מיך באַפאַלן די הייליקע לוסט צו טרוי־מען, און נאָך אַן אַנדערע, מער זינלעכע: פרויענאַרטיק איבער־צוגעבן מיין קערפּער צו דער דאָזיקער ווייכקייט, וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט. איך האָב מיך געוואָלט אויסציען, דעם בליק געווענדעט אַרויף צו די ווייסע הירראָגליפן. אָבער די שטולן פון דעק זענען געווען אָפּגעראַמט, ס׳האָט זיך אין ערגעץ נישט געפונען אויפן שפּאַציר־דעק קיין אָרט פאַר טרוי־מערישן אָפּרו.

איך האָב מיך דעריבער אַוועקגעשלייכט ווייטער, ביז

לעכווייז זיך דערנענטערנדיק צום פאָדער-טייל פון דער שיף, אינגאַנצן א פאַרבלענדטער פון ליכט, וואָס האָט זיך געדאַכט וואָס אַמאָל האַסטיקער אַרויסצושטראָמען פון די אַרומיקע געגנשטאַנדן. עס האָט שוין כמעט ווי געטון, דאָס דאָזיקע קאַלט-ווייסע, שאַרף-ליכטנדיקע שטערנליכט, אַזוי אַז איך האָב באַקומען אַ פאַרלאַנג, צו פאַרקלויבן זיך ערגעץ אין שאָטן, און אויסגעצויגן אויף דער מאַטע, פילן דעם גלאַנץ נישט אויף מיר, נאָר צו זעען אים איבער מיר, אָפּגעשפּיגלט אויף די אַרו-מיקע זאַכן, אַזוי ווי מען באַטראַכט אַ לאַנדשאַפט פון אַ טונ-קעלן צימער אַרויס. ענדלעך בין איך, אָפּשלאָגנדיק זיך אָן שטריק און אייזערנע שרויפן, צוגעקומען ביז צום הויפּט-באַלקן פון שיף און האָב אַראָפּגעקוקט אונטן, ווי דער שיף-שפּיץ רייסט זיך פּאָרויס אין דער שוואַרצער וואַסער-מאַסע און צע-שפּריצט שוימענדיק אויףביידע זייטן דאָס צעשמאָלצענע לבנה-ליכט. יעדע ווײַלע האָט זיך דערהויבן דאָס אַקער-אייזן און באַלד זיך ווידער איינגעגראָבן אין דעם שוואַרץ-פלייצנדיקן באָדן, און איך האָב געפילט דעם גאַנצן ווייטיק פון דעם באַ-זיגטן עלעמענט. איך האָב געפילט די גאַנצע לוסט פון ערדי-שער קראַפט אינעם דאָזיקן פינקלענדיקן שפּיל. און מיטן צוקוקן זיך איז מיר פאַרגאַנגען די צייט. בין איך אַזוי געשטאַנען אַ שעה, אָדער אפשר בלויז מינוטן: מיט דעם אויף און אָפּ טרייסלען האָט מיך די ריזידיקע וויג פון שיף אַוועקגעטראָגן איבער די צייט אַרויס. איך האָב בלויז געפילט, אַז עס קומט אויף מיר אַ מידקייט, וואָס איז געווען ווי אַ דערקוויקונג. איך האָב געוואָלט שלאָפן, חלומען און דאָך נישט אַוועק פון דאָזיקן שיף. נישט אַראָפּ אין מיין קבר. נישט ווילנדיק האָב איך מיטן פוס אָנגעטאַפּט אָן אַ בינטל שטריק. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט, די אויגן פאַרמאַכט און דאָך איז זיי נישט טונקל געוואָרן, וואָרום ס'האָט אויף זיי געשטראָמט דער זיל-בערנער גלאַנץ. אונטן האָב איך געפילט דאָס שטילע גערויש פון וואַסער, איבער מיר מיט אַן אומהערבאַרן קלאַנג דעם ווייסן שטראָם פון דער דאָזיקער וועלט. און ביסלעכווייז איז

דאָס דאָזיקע גערויש אַריינגעדרונגען מיר אין בלוט: איך האָב שוין מיך אַליין נישט געפילט, איך האָב נישט געוווּסט, צי דאָס אָטעמען קומט פון מיין אייגענער ברוסט אָדער פונם ווייטן, קלאַפּנדיקן האַרץ פון דער שיף. איך בין געוואָרן צע־רינען, צעגאַנגען אינם דאָזיקן אומרויִקן גערויש פון דער בייַ־נאַכטיקער וועלט.

*

אַ שטיל, טרוקן הוסטן האַרט נעבן מיר האָט מיך גע־מאַכט אויפציטערן. איך האָב דערשראָקן זיך אויפגעכאַפּט פון מיין כמעט שוין פאַרזונקענעם דרימל. מיינע אויגן, פאַרבלענדטע פון דעם ווייסן ליכט איבער די ביז איצט פאַרמאַכטע אויגן־הייטלעך, האָבן זיך געעפנט: נאָענט קייגנאיבער מיר אין שאָטן פון דער באָרט־וואַנט האָט עפּעס געגלאַנצט, ווי דער אָפּשיין פון ברילן און באַלד האָט אויפגעגליט אַ דיקער, רונדער פונק, דאָס פייער פון אַ לולקע. בעת איך האָב מיך דאָ אַנידערגע־זעצט, אַראָפּקוקנדיק בלויז אויף דעם שוימענדיקן שיף־שפּיץ און אַרויף צום דרום־קרייץ, האָב איך מסתּמא נישט באַמערקט דעם דאָזיקן שכן, ־ וועלכער האָט דאָ אוודאי געמוזט זיצן די גאַנצע צייט. נישט ווילנדיק, מיט אַ נאָך נישט אינגאַנצן קלאָרן מח, האָב איך אַרויסגעזאָגט אויף דייטש: „זייט מיר מוחל!" „אָ, ביטע"... האָט אָפּגעענטפערט אויף דייטש די שטים פון דער פינסטער אַרויס.

איך קאָן נישט דערקלערן ווי משונהדיק און שרעקלעך דאָס איז געווען, דאָס דאָזיקע שטומע צוזאַמענזיצן אין דער פינסטער, נאָענט נעבן איינעם, וועלכן מען זעט נישט. נישט ווילנדיק האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז דער דאָזיקער מענטש גלאָצט אויף מיר, פּונקט ווי איך אויף אים: אָבער דאָס ליכט איבער אונז, דאָס ווייסע, פינקלענדיקע, פלייצנדיקע ליכט, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז קיינער האָט ביים אַנדערן נישט געקאָנט מער זען, ווי די קערפּער־ליניעס אין שאָטן. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט

צו הערן בלויז דעם אָטעם און דאָס פּייכטע זויגן פון דער לופט.

דאָס שווייגן איז געווען אומדערטרעגלעך. אַמליבסטן וואָלט מיר געווען אַוועקצוגיין. נאָר דאָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן פּאַר צו גראָב, צו פּלוצלינג. פון פאַרלעגנהייט האָב איך כּיר אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס. דאָס שוועבעלע האָט מיט געוויש אויפגעפלאַקערט, אַ סעקונדע-לאַנג האָט אַ ליכט-פלעמל געציטערט אין דעם ענגן חלל. איך האָב דערזעען הינטער די ברילן-גלעזער אַ פרעמד פּנים, וואָס איך האָב פריער קיינמאָל נישט געזען אויפן דעק, ביי קיין מאָלצייט, אין קיין שום קאָרידאָר. און צי איז דאָס געווען צוליב דעם פלאַם, צו וועלכן די אויגן זענען נישט געווען צוגעוווינט, אָדער דאָס איז געווען אַ האַלוצינאַציע: דאָס פּנים האָט אויסגעזען מוראדיק אויסגעקרומט, פינסטער און געשפּענסטערדיק. אָבער נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט צו באַטראַכטן גענויערע פּרטים, האָט די פינסטערניש ווידער פאַרשלונגען די אויף אַ קליינע ווײַלע באַלויכטענע ליניעס. איך האָב בלויז געזען די שטריכן פון אַ געשטאַלט, טונקל אין דער פינסטערניש איינגעפּרעסט און פון צייט צו צייט דעם קײַלעכדיקן רויטן פייערינג פון דער לולקע אינם ליידיקן חלל. קיינער האָט נישט גערעדט און דאָס דאָזיקע שווייגן איז געווען שווער און דריקנדיק ווי די טראָפּישע לופט.

ענדלעך האָב איך שוין נישט געקאָנט מער אַריבערטראָגן. איך בין אויפגעשטאַנען און העפלעך געזאָגט „אַ גוטע נאַכט".

„אַ גוטע נאַכט", האָט פון דער פינסטערניש אַרויס געענטפערט אַ הייזעריקע, האַרטע, געבראָכענע שטים.

איך האָב מיך געלאָזט גיין פאָרויס. פאַרביי דעם הויפּט-באַלקן, מיט מי דורכשלאָגנדיק זיך דורך די שטריק-בענדער. מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט הינטער מיר האַסטיקע און אומזיכערע טריט. דאָס איז געווען דער פריערדיקער שכן. איך בין נישט ווילנדיק שטיין געבליבן. ער איז צוגעקומען נישט

גאָר נאָענט; אין דער פינסטער האָב איך אין דעם אופן פון זיין גיין דערפילט עפּעס אַ מין מורא און אַ געדריקטקייט.

„אַנטשולדיקט מיר", האָט ער האַסטיק אַ זאָג געטון, „וואָס איך ווענד מיך צו אייך מיט א בקשה. איך... איך..." — ער האָט זיך פאַרהאַקט און נישט געקאָנט ווייטער רעדן פאַר פאַרלעגנהייט — „איך... איך האָב פּריוואַטע... גאַנץ פּריוואַטע טעמים, זיך דאָ צו האַלטן צוריקגעצויגן... אַ טרויעריקער צופאַל... איך מייד אויס די געזעלשאַפט אויף דער שיף... איך מיין נישט אייך... ניין, ניין... איך וואָלט נאָר געבעטן... איך וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין, אויב איר וועט קיינעם נישט דער־ציילן, אַז איר האָט מיך דאָ געזעען... עס זענען דערביי... אַזוי צו זאָגן פּריוואַטע טעמים, וואָס שטערן מיר צו קומען צווישן מענטשן... יאָ... אַלזאָ... ס'וואָלט פאַר מיר געווען זייער פּיינלעך, אויב איר זאָלט זיך אַרויסכאַפּן, אַז ביינאַכט איז דאָ עמע־צער... אַז איך"... דאָס וואָרט איז אים ווידער געבליבן שטעקן. איך האָב געשווינד באַזייטיקט זיין צעטומלטקייט, פאַרזיכערנ־דיק אים, אַז איך וועל זיין ווונטש דערפילן. מיר האָבן זיך ביידע דערלאַנגט די הענט, דערנאָך בין איך צוריק אַריין אין מיין קאַבינע און בין איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן, משונהדיק פאַרפלאָנטערטן און פון חלומות צעטומלטן שלאָף.

*

**א**יך האָב געהאַלטן מיין צוזאָג און קיינעם אויפן שיף נישט דערציילט פון דער מאָדנער באַגעגעניש, הגם דאָס איז גע־ווען נישט קיין לייכטער נסיון. ווארום בעת אַ ים-נסיעה ווערט די קלענסטע זאַך פאַרוואַנדלט אין אַ געשעעניש; אַ זעגל אויפן האָריזאָנט, אַ דעלפין, וואָס שפּרינגט אויף פון וואַסער, אַ ניי־אַנטדעקטער פלירט, אַ דורכלויפיקער שפּאַס. דערביי האָט מיך געמאַטערט די נייגעריקייט, מער זיך צו דערוויסן וועגן דעם דאָזיקן אומגעוויינלעכן פּאַסאַזשיר: איך האָב דורכגעפאָרשט די שיפס-ליסטע און געזוכט אַ נאָמען, וואָס קאָן אים געהערן, איך

האָב באַטראַכט די מענטשן און געוואָלט אויסגעפינען, וועלכע ס'קאָנען האָבן עפּעס אַ שייכות מיט אים: דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען באַהערשט פון אַ נערוועזער אומגעדולד, און איך האָב אייגנטלעך נאָר געוואַרט אויפן אָוונט, אין דער האָפענונג, אַז איך וועל אים אפשר ווידער באַגעגענען. רעטזעלהאַפטיקע פּסיכאָלאָגישע זאַכן האָבן אויף מיר פּשוט אַ באַאומרויקנדיקע מאַכט, עס רייצט מיך ביז אינם בלוט, אויסצוגעפינען דעם צו־זאַמענהאַנג צווישן זאַכן: אויסטערלישע מענטשן קאָנען בלויז מיט זייער געגנוואַרט אָנצינדן אין מיר אַ ליידנשאַפט, צו וועלן זיי דערקענען, אַ באַגער, וועלכער איז נישט קיין סך קלענער פאַר דעם ליידנשאַפטלעכן באַגער צו באַזיצן אַ פרוי. דער טאָג האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו לאַנג און איז מיט גאָרנישט צע־רונען געוואָרן צווישן די פינגער. איך האָב מיך פרי געלייגט אין בעט אַריין: איך האָב געוווסט, אַז איך וועל אַרום האַלבער נאַכט אויפשטיין, עס וועט מיך נישט לאָזן פאַרשלאָפן.

און ווירקלעך: איך בין אויפגעקומען פון שלאָף אין דער זעלבער שעה, וואָס נעכטן. אויף דעם ראַדיום-ציפערבלאַט פונם זייגער האָבן די ווייזערס צוגעדעקט איינער דעם אַנדערן אין איין ליכטנדיקן שטריך. איך בין האַסטיק אַרויס פון דער שטיקנדיקער קאַבינע אין דער נאָך מער שטיקנדיקער נאַכט אַריין.

די שטערן האָבן געשטראַלט אַזוי ווי נעכטן און געוואָרפן אַ פונאַנדערגעשפרייט ליכט איבער דער ציטערנדיקער שיף, הויך אויבן האָט געפלאַמט דער דרום-קרייץ. אַלץ איז געווען אַזוי ווי נעכטן — אין די טראָפּישע געגנטן זענען די טעג, די נעכט מער צווילינגס מעסיק, ווי אין אונזערע קאַנטן — נאָר אין מיר איז שוין נישט געווען די ווייכע, פלייצנדיקע, טרוי־מערישע פאַרוויגטקייט ווי נעכטן. מיך האָט עפּעס געצויגן, צעטומלט, און איך האָב געוווסט, וווהין מיך ציט: אַהין צו די שוואַרצע שרויפן ביים הויפט-באַלקן, צו זען, אויב דער טודותפולער מאַן זיצט דאָרט ווידער אַ פאַרשטאַרטער. פון אויבן האָט זיך דערטראָגן אַ קלינגען פונם שיפס-גלאָק. דאָס האָט מיך אַ שטויס געטון פאָרויס. טריט ביי טריט, נישט גערן און דאָך געצויגן

פון עפעס, בין איך געגאַנגען פּאָרויס. איך בין נאָך נישט גע־האַט דערגאַנגען צום שטעווען, האָב איך דערזען פון דאָרט פלוצלינג עפּעס אויפפלאַמען ווי אַ רויט אויג: די לולקע. ער איז דאָרט הייסט עס ווידער געזעסן.

נישט ווילנדיק בין איך דערשראָקן אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק און בין שטיין געבליבן. אין אַ רגע אַרום וואָלט איך מיך ווידער געלאָזט גיין. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך דאָרט עפּעס אַ ריר־געטון אין דער פינסטערניש. ס'איז עפּעס אויפגעשטאַנען, גע־מאַכט צוויי טריט און איך האָב פלוצלינג דערהערט נאָענט נעבן מיר זיין שטים, העפלעך און פאַרשטיקט.

„אַנטשולדיקט מיר", האָט ער געזאָגט, „איר ווילט מסתמא ווידער גיין אויף אייער פּלאַץ און איך האָב דאָס געפיל, אַז איר האָט זיך צוריקגעצויגן, ווען איר האָט מיך דערזען. איך בעט אייך, זעצט אייך דאָרט אַנידער, איך גיי שוין אַוועק".

איך פון מיין זייט האָב מיך געאיילט אים צו זאָגן, אַז ער קאָן בלייבן, אַז איך האָב זיך צוריקגעצויגן נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב אים נישט געוואָלט שטערן. „מיר וועט איר נישט שטערן", האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ מין ביטערקייט, „פאַרקערט, איך בין צופרידן, וואָס איך וועל כאָטש איין מאל נישט זיין אַליין. שוין צען טאָג, אַז איך האָב קיין וואָרט נישט גערעדט מיט קיינעם... אייגנטלעך שוין גאַנצע יאָרן... און דאָס איז אַזוי שווער, אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל מען הויבט זיך שוין אָן צו שטיקן דערמיט, וואָס מען דריקט אַלץ אין זיך. אין קאָן שוין נישט איינזיצן אין דער קאַבינע, אינם דאָזיקן... דאָזיקן קבר... איך קאָן שוין נישט... און די מענטשן ווידער קאָן איך נישט פאַרטראָגן, ווייל זיי האַלטן אַ גאַנצן טאָג אין איין לאַכן... איך קאָן דאָס אַצינד נישט פאַרטראָגן... זייער געלעכטער דרינגט אַריין צו מיר ביז אין דער קאַבינע און איך פאַרשטאָפּ מיר די אויערן... אייגנטלעך, איר ווייסט נישט, אַז... נו, איר ווייסט עס טאַקע נישט, איבעריקנס, וואָס גייט עס דען אָן פרעמדע"...

ער האָט ווידער אָפּגעהאַקט. און אין אַ ווײַלע אַרום

האָט ער פלוצלינג און האַסטיק אַ זאָג געטון: „אָבער איך וויל אייך נישט באַלעסטיקן... אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין פלוי־דעריי".

ער האָט זיך פאַרנייגט און געוואָלט אַוועקגיין. נאָר איך האָב אים מיט אַלע כחות אָפּגעהאַלטן דערפון. „איר שטערט מיר אַבסאָלוט נישט. אויך איך וואָלט געווען זייער צופרידן, ווען איך זאָל דאָ קענען אויסרעדן מיט עמעצן עטלעכע ווערטער. איר ווילט אפשר נעמען אַ פּאַפּיראָס?"

ער האָט גענומען. איך האָב אים דערלאַנגט פייער. דאָס באַלויכטענע פּנים האָט זיך ווידער אַ ריס געטון פון דער שוואַרצער וואַנט, נאָר אַצינד איז עס געווען אינגאַנצן צו מיר געווענדעט: די אויגן הינטער די ברילן האָבן געפאָרשט מיין פּנים, גיריק און מיט אַ וואַנזיניקער קראַפט. אַ גרויל איז מיר דורכגעלאָפן. איך האָב געשפּירט, אַז דער דאָזיקער מענטש וויל רעדן, מוז רעדן, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך מוז שווייגן, כדי אים צו העלפן.

מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט. ער האָט דאָרט געהאַט נאָך אַ שטול און האָט זי מיר פאָרגעלייגט. אונזערע פּאַפּיראָסן האָבן געפינקלט, און לויטן אופן, ווי דער ליכט־קרייז פון זיין פּאַפּיראָס האָט געפלאַטערט, האָב איך מיך משער געווען, אַז זיין האַנט ציטערט. אָבער איך האָב געשוויגן און ער האָט געשוויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און שטיל אַ פרעג געטון:

„זענט איר מיד?"

„ניין, אַבסאָלוט נישט".

די שטים אין דער פינסטער האָט זיך ווידער געקווייקלט. „איך וואָלט אייך גערן געוואָלט עפּעס פרעגן... דאָס הייסט איך וואָלט אייך געוואָלט עפּעס דערציילן. איך ווייס, איך ווייס גאַנץ גוט, ווי אומזיניק עס איז, זיך צו ווענדן צום ערשטן בעסטן, וואָס איך האָב געטראָפן, אָבער... איך בין... איך געפין מיך אין אַ מוראדיקן פּסיכישן צושטאַנד. כ'געפין מיך ביי אַזאַ פונקט, אַז איך מוז אומבאַדינגט מיט עמעצן רעדן... אַנ־

דערש וועל איך צו גרונט גיין... איר וועט דאָס שוין פאַר־שטיין, אַז איך... יאָ, אַז איך וועל אייך דערציילן... איך ווייס, אַז איר וועט מיר נישט קענען העלפן... אָבער איך בין עפּעס ווי קראַנק פון דעם דאָזיקן שווייגן... און אַ קראַנקער זעט תּמיד אויס לעכערלעך אין די אויגן פון אַנדערע"...

איך האָב אים איבערגעריסן און געבעטן, ער זאָל זיך נישט מאַטערן. ער מעג מיר דערציילן. איך קאָן אים, פאַר־שטייט זיך, גאָרנישט צוזאָגן, אָבער עס איז דאָך אַ חוב פאָר־צולייגן הילף. ווען מען זעט עמעצן אין אַ נויט, ליגט דאָך־פאַרשטייט זיך, אַ חוב צו העלפן...

„דער חוב... פאָרצולייגן די גרייטקייט צו דינען... דער חוב, צו פּרוּוון... אַלזאָ, אויך איר מיינט, אויך איר, אַז עס איז אַ חוב... אַ חוב, פאָרצולייגן די גרייטקייט צו דינען".

דריי מאָל האָט ער איבערגעחזרט דעם זאַץ. מיך האָט געגרוילט פון דעם דאָזיקן טעמפּן, פאַרביסענעם אופן פון אי־בערחזרן. איז דער דאָזיקער מענטש משוגע? איז ער שכּור?

אָבער פונקט ווי איך זאָל געווען האָבן אַרויסגעזאָגט דעם דאָזיקן חשד מיט מיינע ליפּן אויפן קול, האָט ער פּלוצ־לינג מיט אַ גאַנץ אַנדערער שטים אַ זאָג געטון: „איר וועט מיך אפשר האַלטן פאַר משוגע אָדער פאַר שכּור. ניין, דאָס בין איך נישט — נאָך נישט. נאָר דאָס וואָרט, וואָס איר האָט אַרויסגעזאָגט, האָט מיך אַזוי מערקווירדיק באַרירט... אַזוי מערקווירדיק, ווייל עס איז גראָד דאָס, וואָס מיך פּייניקט איצט, נעמלעך, אויב עס ליגט טאַקע דער חוב... דער חוב"...

ער האָט ווידער אָנגעהויבן זיך פּלאָנטערן. דערנאָך האָט ער קורץ אָפּגעהאַקט און באַלד ווידער אָנגעהויבן מיט נייעם אימפּעט.

„איך בין אַ דאָקטאָר־מעדיצין. און ביי דער פּראַקטיק טרעפן זיך אָפטמאָל אַזעלכע פאַלן, אַזעלכע פאַטאַלע... יאָ, לאָ־מיר זאָגן, אויסערסטע פאַלן, ווען מען ווייסט נישט, אויב ס'ליגט טאַקע אַ חוב... אייגנטלעך איז פאַראַן נישט בלויז איין חוב, דער חוב לגבּי דעם אַנדערן, נאָר איינער לגבּי זיך אַליין,

איינער לגבי דער מלוכה און איינער לגבי דער וויסנשאַפט...
מען דאַרף העלפן, פאַרשטייט זיך, דאָס איז דאָך די אייגנט-
לעכע אויפגאַבע... אָבער אַזעלכע כּללים זענען אויסגעהאַלטן
בלויז טעאָרעטיש... ווי ווייט דאַרף מען אייגנטלעך העלפן?...
אָט למשל איר, איר זענט פאַר מיר פרעמד און איך בין פאַר
אייך פרעמד, און איך בעט אייך, איר זאָלט פאַרשווייגן, אַז
איר האָט מיך געזעען... גוט, איר פאַרשווייגט, איר דערפילט
דעם דאָזיקן חוב... איך בעט אייך, מיט מיר צו שמועסן, ווייל
איך קום אום פון מיין שווייגן... זענט איר גרייט מיך אויס-
צוהערן... גוט... אָבער דאָס איז אייגנטלעך אַ לייכטע זאַך...
ווען איך זאָל אָבער אייך בעטן, איר זאָלט מיך אָנכאַפּן און
אַ שליידער טון איבערן באַרט... דעמאָלט וועט דאָך נעמען
אַ סוף צו דער געפעליקייט, צו דער הילפס-גרייטקייט. ערגעץ-
ווו ענדיקט זיך עס דאָך... דאָרט ווו עס הויבט זיך אָן מיט
דעם אייגענעם לעבן, מיט דער אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכ-
קייט... ערגעץ-ווו מוז עס זיך דאָך ענדיקן... ערגעץ-ווו מוז
דאָך דער דאָזיקער חוב אויפהערן... אָדער אפשר זאָל ער גראָד
ביים דאָקטאָר נישט טאָרן אויפהערן? מוז טאַקע דער דאָקטאָר
זיין אַ דערלייזער, אַ וועלט-העלפער בלויז דערפאַר, ווייל ער
האָט אַ דיפּלאָם, וואָס איז מיט לאַטיינישע ווערטער געשריבן,
מוז ערווירקלעך זיין לעבן אַוועקוואַרפן און זיך אָנגיסן וואַ-
סער אין בלוט, אויב איינע... אויב איינער קומט און פאַרלאַנגט
פון אים, ער זאָל זיין איידל, בייהילפיק און גוט? יאָ, ערגעץ-
ווו הערט דאָך דער חוב אויף... דאָרט, ווו מען קאָן שוין
נישט, גראָד דאָרט"...

ער איז ווידער שטיל געבליבן און איז אויפגעשפּרונגען.

„אַנטשולדיקט... איך רעד אַזוי היציק... אָבער איך בין
נישט שכּור... נאָך נישט שכּור... אויך דאָס טרעפט איצט ביי
מיר גאַנץ אָפט — איך בין זיך דערין רויק מודה פאַר
אייך — אין דער דאָזיקער גיהנומדיקער איינזאַמקייט. נעמט אין
אַכט, אַז איך האָב זיבן יאָר געלעבט דאָרט כּמעט בלויז צווישן
די איינגעבוירענע און חיות... מען פאַרגעסט דאַן דאָס רויקע

רעדן. ווען מען רייסט זיך דערנאָך אַרויס, צעשטראָמט עס זיך באַלד... אָבער וואַרט... יאָ, איך ווייס שוין... איך האָב אייך געוואָלט פרעגן, איך האָב אייך געוואָלט ברענגען אַזאַ פאַל, אויב מען האָט אויף זיך דעם חוב צו העלפן... אַזוי גאַנץ אומשולדיק־ריין צו העלפן, אויב מען... איבעריקנס, איך האָב מורא, אַז ס'וועט צו לאַנג דויערן. זענט איר ווירקלעך נישט מיד?"

„ניין, אַבסאָלוט נישט".

„איך... איך דאַנק אייך... איר וועט אפשר נעמען?"

ער האָט אָנגעהויבן צו טאַפּן אין דער פינסטער ערגעץ הינטער זיך. עפּעס האָט אַ קלונג געטון אָן אַנאַנדער, צוויי, דריי, יעדנפאַלס עטלעכע פלאַשן, וועלכע ער האָט אַוועקגע־שטעלט נעבן זיך. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ גלאָז וויסקי. פון וועלכן איך האָב אַ קליינעם זופּ געטון, אין דער צייט, וואָס ער האָט זיינעם אויסגעטרונקען מיט איין זופּ. איין אויגנבליק האָט געהערשט צווישן אונז שטילשווייגן. דאַן האָט דער גלאָק אויסגעשלאָגן: האַלב איינס.

*

„אַלזאָ... איך וויל אייך ווענגן אַ פאַל דערציילן. נעמט אָן, אַ דאָקטאָר אין אַ... אין אַ קליינער שטאָט... אָדער אייגנטלעך אויפן ישוב... אַ דאָקטאָר, וועלכער... אַ דאָקטאָר, וואָס"...

ער איז ווידער שטיין געבליבן. דאַן האָט ער פּלוצלינג אַ רוק געטון זיין שטול נענטער צו מיר.

„אַזוי גייט עס נישט. איך מוז אייך אויף גענוי דערציילן פון אָנהויב אָן. אַנדערש וועט איר עס נישט פאַרשטיין... אין פאָרם פון ביישפּיל, אַלס טעאָריע, לאָזט זיך דאָס נישט דער־קלערן... איך מוז אייך מיין פאַל דערציילן, דאָ העלפט נישט קיין בושה, קיין באַהאַלטן זיך... פאַר מיר טוען זיך אויך אויס די מענטשן נאַקעט און ווייזן מיר זייערע קרעץ, זייער אורין און זייער מיסט... אַז מען וויל געהאָלפן ווערן, טאָר מען נישט

רעדן פאַרשטעלט און קיין זאַך פאַרשווייגן... אַלזאָ איך וועל נישט דערציילן קיין פאַל פון אַ לעגענדאַרישן דאָקטאָר... איך טו מיך אויס נאַקעט און זאָג: איך... די בושה האָב איך פאַר־געסן אין דער דאָזיקער מיאוסער איינזאַמקייט, אינם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם לאַנד, וואָס קאָן אַ מענטשן די נשמה אויפפרעסן און דעם מאַרך פון די ביינער אויסזויגן".

איך האָב מסתמא געמוזט מאַכן עפּעס אַ באַוועגונג, וואָרום ער האָט זיך איבערגעריסן די רייד.

„אַך, איר פּראָטעסטירט... איך פאַרשטיי, איר זענט באַגייסטערט פון אינדיען, פון די טעמפּלען און די פּאַלמען־בוימער, פון דער גאַנצער ראָמאַנטיק פון אַ צוויי־חדשימדיקער רייזע. יאָ, זיי זענען צויבערהאַפט, די טראָפּישע לענדער, נאָר דאַך, ווען מען וואַנדערט איבער זיי אַדורך זיצנדיק אין דער אייזנבאַן, אין אויטאָ, אָדער אין ריקשאַ. איך האָב אויך אַזוי געפילט, ווי איר, בעת איך בין מיט זיבן יאָר צוריק אַהין געקומען. וואָס פאַר א חלומות האָב איך דען נישט געהאַט דעמאָלט, איך האָב די שפּראַכן געוואָלט לערנען און די קראַנקהייטן שטודירן, וויסנשאַפטלעך ארבעטן, אויספאָרשן די נשמה פון די איינגעבוירענע — אַזוי הייסט עס דאָך אין אַייראָפּעאישן זשאַרגאָן — איך האָב געוואָלט ווערן אַ מיסיאָנער פון דער מענטשלעכקייט, פון דער ציוויליזאַציע, אַלע, וואָס קומען אַהין, חלומען דעם זעלבן חלום. אָבער אַז מען געפינט זיך שוין דאָרט, פאַרלירט מען די כוחות. דער פיבער — מען באַקומט אים דאָך, וויפיל כינין מ'זאָל נישט אַריינפרעסן אין זיך — נעמט אַרויס ביים מענטשן דעם מאַרך. מען ווערט אָפּגעלאָזן און פויל, מען ווערט ווייך ווי אַ ים־חזיר. מען פילט זיך עפּעס אויף אַ געוויסן אופן אַלס אייראָפּעער אָפּגעשניטן פון אמתן שורש, ווען מען קומט פון די גרויסע שטעט אין אַזאַ פאַרשאָלטן זומפּיק אָרט: אויף אַ קורצער אָדער לענגערער צייט פאַרלירט יעדער זיין געוויינלעכן לעבנסשטייגער, טייל זויפן, אַנדערע ווידער רויכערן אָפּיום, די דריטע שלאָגן און ווערן פאַרוואַנדלט אין חיות — יעדער איינער

מוז באַקומען עפּעס אַ מין אָנשיקעניש. מען בענקט נאָך אײַי־ראָפּע, מען חלומט ווידער אַמאָל צו גיין אויף אַ גאַס, צו זיצן אין אַ ליכטיקן פון שטיין־געמויערטן צימער צווישן ווייסע מענטשן. יאָר־איין יאָר־אויס חלומט מען דערפון, און אַז ס׳קומט די צייט, ווען מען קריגט אורלויב, איז מען שוין צו פויל אוועקצופאָרן. מען ווייסט, אַז דאָרט, אין דער אַלטער היים, איז מען שוין פאַרגעסן, פרעמד, אַ מושעל אינם דאָזיקן ים, אויף וועלכן יעדער טרעט. בלייבט מען ווייטער זיצן און מען פאַרזינקט און מען גייט צו אָפּגרונט אין די דאָזיקע הייסע, נאַסע וועלדער. אַ פאַרשאָלטענער טאָג איז עס געווען, אין וועלכן איך האָב מיך פאַרקויפט אין דער דאָזיקער שמוציקער נעסט...

איבריקנס: אינגאַנצן פרייוויליק איז עס נישט געשען. איך האָב שטודירט אין דייטשלאַנד, בין געוואָרן אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַ גוטער דאָקטאָר אפילו און באַקומען אַ פּאָסטן אין דער לייפּציקער קליניק; אין עפּעס אַ גאָר אַלטן יאָרגאַנג פון די מעדיצינישע בלעטער האָט מען צו יענער צייט אויפגעהויבן אַ גאַנצן רעש וועגן אַ נייער איינשפּריצונג, מיט וועלכער איך האָב דער ערשטער פּראַקטיצירט. דאַן איז אונטערגעקומען אַ געשיכטע מיט אַ פרוי, א פערזאָן, מיט וועלכער איך האָב מיך באַקאָנט אין קראַנקן־הויז: זי האָט איר געליבטן אַזוי משוגע געמאַכט, אַז ער האָט צו איר געשאָסן פון אַ רעוואָלווער, און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, בין איך אויך געוואָרן אַזוי משוגע ווי ער. זי האָט געהאַט אַ טבע זיך צו האַלטן שטאָלץ און קאַלט, וואָס דאָס האָט מיך געמאַכט ווילד — הערשערישע און פרעכע פרויען האָבן מיך תמיד פעסט געהאַלטן אין זייערע הענט, נאָר די דאָזיקע האָט מיך שוין גאָר געבויגן, אַזוי אַז די פיס האָבן זיך אונטער מיר געבראָכן. איך האָב געטון, וואָס זי האָט געוואָלט, איך — נו, פאַרוואָס זאָל איך דאָס נישט זאָגן, ס׳זענען שוין אַכט יאָר פאַרביי — איך האָב צוליב איר גע־רירט די שפּיטאָל־קאַסע, און אַז די זאַך איז ארויסגעקומען, איז געוואָרן אַ גאַנצע מהומה. אַ פעטער מיינער האָט באַצאָלט דעם שאָדן, אָבער צו דער קאַריערע איז געווען אַ סוף. דע־

מאָלט האָב איך גראָד געהערט, אַז די האָלענדישע רעגירונג
ווערבירט דאָקטוירים פאַר די קאָלאָניעס און לייגט פאָר האַנט-
געלט. איך האָב מיר אַפילו באַלד געטראַכט, אַז עס מוז נישט
זיין אַזאַ גוטער ענין, וויבאַלד מען לייגט פאָר האַנטגעלט,
איך האָב געוווּסט, אַז די קברים-קרייצן אויף די דאָזיקע פיבער-
פּלאַנטאַציעס וואַקסן דריי מאָל אַזוי גיך ווי ביי אונז, אָבער,
ווען מ'איז יונג, דאַכט זיך, אַז דאָס פיבער און דער טויט
קלעבט זיך נאָר צו אַנדערע. איבריקנס, איך האָב נישט גע=
האַט קיין ברירה. איך בין געפאָרן קיין ראָטערדאַם, האָב מיך
פאַרשריבן אויף צען יאָר און באַקומען א היפּש פּעקל באַנק-
נאָטן. אַ העלפט דערפון האָב איך אַוועקגעשיקט אַהיים צום
פעטער, די אַנדערע העלפט האָט ביי מיר אַרויסגעקריגן עפּעס
איינע פון דאָרטיקן האַפן=קוואַרטאַל, וועלכע איז בכח געווען
פון מיר אַלץ אַרויסצוציען נאָר דערפאַר, ווייל זי איז ענלעך
געווען צו יענער פאַרשאָלטענער קאַץ.

אָן געלט, אָן דעם זייגער, אָן אילוזיעס בין איך דאַן
אָפּגעשווּמען פון אייראָפּע און בין גאָרנישט געווען באַזונדערס
טרויעריק, בעת מיר האָבן פאַרלאָזט דעם האַפן. און דערנאָך
בין איך אַזוי געזעסן אויפן דעק, ווי איר, ווי אַלע און האָב
געקוקט אויפן דרום-קרייץ און אויף די פּאַלמען. דאָס האַרץ
איז מיר ברייט געוואָרן — אָ, וועלדער, איינזאַמקייט, מנוחה,
האָב איך געטרוימט! — נו — איינזאַמקייט האָב איך שוין
גראָד באַקומען גענוג. מען האָט מיך נישט באַשטימט קיין
באַטאַוויאַ אָדער סוראַבייאַ, אין אַ שטאָט, ווּ ס'געפינען זיך
מענטשן און קלובן און גאָלף און ביכער און צייטונגען, נאָר —
נו, דער נאָמען איז דאָ נישט וויכטיק — אין עפּעס אַ קליי-
נער סטאַציע, צוויי טעג רייזע צו דער נאָענטסער שטאָט. עט-
עכ לאַנגווייליקע, אויסגעדאַרטע באַאַמטע, אַ ביסל איינוווי-
ער פון געמישטער ראַסע, דאָס איז געווען מיין גאַנצע גע-
זעלאַפט, און דאַן ווייט און ברייט האָט מען בלויז געזען
וואַלד, פּלאַנטאַציעס און זומפּן.

מתחילת איז עס נאָך געווען דערטרעגלעך. איך האָב

מיך פאַרנומען מיט כּלערליי שטודיען; איינמאָל, ווען דער וויצע־רעזידענט איז בעת אַן אינספּעקציע־רייזע אַרויסגעשליידערט געוואָרן פונם אויטאָ און זיך אַ פוס צעבראָכן, האָב איך אים אָן אַ געהילף געמאַכט אַן אָפּעראַציע, וועגן וועלכער ס׳איז דערנאָך זייער פיל גערעדט געוואָרן. איך האָב געזאַמלט גיפט און וואָפן פון די לאַנד־געבוירענע. איך האָב מיך באַשעפטיקט מיט הונדערטער קלייניקייטן, כּדי מיין ענערגיע צו דערהאַלטן. אָבער דאָס אַלץ האָט געדויערט אַזוי לאַנג, כּל זמן עס האָט אין מיר נאָך פונקציאָנירט די קראַפט פון אייראָפּע: דערנאָך בין איך אויסגעוועפּט געוואָרן. די עטלעכע אייראָפּעער האָבן מיך געלאַנגווייליקט און איך האָב איבערגעריסן דעם פאַרקער מיט זיי. איך האָב געטרונקען און געטרוימט אין איינזאַמקייט. איך האָב דאָך געהאַט דאָרט צו זיין שוין נישט מער ווי צוויי יאָר, דערנאָך ווער איך פריי און באַקום אַ פּענסיע. איך וועל קענען צוריקקערן קיין אייראָפּע און נאָכאַמאָל אָנהויבן אַ ניי לעבן. אייגנטלעך האָב איך שוין קיין זאַך נישט געטון, נאָר געוואַרט, שטיל געלעגן און געוואַרט. און איך וואָלט נאָך ביזן היינטיקן טאָג דאָרט געזעסן, ווען נישט זי... ווען דאָס וואַלט נישט געשען".

*

די שטים אין דער פינסטערניש איז שטיל געבליבן. אויך די לולקע האָט שוין נישט געפונקלט. עס איז אַזוי שטיל געוואָרן, אַז איך האָב מיטאַמאָל ווידער געהערט, ווי דאָס וואַסער שלאָגט זיך שוימענדיק אָפּ אָן דעם הויפּט־באַלקן פון שיף, און דאָס ווייטע, פאַרטויבטע האַרץ־קלאַפּן פון דער מאַשין. איך וואָלט זייער גערן געוועט פאַררויכערט אַ ציגאַרעט, אָבער איך האָב מיך געשראָקן פאַר דעם פּלוצלינגען אויסשיסן פונם צינד־העלצל און פאַר דעם אָפּשיין אין זיין פּנים. ער האָט געשוויגן און געשוויגן. איך האָב נישט געוווּסט, צי ער האָט שוין געענדיקט, צי ער דרימלט, אָדער שלאָפט, אַזוי טויט איז געווען זיין שווייגן.

דאַן האָט דער שיפּס־גלאָק אויסגעשלאָגן אַ גלייכן, שטאַרקן קלאַפּ: איינס אַ זייגער. ער איז אויפגעשפּרונגען: איך האָב ווידער דערהערט דאָס גלאָז קלינגען. די האַנט וואַר־שיינלעך טאַפּט דאָרט ווידער אין דער פינסטער, זוכנדיק דעם וויסקי. ס׳האָט זיך דערהערט אַ שטילער שלוק און דערנאָך האָט די שטים פלוצלינג ווידער אָנגעהויבן, נאָר איצט שוין געשפּאַנטער, ליידנשאַפטלעכער.

„אַלזאָ, יאָ... וואַרט... אַלזאָ, דאָס איז אַזוי געווען... איך זיץ מיר אַזוי דאָרטן אין מיין פאַרשאָלטענער נעסט, איך זיץ, ווי די שפּין אין נעץ אומבאַוועגלעך שוין חדשים לאַנג. דאָס איז געווען גראָד נאָך דער רעגנצייט. גאַנצע וואָכן לאַנג האָט אויפן דאַך געפּליוסקעט דער רעגן. ס׳איז נישט געקומען קיין שום מענטש, קיין אייראָפּעער, טאָג נאָך טאָג בין איך אַזוי אָפּגעזעסן אין הויז מיט מיינע געלע ווייבער און גוטן וויסקי. ס׳האָט דעמאָלט געהאַלטן מיט מיר גאָר שמאָל, איך בין גע־ווען אייראָפּע־קראַנק: אַז איך פלעג לייענען אין אַ וועלכן ס׳איז ראָמאַן וועגן ליכטיקע גאַסן און ווייסע פרויען, האָבן ביי מיר די פינגער אָנגעהויבן צו ציטערן. איך קאָן אייך נישט גענוי שילדערן דעם דאָזיקן צושטאַנד, ס׳איז אַ מין טראָפּישע קראַנקהייט. אַ ברויזנדיקע, פיבערהאַפטיקע און צו גלייכער צייט אָנמעכטיקע היימאַט־בענקשאַפט, וועלכע באַפאַלט אַמאָל איינעם. בין איך מיר אַזוי איינמאָל געזעסן, דאַכט זיך איבער אַן אַטלאַס און האָב פאַנטאַזירט וועגן נסיעות. מיטאַ־מאָל הערט זיך אַ נערוועז קלאַפּן אין טיר. דער דינער שטייט אין דרויסן און איינע פון די ווייבער. ביידע האָבן זיי ברייט פונאַנדערגעריסענע אויגן פאַר דערשטוינונג. זיי מאַכן משונה־דיקע הועיות: אַ דאַמע איז געקומען, אַ ליידי, אַ ווייסע פרוי.

איך בין אויפגעשפּרונגען. איך האָב גאָרנישט געהערט דאָס אָנקומען פון אַ וואָגן, פון אַן אויטאָמאָביל. אַ ווייסע פרוי דאָ אין דאָזיקן מדבר?

איך וויל אַראָפּלויפן פון די טרעפּ, נאָר איך האַלט מיך צוריק, איך וואַרף אַ בליק אין שפּיגל, האַסטיק ברענג איך

מיך אַ ביסל אין אָרדנונג. איך בין נערוועז, אומרויק, עפּעס ווי געפּייניקט פון אַן אומאַנגענעם פאָרגעפיל, וואָרום איך קען נישט קיינעם אויף דער וועלט, וואָס זאָל צו מיר קומען אויס פריינטשאַפט. ענדלעך גיי איך אַראָפּ.

אין פאָרהויז וואַרט די דאַמע און קומט מיר האַסטיק אַנטקעגן. איר פּנים איז פאַרהילט מיט אַ געדיכטן שלייער. איך וויל זי באַגריסן, נאָר זי לאָזט מיך נישט קומען צום וואָרט. „גוטן טאָג, דאָקטאָר", זאָגט זי אויף ענגליש אויף אַ פליסיקן (אַ ביסל שוין צופיל פליסיקן און ווי פאָרויס אויס־געלערנטן) אופן. „אַנטשולדיקט, פאַר מיין אומגעריכטן וויזיט. מיר זענען גראָד געווען אויף דער סטאַציע, אונזער אויטאָ שטייט דאָרטן" — פאַרוואָס איז זי נישט צוגעפאָרן ביז צום הויז, איז מיר בליץ־שנעל דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — „האָב איך מיך דערמאָנט, אַז איר וווינט דאָ. איך האָב וועגן אייך זייער פיל געהערט, איר האָט מיט דעם וויצע־רעזידענט אַן אמת וווּנדער באַוויזן, זיין פוס איז ווידער פולקאָם אָלרייט, ער שפּילט אין גאָלף ווי פריער. אָ, יאָ, אַלע רעדן דערפון דאָרט אונטן ביי אונז, און מיר אַלע וואָלטן מוחל געווען אונזער אָנגעבלאָזענעם כירורג און אויך די אַנדערע צוויי, אויב איר זאָלט צו אונז קומען. איבערהויפּט, פאַרוואָס זעט מען אייך נישט קיינמאָל ביי אונז, איר לעבט דאָך פּונקט ווי אַ יאָגי"...

און אַזוי פּלוידערט זי ווייטער, וואָס אַמאָל אַלץ האַס־טיקער, נישט לאָזנדיק מיך קומען צום וואָרט. און אין איר תמעוואַטער פּלאַפּלעריי שטעקט עפּעס אַ נערוועזקייט און האַס־טיקייט, אַזוי אַז איך אַליין ווער דערפון אומרויק. פאַרוואָס שטעלט זי זיך נישט פאָר, פאַרוואָס נעמט זי נישט אַראָפּ דעם שלייער? האָט זי פיבער? איז זי קראַנק? איז זי משו־גע? איך ווער וואָס אַמאָל אַלץ נערוועזער, ווייל איך פיל די לעכערלעכקייט צו שטיין פאַר איר אַזוי אָן לשון, פאַרגאָסן פון איר אומאויפהערלעכער באַרעדעוודיקייט. ענדלעך איז ז׳ שטיל געבליבן אַ ווײַלע און איך האָב די מעגלעכקייט ז׳

אַרויפצוּבעטן. זי גיט דעם דינער אַ צייכן דורך אַ באַוועגונג, ער זאָל בלייבן און לאָזט זיך גיין אויף די טרעפּ מיר פּאַרויס.

„עס איז דאָ ביי אייך גאָר פיין“, זאָגט זי, אַרומקוקנ־דיק זיך אין מיין צימער. „אַ, וואָס פאַר אַ שיינע ביכער! איך וואָלט זיי אַלע געוואָלט לייענען!“ זי גייט־צו צום ביכער־שענקל און באַקוקט די טיטלען פון די ביכער. צום ערשטן מאָל, זינט איך בין איר אַנטקייגנגעגאַנגען, בלייבט זי שטיל אויף אַ מינוט.

„מעג איך אייך מכבד זיין מיט טיי?“ פרעג איך זי. זי דרייט זיך נישט אויס און קוקט נאָר כסדר אויף די ביכער־טיטלען. „ניין, אַ דאַנק. דאָקטאָר... מיר מוזן באַלד ווייטער פאָרן... איך האָב נישט קיין סך צייט... דאָס איז נאָר בלויז אַ קורצער אויספלוג... אָך, איר האָט דאָ אויך פלאָבערן, איך האָב אים אזוי ליב... וונדערלעך, זייער וונדערלעך, די „Education sentimentale“... איך זע, אַז איר לייענט אויך פראַנצויזיש... וואָס איר קענט אַלץ!... יאָ, די דייטשן, זיי לערנען דאָך אַלץ אין דער שול... ס'איז באמת גרויסאַרטיק, צו קענען אַזויפיל שפּראַכן!... דער וויצע־רעזידענט האַלט פון אייך, ער זאָגט שטענדיק, אז איר זענט דער איינציקער, וועמען ער וואָלט זיך אָפּגעגעבן אונ־טערן מעסער... מיט אונזער כירורג קאָן מען דאָך גאָרנישט מאַכן... איבריקנס, איר ווייסט — (זי דרייט זיך נאָך אַלץ נישט אויס) היינט איז מיר אַליין אויך איינגעפאַלן, אַז איך זאָל ביי אייך אַן עצה פרעגן... און אַזוי ווי מיר זענען גראָד פאַר־ביי געפאָרן, האָב איך מיר געטראַכט... נו, איר זענט אָבער איצט מסתמא באַשעפטיקט... איך וועל שוין ליבער קומען אַן אַנדער מאָל“.

„ווערסטו ענדלעך די קאָרטן אויפדעקן!“ האָב איך מיר באַלד אַ טראַכט געטון. אָבער איך האָב קיין זאַך נישט אַרויס־געוויזן און איר פאַרזיכערט, אַז ס'וועט זיין פאַר מיר אַ כבוד איר צו דינען, אַצינד און ווען זי וויל נאָר.

„עס איז נישט קיין שום ערנסטע זאַך“ האָט זי געזאָגט, האַלב אויסדרייענדיק זיך און גלייכצייטיק בלעטערנדיק אין אַ בוך, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון ביכער־שענקל. „קיין שום

ערנסטע זאַך... קליינינקייטן... ווייבערישע זאַכן... קאָפּ־שווינדל, אָנמאַכט. היינט אינדערפרי, בעת מיר האָבן זיך פאַרנומען מיטן אויטאָ אין אַ קרומער ליניע, בין איך פלוצלינג אַוועקגעפאַלן אינגאַנצן טויט. דער באַי האָט מיך געמוזט מינטערן אין אוי־טאָ און וואַסער ברענגען... נו, אפשר איז דער שאָפער צו גיך געפאָרן... ווי מיינט איר, דאָקטאָר?"

„איך קאָן מיך וועגן דעם אַזוי נישט אַרויסזאָגן. טרעפט מיט אייך אָפט אַזעלכע אָנמאַכט־פאַלן?"

„ניין... דאָס הייסט יאָ... אין דער לעצטער צייט... יאָ... אַזעלכע אָנמאַכט־פאַלן און אַן איבלקייט".

זי שטייט שוין ווידער ביי דער ביכער־שאַנק, שטעלט אַריין דאָס בוך, נעמט אַרויס אַן אַנדערס און בלעטערט דע־רין. מערקווירדיק, פאַרוואָס בלעטערט זי אַלץ אַזוי... אַזוי נערוועז, פאַרוואָס קוקט זי גאָרנישט אַרויס פון שלייער? איך האָב בכיון גאָרנישט געזאָגט. עס האָט מיך אָנגענומען אַ חשק, זי צו לאָזן וואַרטן. ענדלעך האָט זי ווידער אָנגעהויבן אויף איר נאַכלעסיקן, פלאַפלערישן אופן.

„נישט אמת, דאָקטאָר, ס'איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן? ס'איז נישט קיין טראָפּישע קראַנקהייט... נישט קיין געפערלע־כע זאַכן"...

„איך מוז צוערשט זען, אויב איר האָט פיבער. מעג איך בעטן אייער פולס?..."

איך מאַך אַ טריט צו איר. זי רוקט זיך לייכט אָפּ אָן אַ זייט.

„ניין, ניין, איך האָב נישט קיין פיבער... געוויס, גאַנץ געוויס נישט... איך האָב מיר אַליין די היץ געמאָסטן יעדן טאָג, זינט... זינט די דאָזיקע אָנמאַכט־פאַלן האָבן זיך באַוויזן. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין פיבער, שטענדיק 36.4 געצוי אויפן שטריך. אויך דער מאָגן מיינער איז געזונט".

איך האָב מיך געקווענקלט אַן אויגנבליק. שוין די גאַנ־צע צייט האָט געפּיקט אין מיר אַ חשד: איך האָב געשפּירט, אַז די דאָזיקע פרוי וויל עפּעס פון מיר, מען קומט נישט גלאַט

אזוי אין אַ פֿאַרוואָרפֿן אָרט, כּדי צו רעדן וועגן פּלאָנערן. איך האָב זי געלאָזט וואַרטן אַ מינוט, צוויי.

„אַנטשולדיקט", האָב איך דאַן אַנטשלאָסן אַ זאָג געטון, „מעג איך אייך גאַנץ פֿריי שטעלן עטלעכע פֿראַגן?"

„געוויס, דאָקטאָר! איר זענט דאָך אַ דאָקטאָר", האָט זי געענטפֿערט, אָבער באַלד האָט זי זיך ווידער צו מיר אויסגעדרייט מיטן רוקן און זיך געשפּילט מיט די ביכער.

„האָט איר געהאַט קינדער?"

„יאָ, אַ זון".

„און צי האָט איר... האָט איר פֿריער... איך מיין דעמאָלט... האָט איר זיך אויך געפֿונען אין אַזאַ צושטאַנד?"

„יאָ".

איר שטים האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. געוואָרן קלאָר, פֿעסט, שוין גאָרנישט פֿלאַפּלעריש, שוין מער נישט נערוועז.

„און קאָן עס מעגלעך זיין, אַז איר... אַנטשולדיקט פֿאַר דער פֿראַגע... אַז איר געפֿינט זיך איצט אין אַן ענלעכן צושטאַנד?"

„יאָ".

שאַרף און שניידיק ווי אַ מעסער האָט זי דאָס דאָזיקע וואָרט געלאָזט פֿאַלן. אין איר אָפּגעווענדטן קאָפּ האָט קיין ליניע נישט קיין ציטער געטון.

„אפשר וואָלט בעסער געווען, גנעדיקע פֿרוי, אַז איך זאָל מאַכן אַן אַלגעמיינע אונטערזוכונג... מעג איך אייך אפשר בעטן, איר זאָלט... זיך באַמיען דאָרט אין צווייטן צימער אַריין?"

דאָ האָט זי זיך פּלוצלינג אויסגעדרייט צו מיר. דורכן שלייער האָב איך געפֿילט איר קאַלטן, אַנטשלאָסענעם בליק גלייך מיר אין פּנים אַריין.

„ניין... דאָס איז נישט נויטיק... איך האָב די פֿולע זיכער־קייט וועגן מיין צושטאַנד".

---

די שטים איז אויף אַן אויגנבליק אַנטשוויגן געוואָרן. ס'האָט זיך ווי־

דער רעדהערט אין דער פינסטער דאָס קלינגלען פונם גלאָז־

„אַלזאָ הערט... אָבער, פריער פרוּווט איין אויגנבליק זיך צו פאָרטראַכטן דעריבער: צו איינעם. וואָס גייט פשוט אויס אין זייך איינזאַמקייט, רייסט זיך פלוצלינג אַריין אַ פרוי; צום ערשטן מאָל זינט יאָרן באַטרעט זיין צימער אַ ווייסע פרוי... און פלוצ־לינג האָב איך דערשפּירט, אַז עפּעס נישט גוטס געפינט זיך אין צימער, אַ סכנה. עפּעס אַ שלעכט געפיל איז מיך באַפאַלן; מיך האָט געגרוילט פאַר דער שטאָלענער אַנטשלאָסנקייט פונם דאָזיקן ווייב, וואָס איז דאָ אַהער אַריינגעקומען מיט פּלאַפּלערישע רייד און דערנאָך אַ בליק געטון פלוצלינג מיט איר פאָדערונג, ווי מיט אַ מעסער. וואָרום וואָס זי האָט פון מיר געוואָלט, האָב איך שוין געוווּסט. איך האָב עס גלייך געוווּסט — עס איז שוין נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס פרויען האָבן פון מיר ענ־לעכעס פאַרלאַנגט, נאָר זיי פלעגן קומען אַנדערש, זיי זענען געקומען פאַרשעמט, אָדער מיט תחנונים־רייד, זיי פלעגן קומען מיט טרערן און בקשות. דאָ אָבער איז געווען אַ... יאָ, אַ שטאָלערנע, אַ מענלעכע אַנטשלאָסנקייט... איך האָב פון דער ערשטער רגע אָן געשפּירט, אַז די דאָזיקע פרוי איז שטאַרקער פון מיר... אַז זי קאָן מיט איר ווילן מיך צווינגען צו טון, וואָס זי וויל... אָבער... אָבער... אויך אין מיר האָט זיך פאַרקליבן אַ בייזקייט... דער מאַנספּערשוין, וועלכער האָט זיך געווערט, עפּעס א מין פאַר־ביטערטקייט, וואָרום... איך האָב עס שוין געזאָגט... פון דער ערשטער רגע אָן, נאָך בעסער, נאָך איידער איך האָב זי גע־זען, האָב איך דערפילט אין דער דאָזיקער פרוי אַ שונא.

איך בין נאָך איר ענטפער אַנטשוויגן געוואָרן. איך האָב עקשנותדיק און פאַרביטערט געשוויגן. איך האָב געשפּירט, אַז זי קוקט מיך אָן פון אונטערן שלייער — זי קוקט אויף מיר גלייך און באַפעלעריש, זי וויל מיך צווינגען צו רעדן. אָבער איך האָב נישט אַזוי לייכט נאָכגעגעבן. איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן, אָבער... אויסמײַדנדיק... יאָ, אומבאַוווּסטזיניק האָב איך איר נאָכגעמאַכט איר פּלאַפּלערישן, גלייכגילטיקן אופן פון רעדן, איך האָב מיך געמאַכט, גלייך איך וואָלט זי נישט פאַרשטאַנען,

וואָרום — איך ווייס ניט, אויב איר וועט דאָס קענען פילן — איך האָב זי געוואָלט צווינגען, זי זאָל זיך קלאָר ארויסזאָגן, איך האָב נישט געוואָלט אָנביטן, נאָר... געבעטן ווערן... גראָד פון איר, ווייל זי איז געקומען אַזוי תּקיפדיק... און ווייל איך האָב געוווסט, אַז קיין זאַך ביי פרויען מאַכט מיך נישט אַזוי הכנעהדיק, ווי די דאָזיקע שטאָלצע קאַלטע מאַניר.

איך האָב אַלזאָ גערעדט וועגן דעם, אַז ס'שטעקט נישט דערין קיין שום געפאַר. אזעלכע חלשות־פאַלן געהערן צום רעגלמעסיקן גאַנג פון די זאַכן, פאַרקערט זיי גיבן נאָך די זיכערקייט אויף אַ גוטער אַנטוויקלונג. איך האָב ציטירט פאַלן פון די פאַך־צייטונגען... איך האָב גערעדט און גערעדט, גלאַ־טיק און לייכט, באַציענדיק זיך צו דער אָנגעלעגנהייט ווי צו אַ גאַנץ פשוטער דערשיינונג און... האָב אַלץ געוואַרט, אַז זי זאָל מיר איבעררייסן. וואָרום איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט עס נישט אויסהאַלטן.

ענדלעך האָט זי געמאַכט אַ שאַרפע באַוועגונג מיט דער האַנט, ווי וועלנדיק אַוועקשאַרן די אַלע באַרויקנדיקע רייד.

„נישט דאָס, דאָקטאָר, באַאומרויקט מיך. דעמאָלט, בעת איך האָב געהאַט מיין יינגעלע, בין איך געווען אין אַ בעסערן צושטאַנד... אָבער איצט בין איך שוין נישט אָלרייט... איך לייד אויף דעם האַרץ.

„אַך, אויפן האַרץ, האָב איך איבערגעחזרט, כלומרשט באַאומרויקט, „וויל איך דאָך אייך טאקע באַטראַכטן". און איך האָב געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי איך וואָלט וועלן אויפשטיין און ברענגען דאָס הער־רערל.

אָבער זי האָט מיך ווידער אָפּגעהאַלטן מיט אַ באַוועגונג. אַצינד איז איר שטים געווען גאָר שאַרף און אַנטשלאָסן — ווי אויפן קאָמאַנדאָ־פּלאַץ.

„איך לייד אויפן האַרץ, דאָקטאָר, און איך מוז אייך בעטן, איר זאָלט מיר גלויבן, וואָס איך זאָג אייך. איך וואָלט נישט וועלן קיין צייט פאַרלירן אויף אונטערזוכונגען — איר מעגט, רעכן איך, זיך באַציען צו מיר מיט אַביסל מער צוטרוי. איך

חייניקסטנס האָב מיין צוטרוי צו אייך גענוג אַרויסגעוויזן.
אַצינד איז דאָס שוין געווען קאַמף, אָפּענע אַרויספּאָדע־רונג און איך האָב זי אויפגענומען.

— צו צוטרוי געהערט אָפנקייט, אומבאַדינגטע אָפנקייט. רעדט קלאָר, איך בין אַ דאָקטאָר. און קודם כל נעמט אַראָפּ דעם שלייער, זעצט זיך אַנידער, לאָזט צורו די ביכער און די פאַרשטעלטע רייד. מען קומט נישט צום דאָקטאָר אין שלייער.

זי האָט מיך אָנגעקוקט, אַן אויסגעגלייכטע און שטאָלצע. אַן אויגנבליק לאַנג האָט זי זיך געקווענקלט. דערנאָך האָט זי זיך אַנידערגעזעצט און אויפגעהויבן דעם שלייער. איך האָב דערזעען אַ פּנים, וואָס איז געווען פּונקט אַזעלכעס, פאַר וועלכן איך האָב מורא געהאַט. אַ נישט דורכדרינגלעך פּנים, האַרט, איינגעהאַלטן, מיט סמנים פון שיינקייט, פון וועלכער אָבער מ׳קאָן נישט דערגיין דעם עלטער, אַ פּנים מיט גרויע ענגלישע אויגן, וואָס ווייזן זיך אויס פולשטענדיק רויק און דאָך קאָן מען זיך פאָרשטעלן הינטער זיי אַלע ליידנשאַפטן. דאָס דאָזיקע קליינע, צוגעפּרעסטע מויל האָט קיין שום סוד נישט אויסגע־געבן, אויב עס האָט נישט געוואָלט. אַ מינוט לאַנג האָבן מיר זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן — זי באַפעלעריש און פרעגנדיק צו גלייכער צייט, מיט אַזאַ קאַלטער, שטאָלענער גרויזאַמקייט, אַז איך האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטן און נישט ווילנדיק אָפּגעווענדעט דעם בליק.

זי האָט לייכט געקלאַפּט מיט די פינגער אָן טיש. הייסט עס, זי איז אויך געווען דענערווירט. דערנאָך האָט זי פּלוצ־לינג שנעל אַ זאָג געטון:

„צי ווייסט איר, דאָקטאָר, וואָס איך וויל פון אייך, אָדער איר ווייסט עס נישט?“

„דאַכט זיך, אַז איך ווייס עס. אָבער לאָמיר בעסער רעדן אינגאַנצן קלאָר. איר ווילט אַ סוף מאַכן צו אייער צו־שטאַנד... איר ווילט, אַז איך זאָל אייך באַפרייען פון חלשות, פון אייער איבלקייט, דערמיט וואָס איך זאָל... וואָס איך זאָל די סיבה דערפון באַזייטיקן. צי מיינט איר דאָס?“

„יאָ".

ווי די שאַרף פון אַ גיליאָטינע האָט אַ בליץ געטון דאָס וואָרט.

„ווייסט איר אויך, אַז אַזעלכע פּרוּוון זענען געפּער-לעך... פאַרביידע צדדים?..."

— „יאָ".

„אַז דאָס געזעץ פאַרווערט עס מיר?"

„ס'זענען פאַראַן פאַלן, ווען עס איז נישט פאַרווערט, נאָר אפילו אַ חוב?"

„אָבער דאַן פאָדערט זיך אַ מעדיצינישע סיבה".

„וועט איר דידאָזיקע סיבה געפינען, איר זענט דאָך אַ דאָקטאָר".

קלאָר, האַרט, נישט טועדיק קיין ציטער, האָבן מיך אי-רע אויגן אָנגעקוקט, דאָס איז געווען אַ באַפעל און איך, די שוואַכע בריאה, האָב געציטערט, באַוואונדערנדיק די דעמאָנישע תּקיפות פון איר ווילן. אָבער איך האָב מיך נאָך געראַנגלט. איך האָב נישט געוואָלט ווייזן, אַז איך בין שוין צעטרעטן. — נאָר נישט צו שנעל! שווערקייטן מאַכן! צווינגען זי, זי זאָל מוזן בעטן, — איז מיך באַפאַלן עפּעס אַ מין חשק.

„נישט שטענדיק ווענדט זיך עס אָן ווילן פון דאָק-טאָר. אָבער איך בין גרייט מיט אַ קאָלעגע אין שפּיטאָל..."

„איך וויל נישט אייער קאָלעגע... איך בין צו אייך געקומען.

„מעג איך פרעגן, פאַרוואָס גראָד צו מיר?"

„זי האָט מיך אָנגעקוקט קאַלט".

„איך וועל עס אייך גאַנץ אָפן זאָגן. ווייל איר וווינט אין אַ פאַרוואָרפן אָרט, ווייל איר קענט מיך נישט — ווייל איר זענט אַ גוטער דאָקטאָר, און ווייל איר... זי האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט — ווענט שוין נישט לאַנג פאַרבלייבן אין דער דאָ-זיקער געגנט, באַזונדערס, ווען איר... ווען איר וועט קענען אַהיימברענגען אַ גרעסערע סומע.

אַ קאַלטער שטראָם איז מיר דורכגעלאָפן איבער מיין

קערפּער. דידאָזיקע פעסטע, סוחריש־קלאָרע אויסגערעכנטקייט האָט מיך צעמישט. זי האָט נאָך אַלץ ביז אַצינד נישט אויפ־געעפנט אירע ליפּן מיט בקשה — נאָר אַלצדינג פריער אויס־קאַלקולירט, אויסשפּיאָנירט אַלצדינג אַרום מיר און מיך דאַן אויפגעזוכט. איך האָב געשפּירט, ווי די דעמאָנישע קראַפט פון איר ווילן דרינגט אַריין אין מיר, אָבער איך האָב מיך גע־ווערט מיט מיין גאַנצער פאַרביטערונג. איך האָב מיר ווידער אָנגעטון אַ כח צו רעדן זאַכלעך — כמעט איראָניש.

„און די דאָזיקע גרעסערע סומע וועט איר... וועט איר איבערגעבן אין מיין רשות?"

„פאַר אייער הילף און פאַר אייער באַלדיקן אָפּפאָרן".

„ווייסט איר, אַז איך וועל דורכדעם פאַרלירן מיין עמעריטור?"

„איך וועל דאָס אייך פאַרגיטיקן".

„זייער דייטלעך... אָבער איך וויל נאָכמער דייטלעכ־קייט. וואָס פאַר אַ סומע אַלס האָנאָראַר שטעלט איר זיך פאָר?"

„צוועלף טויזנט גולדן, צאָלבאַר אויף אַ טשעק אין אַמסטערדאַם".

איך... האָב געציטערט... איך האָב געציטערט פאַר צאָרן און... אויך פאַר פאַרוואונדערונג. אַלץ האָט זי באַרעכנט, די סו־מע און דעם אופן פון צאָלן, דורך וועלכן איך וועל זיין גע־צוווּנגען אָפּצופאָרן. זי האָט מיך אָפּגעשאַצט און געקויפט, נישט קענענדיק מיך אפילו, זי האָט איבער מיר דיספּאָנירט, פאַר־לאָזנדיק זיך אויפן כח פון איר ווילן. איך האָב געשפּירט אַ פאַרלאַנג, זי אויסצופּאַטשן... אָבער ווען איך בין אַ ציטערנדי־קער אויפגעשטאַנען — אויך זי האָט זיך אויפגעשטעלט — און מיט אַ פאַרגליווערטן בליק געקוקט איר גלייך אין די אויגן, אויף איר פאַרשלאָסן מויל, וואָס האָט נישט געוואָלט בעטן, אויף איר שטאָלצן שטערן, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט בויגן... איז מיך פלוצלינג באַפאַלן עפּעס... אַ מין גוואַלטיקע גיריקייט. זי האָט עס משמעות דערפילט, וואָרום זי האָט הויך פאַרצויגן אירע ברעמען, אַזוי ווי איינער, וואָס וויל פּטור ווערן פון

עמעצן, וועלכער איז דערעסן געוואָרן: דער האַס צווישן אונז איז פּלוצלינג אַנטבלויזט געוואָרן. איך האָב געוווסט, אַז זי האַסט מיך, ווייל זי באַדאַרף מיך, און איך האָב זי געהאַסט, ווייל... ווייל זי האָט נישט געוואָלט בעטן. אין דער דאָזיקער איינער, אין דער דאָזיקער איינציקער סעקונדע פון שטילשווייגן האָבן מיר צום ערשטן מאָל גערעדט איינער צום אנדערן גאַנץ אויפריכטיק. און פּלוצלינג האָט ווי אַ שרעק זיך איינגעביסן אין מיר אַ געדאַנק און איך האָב איר געזאָגט...

אָבער וואַרט, אזוי וועט איר פאַלש פאַרשטיין, וואָס איך האָב געטון... וואָס איך האָב געזאָגט... איך מוז אייך פריער דערקלערן, ווי... ווי אַזוי דער דאָזיקער וואַנזיניקער געדאַנק איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין...

*

ס'האָט זיך ווידער דערהערט אין דער פינסטער אַ שטי־לער קלאַנג פונם גלאָז. און די שטים איז געוואָרן אויפ־געברויזטער.

„איך מיין זיך נישט צו אַנטשולדיקן, זיך צו פאַרענט־פערן, ריינצוואַשן... אָבער איר וועט עס אַנדערש נישט פאַר־שטיין... איך ווייס נישט, צי איך בין געווען דאָס, וואָס ווערט געוויינלעך אָנגערופן אַ גוטער מענטש, נאָר גרייט צו העלפן בין איך תמיד געווען... אין דעם לאַנגווייליקן לעבן, וואָס מען פירט דאָרט, איז דאָס אייגנטלעך געווען די איינציקע פרייד, אַז מיט דער שפּע פון וויסנשאַפט, וואָס מען האָט אָנגעזאַמלט אין די געהירן, זאָל מען אַמאָל קענען דערהאַלטן דעם אָטעם אין אַ וועלכן ס'איז שטיק לעבן... עס איז אַזאַ מין געטלעכע פרייד... באמת, דאָס זענען געווען מיינע שענסטע מינוטן, ווען ס'פלעגט זיך אַזוי קומען אַ געלער יונג, אַ בלוי־ווייסער פון שרעק, מיט אַ שלאַנגענביס אינם הויך־אָנגעשוואָלענעם פוס, יאָ־מערנדיק, מ'זאָל אים דעם פוס נישט אָפּשניידן, און איך האָב נאָך געקאָנט באַווייזן, אים אָפּצוראַטעווען. איך בין געפאָרן

מיילנווייז, ווען אַ וועלכע ס'איז פּרוי איז געלעגן אין פיבער — איך האָב אויך געהאָלפן אפילו אויף אַזאַ אופן, ווי די דאָזיקע האָט פון מיר פאַרלאַנגט. אין איינאָפּע נאָך, אין קליניק. אָבער אין אַזעלכע פאַלן האָט מען לכל הפחות געשפּירט, אַז דער דאָזיקער מענטש נויטיקט זיך אין דיר, מען האָט געהאַט דאָס באַוווסטזיין, אַז מען ראַטעוועט עמעצן פון טויט אָדער פון פאַרצווייפלונג — און דאָס דאַרף מען טאַקע האָבן, כדי צו זיין אימשטאַנד עמעצן צו העלפן, דאָסדאָזיקע געפיל, אַז דער אַנדערער נויטיקט זיך אין דיר.

אָבער די דאָזיקע פרוי — איך ווייס נישט, צי איך קאָן עס אייך שילדערן — זי האָט מיך אויפגערעגט, זי האָט מיך מיט איר שטאָלץ באַלד פון דעם אויגנבליק אָן, בעת זי איז כּלומרשט שפּאַצירנדיק אַריינגעקומען, געררייצט צו אַ ווידער־שטאַנד. זי האָט אויפגערייצט אַלדאָס — ווי זאָל איך עס זאָגן... זי האָט אויפגערייצט אַלדאָס פאַרשטיקטע, אַלדאָס באַהאַלטענע, אַלדאָס בייזע אין מיר, איר שפּילן די ראָל פון אַ „ליידי", איר נישט־צוגעבגלעך קאַלט צוגיין צו אַן ענין, וווּ עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן לעבן און טויט, האָט מיך משוגע געמאַכט... אין דאַן... דאַן... סוף־כּל־סוף ווערט מען דאָך נישט מעוברת פון שפּילן אין גאָלף... איך האָב געוווּסט... דאָס הייסט, איך האָב פּלוצלינג געמוזט מיט אַ — און דאָס איז עס געווען יענער געדאַנק — מיט אַ מוראדיקער דייטלעכקייט טראַכטן וועגן דעם, אַז די דאָזיקע קילע, די דאָזיקע שטאָלצע, די דאָזיקע קאַלטע, וואָס האָט אַזוי שאַרף פאַרצויגן די ברעמען איבער אירע שטאָלערנע אויגן, בעת איך האָב זי בלויז אָנגעקוקט מיט אַ זיך פאַרטיידיקנדיקן, צוריקשטויסנדיקן בליק, האָט זיך מיט צוויי אָדער דריי חדשים צוריק הייס געוואַלגערט אין בעט מיט אַ מאַן, נאַקעט ווי אַ חיה און אפשר נאָך קרעכצנדיק פאַר תאווה, די קערפּערס צוזאַנאַנדערגעפּרעסט, ווי צוויי ליפּן... דאָס, דאָס איז געווען דער ברענענדיקער געדאַנק, וואָס איז מיך באַפאַלן, בעת זי האָט מיך אַזוי שטאָלץ, אַזוי נישט־צוגענג־לעך קיל אָנגעקוקט, פּונקט ווי אַן ענגלישער אָפיציר... און דאַן,

דאַן האָט זיך אַלץ אין מיר אָנגעצונדן... איך בין טייוואָליאַניש־ווילד באַהערשט געוואָרן פון דער אידעע, זי צו דערנידעריקן... פון דער סעקונדע אָן האָב איך געזען דורכן קלייד איר נאַקעטן קערפּער... פון דער סעקונדע אָן בין איך בלויז געווען פאַרנומען מיטן געדאַנק, זי צו באַזיצן, אַרויסצופּרעסן אַ זיפץ פון די דאָזיקע עקשנותדיקע ליפּן, צו פילן די דאָזיקע קאַלטע, די דאָזיקע שטאָלצע אַ גליענדיקע פון תאוה, אַזוי ווי יענער, יענער אַנדערער, וועלכן איך האָב נישט געקענט. דאָס... דאָס האָב איך אייך געוואָלט געבן צו פאַרשטיין... איך האָב נאָך קיינמאָל, ווי געפאַלן איך האָב נישט געזאָלט זיין, נישט געזוכט אַלס דאָקטאָר אויסצוניצן די סיטואַציע... אָבער דאָסמאָל איז עס בכלל נישט געווען קיין תאוה, קיין ליידנשאַפט־היץ, קיין שום סעקסועל געפיל, באמת נישט... איך בין דאָס מודה, — נאָר די גיריקייט, צו ווערן אַ האַר איבער אַ שטאָלצע... האַר צו ווערן ווי אַ מאַן... איך האָב אייך, דאַכט זיך, שוין געזאָגט, אַז שטאָלצע, כלומרשט קאַלטע פרויען, האָבן פון שטענדיק אָן געהאַט איבער מיר אַ מאַכט... און אַצינד, אַצינד איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס איך האָב שוין דאָ געלעבט זיבן יאָר, נישט האָבנדיק אין משך פון דער גאַנצער צייט קיין ווייסע פרוי און נישט וויסנדיק פון קיין ווידערשטאַנד... וואָרום די מיידלעך דאָ, די דאָזיקע צוויטשערנדיקע קליינע אויסגעצירטע חיהלעך, זיי ציטערן דאָך פאַר ערפורכט, ווען אַ ווייסער, אַ „האַר" נעמט זיי... זיי ווערן צעשמאָלצן פון הכנעה, זיי זענען תמיד מיט זייער שטילן, פריידיקן געלעכטער גרייט עמעצן צו דינען... אָבער גראָד די דאָזיקע הכנעה דאָס שקלאַפישע פאַר־מיאוסט דעם געניוס... פאַרשטייט איר אַצינד, פאַרשטייט איר, ווי צעשמעטערנדיק דאָס האָט דעמאָלט אויף מיר געווירקט, ווען ס'איז זיך אַזוי פּלוצלינג געקומען אַ פרוי, פול שטאָלץ און האַס, פאַרשלאָסן אין זיך ביז צו די פינגער־שפּיצן, אַרומגע־הילט פון אַ סוד און באַלאָדן מיט סמנים פון פריערדיקער ליידנשאַפט... ווען אַזאַ פרוי טרעט חוצפהדיק אַריין אין דער שטייג פון אַזאַ מאַן, צו אַזאַ פאַראיינזאַמטער, אויסגעהונגערט

טער, אָפּגעזונדערטער מענטשן-בעסטיע... דאָס... דאָס האָב איך בלויז געוואָלט זאָגן, כדי איר זאָלט פאַרשטיין דאָס איבעריקע... דאָס, וואָס איז נאָכדעם געקומען. אַלזאָ... זייענדיק פול מיט עפּעס אַ בייזער גיריקייט, פאַרסמט דורכן געדאַנק וועגן איר, נאַקעט, תאווהדיק, אויפגערייצט — האָב איך מיך ווי צוזאַמענגעקורטשעט און געמאַכט דעם אָנשטעל פון גלייכגילטיקייט. איך האָב איר געזאָגט קאַלט: „צוועלף טויזנט גולדן?... ניין, פאַר דעם וועל איך עס נישט טון".

זי האָט מיך אָנגעקוקט עטוואָס בלייך ווערנדיק. זי האָט גלייך דערשפּירט, אַז אין דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד שטעקט נישט קיין געלט-גיריקייט. אָבער זי האָט פונדעסטוועגן געזאָגט:

„וואָס פאַרלאַנגט איר, אַלזאָ?"

איך האָב זיך שוין נישט געוואָלט לענגער האַלטן ביים רויקן טאָן. „לאָמיר שפּילן אין אָפענע קאָרטן. איך בין נישט קיין געשעפטס-מאַן... איך בין נישט דער אָרימער אַפּטייקער פון ראָמעאָ און יוליאַ, וואָס פאַרקויפט סם פאַר שוחד-געלט. איך בין אפשר גאָר דער היפך פון אַ געשעפטסמאַן... אויף דעם וועג וועט איר אייער פאַרלאַנג נישט דערגרייכן".

„הייסט עס, איר ווילט דאָס נישט טון?"

„נישט פאַר קיין געלט".

אַ סעקונדע לאַנג, איז צווישן אונז שטיל געוואָרן. אַזוי שטיל, אַז איך האָב צום ערשטן מאָל דערהערט איר אָטעמען.

„וואָס קענט איר דען עפּעס אַנדערש פאַרלאַנגען?"

אַצינד האָב איך מיך שוין נישט געקאָנט לענגער איינהאַלטן.

„איך פאַרלאַנג קודם-כל, אַז איר... אַז איר זאָלט נישט רעדן צו מיר, ווי צו אַ קרעמער, נאָר ווי צו אַ מענטש. אַז איר, אויב איר דאַרפט הילף, זאָלט נישט, זאָלט נישט גלייך קומען מיט אייער מאַנס געלט... נאָר בעטן... מיך, דעם מענטשן בעטן, אַז איך זאָל אייך, דעם מענטשן, העלפן... איך בין נישט בלויז אַ דאָקטאָר, איך האָב נישט בלויז אויפנאַם-שעהן... אפשר זענט איר גראָד אין אַזאַ שעה געקומען"...

זי האָט אַן אויגנבליק געשוויגן. דערנאָך האָט זיך איר

מויל גאַנץ לייכט אויסגעקרומט, געציטערט און שנעל אַ זאָג געטון:

„הייסט עס, אויב איך וועל אייך בעטן... וועט איר עס טון?"

„איר ווילט שוין ווידער מאַכן אַ געשעפט — איר ווילט נאָר בעטן, אויב איך וועל אײַך פריער צוזאָגן. צוערשט מוזט איר בעטן — דערנאָך וועל איך אייך ענטפערן". זי האָט אַ וואָרף געטון מיטן קאָפּ אין דער הויך, ווי אַן איינגעשפּאַרט פערד. זי האָט מיך אָנגעקוקט צאָרניק.

„ניין, — איך וועל אייך נישט בעטן, שוין בעסער אומצוקומען!"

דאָ האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ צאָרן, אַ פּלאַמענדיקער, אומזיניקער צאָרן

„דאַן וועל איך פאָדערן, אויב איר ווילט נישט בעטן. איך רעכן, אַז איך דאַרף זיך נישט מער דייטלעך אויסדריקן— איר ווייסט, וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך. דעמאָלט — דעמאָלט וועל איך אייך העלפן".

איין אויגנבליק האָט זי געקוקט אויף מיר מיט אַ פאַרגליווערטן בליק. דערנאָך — אָ, איך בין נישט אימשטאַנד צו זאָגן, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען — דערנאָך זענען אירע געזיכטס-ציגן געוואָרן אָנגעשטרענגט און דאַן... און דאַן האָט זי זיך מיטאמאָל צעלאַכט... זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַן אומבאַשרייבלעכער פאַראַכטונג גלייך מיר אין פּנים אַריין... מיט אַ פאַראַכטונג, וואָס האָט מיך צעמאָלן... און גלייכצייטיק פאַרשכורט. דאָס דאָזיקע פאַראַכטונגספולע געלעכטער איז געווען ווי אַן אויפרייס, אַזוי פּלוצלינג, אַזוי אויפשפּריצנגענדיק, אַזוי מעכטיק אויסברעכנדיק מיט אַן אומגעהויערן כּח, אַז איך... אַז איך וואָלט אימשטאַנד געווען צו פאַלן אויף דער ערד און קושן אירע פיס... איין סעקונדע בלויז האָט דאָס געדויערט... דאָס איז געווען ווי אַ בליץ און איך האָב דערפילט פייער אין מיין גאַנצן קערפּער... דאַן האָט זי זיך אויסגעדרייט און האָסטיק זיך געלאָזט צו דער טיר.

איך האָב געוואָלט איר נאָכיאָגן... זיך אַנטשולדיקן... זי איבערבעטן... מיין קראַפט איז געווען אינגאַנצן צעבראָכן... נאָר פּלוצלינג האָט זי זיך נאָכאַמאָל אויסגעדרייט און געזאָגט... ניין, זי האָט באַפוילן:

„איר זאָלט זיך נישט דערוועגן מיר נאָכגיין אָדער נאָכ־שפּיאָנירן... איר וועט ח״ו חרטה האָבן".

און באַלד האָט זיך הינטער איר פאַרמאַכט די טיר.

*

ווידער אַ צוריקגעהאַלטנקייט. ווידער שטילשווייגן... ווידער בלויז דאָס דאָזיקע געדויש, גלייך ווי ס'וואָלט געפּלאָסן לבנה ליכט און דערנאָך ווידער די שטים.

„די טיר האָט זיך פאַרמאַכט... אָבער איך בין געבליבן שטיין אויפן אָרט אומבאַוועגלעך... איך בין געווען ווי היפּנאָ־טיזירט פונם באַפעל... איך האָב געהערט זי אַראָפּגיין פון די שטיגן, די הויז־טיר צומאַכן... איך האָב אַלץ געהערט און מיין גאַנצער ווילן האָט זיך געריסן איר נאָכצוגיין... זי... איך ווייס נישט וואָס... זי צוריקצורופן, אָדער צו שלאָגן, אָדער צו דער־שטיקן... נאָר איר נאָכצוגיין... איר נאָכצוגיין... אין דאָך האָב איך נישט געקאָנט. מיינע אברים זענען געווען ווי געליימט פון אַן עלעקטרישן שטויס... איך בין געווען געטראָפן; ביז אין מאַרך אַריין געטראָפן פון דעם הערשערישן בליק פונם דאָזיקן בליק... איך ווייס, דאָס קאָן מען נישט געבן צו פאַרשטיין, קאָן מען נישט דערציילן... ס'וועט זיך אויסווייזן לעכערלעך, אָבער איך בין געשטאַנען, און געשטאַנען... איך האָב באַדאַרפט האָבן מינוטן, אפשר פינף, אפשר צען מינוטן, איידער איך האָב געקאָנט אָפּרייסן אַ פוס פון דער ערד...

נאָר גלייך ווי איך האָב גערירט מיט אַ פוס, בין איך שוין ווידער געווען אָנגעצונדן... ווידער שנעל... אין איין אויגנ־בליק האָב איך זיך אַ לאָז געטון פון די שטיגן... זי האָט דאָך קוים געקאָנט באַוויזן די גאַס דורכצוגיין ביז צו דער סטאַ־

ציע... איך האָב מיך אַ וואָרף געטוּן צוּ דער קאַמער נאָכן וועלאָסיפּעד, דערזעען, אַז איך האָב פאַרגעסן דעם שליסל, אַ ריס אויף געטוּן דאָס ווענטל, אַז דער באַמבוּס איז צעשפּרוּנגען אוּן געקראַכט... אוּן באַלד האָב איך זיך אַ לאָז געטוּן אויפן וועלאָסיפּעד אוּן איר נאָכגעיאָגט... איך מוּז זי... איך מוּז זי דעריאָגן, איידער זי וועט צוקומען צוּ איר אויטאָמאָביל... איך מוּז מיט איר רעדן...

די גאַס האָט שנעל פאַרבייגעשוועבט פאַר מיר... אַציגד האָב איך ערשט באַמערקט, ווי לאַנג איך האָב דאָרט אויבן געמוּזט שטיין ווי פאַרגליווערט... ערשט... דאָרט, ווּ דער וועג בויגט זיך אויס צום וואַלד, האָרט פאַר דער סטאַציע, האָב איך זי דערזעען גיין האַסטיק מיט אַ שטייפן גראָדן טריט, באַגלייט פוּן דעם באָי... אָבער זי האָט מיך אויך געמוּזט האָבן געזעען, וואָרוּם זי האָט עפּעס א זאָג געטוּן צום באָי, וועלכער איז געבליבן הינטערשטעליק אוּן זי האָט זיך געלאָזט ווייטער... וואָס וויל זי טוּן? פאַרוואָס וויל זי בלייבן אַליין? וויל זי מיט מיר רעדן, ער זאָל נישט הערן?... מיט אַ בלינדן צאָרן האָב איך גענוּמען שטויסן די פּיס-האַלטערס פוּן וועלאָסיפּעד... מיטאַמאָל איז עפּעס אַרויסגעשפּרוּנגען פוּן דער זייט אוּן מיר פאַרבייגעלאָפן דורך דער ברייט פוּן וועג... דער באָי... איך האָב נאָך קוים באַוויזן דעם וועלאָסיפּעד האַסטיק אָפּצוּלענקען אין אַ זייט אוּן זיך איבערגעקערט...

איך בין שעלטנדיק אויפגעשטאַנען... אוּן נישט ווילנדיק אויפגעהויבן די פויסט, כּדי דעם שוטה צוּ דערלאַנגען א קלאַפּ, נאָר ער איז אָפּגעשפּרוּנגען אין אַ זייט... איך האָב אויפגעהויבן מיין וועלאָסיפּעד, זיך ווידער אויפצוּזעצן... מיט אמאָל איז דער לא-יצלח ווידער צוגעשפּרוּנגען, אָנגעכאַפּט דעם וועלאָסיפּעד אוּן א זאָג געטוּן אויף אַ צעבראָכן ענגליש: „You remain here"*) איר האָט נישט געלעבט אין די טראָפּישע לענדער... איר ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ חוצפּה דאָס איז, ווען אַזאַ געלער שלעפּער כאַפּט אָן דעם וועלאָסיפּעד פוּן אַ ווייסן „הער" אוּן

---

*) איר בלייבט דאָ

באַפעלט אים, דעם „הער", צו בלײַבן אויפן אָרט. אנשטאט אַן ענטפער האָב איך אים געגעבן אַ זעץ מיט דער פויסט אין פּנים... ער האָט זיך אַ וואַקל געטון. אָבער ער האָט נישט אָפּגעלאָזט דעם וועלאָסיפּעד... די אויגן, זײַנע שמאָלע, פּחדנישע אויגן, זענען בײַ אים געווען ברייט פונאַנדער־געעפנט מיט אַ קנעכטישער מורא. אָבער ער האָט צוגע־האַלטן די שטאַנג, האָט זי געהאַלטן טייוולאָניש פעסט...
„You remain here" האָט ער נאָכאַמאָל אַרויסגעשטאַמלט.
צום גליק האָב איך נישט געהאַט בײַ זיך דעם רעוואָלווער. איך וואָלט אים געווען דערשאָסן אויפן אָרט. „אַוועק, קאַנאַליע!" האָב איך בלויז אַ געשריי געטון. ער האָט אײַנגעבויגענערהייט געגלאָצט אויף מיר, אָבער נישט אָפּגעלאָזט די שטאַנג. איך האָב אים ווידער אַ קלאַפּ געטון איבערן קאָפּ, נאָר ער האָט אַלץ נישט אָפּגעלאָזט. דאָ האָט מיך שוין אָנגעכאַפּט אַ וויל־דער כּעס... איך האָב דערזעען, אַז זי איז שוין אַוועק, אפשר שוין אינגאַנצן אַנטרינען געוואָרן... און איך האָב אים דערלאַנגט אַן אמתן באָקסער־קלאַפּ אונטער דער גאָמבע, אַז ער איז אַנידער־געפאַלן. איצט האָב איך געהאַט מײַן וועלאָסיפּעד... אָבער ווען איך בין אַרויפגעשפּרונגען, האָב איך דערזעען, אַז איך קאָן נישט ווייטער פאָרן... בעת דעם אָפּווערן זיך, זענען די רע־דער־שטאַבעס צעבויגן געוואָרן... מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך געפּרוווט זיי אויסצוגלײַכן, אָבער עס האָט זיך נישט גע־לאָזט... איך האָב דעריבער אַ שלײַדער געטון דעם וועלאָסיפּעד אויפן מיטן וועג נעבן דעם יונג, וועלכער איז אויפגעשטאַנען אַ צעבלוטיקטער און זיך אַוועקגעשאַרט אין אַ זײַט... און דאַן— ניין, איר קאָנט נישט פילן ווי לעכערלעך דאָס איז דאָרטן פאַר אַלע מענטשן, ווען אַן אײַראָפּעער... יאָ, איך האָב מיר שוין נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין רעכענונג, וואָס איך טו... איך בין בלויז געווען באַהערשט פון איין געדאַנק: איר נאָכ־צולויפן, זי צו דעריאָגן... און אַזוי אַרום האָב איך זיך גע־לאָזט לויפן, ווי אַ ווילד־געוואָרענער בין איך געלאָפן איבערן וועג פאַרבײַ די הײַזלעך, וווּ די געלע ברואים האָבן זיך צו־

נויפגעדריקט, אָנצוקוקן דאָס בייזע ווונדער, ווי עס לויפט אַ הייסער מענטש, דער דאָקטאָר.

אַ באַגאָסענער מיט שווייס בין איך אָנגעקומען צו דער סטאַציע... מיין ערשטע פראַגע איז געווען: ווו איז דער אויטאָ?.. נאָר וואָס אָוועקגעפאָרן... די מענטשן האָבן מיך אָנגעקוקט פאַרווונדערט: איך האָב געמוזט אויסזעען אין זייערע אויגן ווי אַ פאַרריקטער, אָנקומענדיק אַ נאַסער, אַ פאַרשמירטער און אויסשרייענדיק מיין פראַגע, נאָך איידער איך האָב זיך געהאַט אָפּגעשטעלט... אונטן, אויפן וועג האָב איך געזען, ווי עס קנוילט זיך דער ווייסער רויך פונם אויטאָ... עס איז איר געלונגען... ס'איז איר געלונגען, אַזוי ווי אַלע אירע האַרטע, גרויזאַם-האַרטע אויסרעכנונגען מוזן געלינגען.

אָבער דאָס אַנטלויפן האָט איר גאָרנישט געהאָלפן... אין די טראָפּישע לענדער עקזיסטירן נישט קיין סודות צווישן די אייראָפּעער... אייגער קען דעם אַנדערן, פון דער מינדסטער זאַך ווערט אַ געשעעניש... נישט אומזיסט איז דאָ איר שאָפער געשטאַנען אַ שעה צייט... אין עטלעכע מינוטן אַרום האָב איך שוין געוווּסט אַלץ... איך האָב געוווּסט, ווער זי איז... אַז זי וווינט דאָ אונטן — דאָס הייסט, אין דער רעגירונגס-שטאָט, אַכט שעה מיט דער באַן פון דאַנען... אַז זי איז — נו, לאָמיר זאָגן, די פרוי פון אַ גרויסן סוחר, געוואַלטיק רייך, אָנגעזעען, אַן ענגלענדערין... איך האָב זיך דערוווּסט, אַז איר מאַן געפינט זיך זינט פינף חדשים אין אַמעריקע און ער באַדאַרף אין די נאָענטסטע טעג אַהערקומען, כדי זי מיטצונעמען קיין אייראָפּע...

זי אָבער — און ווי גיפט האָט זיך דער דאָזיקער געדאַנק אַריינגעבערענט אין מיין בלוט — זי קאָן זיך געפינען אין אַנדערע אומשטענדן העכסטנס צוויי אָדער דריי חדשים.

*

„ביז אַהער האָב איך נאָך געקלערט ווי עס איז פאַר אייך

אַלץ מאַכן פאַרשטענדלעך. אפשר דערפאַר, ווייל ביז צום דאָ־זיקן מאָמענט האָב איך מיך נאָך אַליין פאַרשטאַנען... איך האָב אַלס דאָקטאָר אַליין געשטעלט די דיאַגנאָזע פון מיין צושטאַנד, אָבער פון איצט אָן איז אַנטשטאַנען אין מיר עפּעס ענלעכעס צו אַ פיבער... איך האָב פאַרלוירן די קאָנטראָלע איבער זיך... דאָס הייסט, איך האָב געגנוי געוווּסט, ווי אומזיניק ס׳איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב געטון. אָבער איך האָב שוין נישט געהאַט קיין שום מאַכט איבער זיך... איך האָב אויפגעהערט זיך אַליין צו פאַרשטיין... איך בין בלויז ווי אַ פאַרכשופטער געלאָפן פאָ־רויס צו מיין ציל... איבריקנס, ווארט נאָר... איך וועל עס אייך אפשר דאָך קענען געבן צו פאַרשטיין... ווייסט איר, וואָס ס׳איז אַזעלכעס אַמאָק?"

„אַמאָק?... דאַכט זיך, אויב איך האָב נישט קיין טעות... אַ מין שכרות ביי די מאַלאַיען"...

„דאָס איז מער ווי שכרות... ס׳איז אַ שגעון, אַזאַ מין מענטשלעכער הונט־שגעון, אַן אָנפאַל פון אַ מערדערישער, אומזיניקער משוגעת, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגלייכן מיט קיין שום אַלקאָהאָלישער פאַרגיפטונג... דורך דער צייט, וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט, האָב איך אַליין עטלעכע אַזעלכע פאַלן שטודירט — ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַנדערע איז מען דאָך תמיד זייער קלוג און זאַכלעך — אָבער איך האָב נישט גע־קאָנט דערגיין דעם שרעקלעכן סוד, פון וואַנען דאָס נעמט זיך... עס מוז עפּעס האָבן אַ שייכות מיט דעם קלימאַט, מיט דער שטיקנדיקער, אָנגעשוואָלענער אַטמאָספערע, וועלכע דריקט אויף די נערוון, ווי אַ שטורעם, ביז זיי ווערן ענדלעך אויפגעפּלאַצט... אַלזאָ אַמאָק... יאָ, אַמאָק, דאָס איז אַזוי: אַ מאַלאַיער, אַ גאַנץ איינפאַכער, גאַנץ גוטמיטיקער מענטש טרינקט זיך זיין געטראַנק... זיצט זיך אַזוי אויף אַן אָרט, טעמפּ, גלייכגילטיק, מיד... אַזוי ווי איך בין געזעסן אין מיין צימער... און פּלוצלינג שפּרינגט ער אויף... כאַפּט אַ מעסער און לויפט אַרויס אויפן וועג... ער לויפט גלייך פאָרויס... נישט וויסנדיק וווּהין... אַלץ, וואָס ער טרעפט אָן אויפן וועג, מענטש אָדער חיה, דערשלאָגט ער מיט

זיין צווייִשאַרפיקן מעסער און די בלוט־שכרות מאַכט אים נאָך היציקער... אַ שום טרעט אים אַרויס אויף די ליפּן, ער ברומט ווילד... און ער לויפט, ער לויפט, לויפט, קוקט זיך נישט אום נישט רעכטס, נישט לינקס, ער לויפט בלויז מיט זיין שניידיקן געשריי, מיטן פאַרבלוטיקטן מעסער אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן פאַרויס־געיעג... די דאָרפס־מענטשן ווייסן, אַז קיין שום מאַכט איז נישט אימשטאַנד דעם אַמאָקלויפער צו פאַרהאַלטן... דעריבער, ווען זיי זעען אים אָנקומען, הויבן זיי אָן צו שרייען: „אמאָק! אמאָק!" און אַלץ אַנטרינט... ער אָבער לויפט, נישט הערנדיק און נישט זעענדיק קיין שום זאַך, דערשלאָגט אַלץ, וואָס ער טרעפט אָן... ביז מען דערשיסט אים, ווי אַ משוגענעם הונט, אָדער ער פאַלט אַליין אַ פאַרשוימטער אַנידער...

איינמאָל האָב איך דאָס געזעען דורכן פענסטער פון מיין Bungalow*)... דאָס איז געווען שוידערלעך... און נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב עס געזעען, קאָן איך מיר מאַכן אַ באַגריף וועגן זיך אַליין אין יענע טעג... וואָרום אַזוי, פונקט אַזוי, מיט דעם זעלבן שרעקלעכן בליק פאָרויס געווענדט, נישט אומקוקנדיק זיך רעכטס אָדער לינקס, מיט דער זעלבער פאַרכשופטקייט האָב איך מיך אַ לאָז געטון... נאָך דער דאָזיקער פרוי... איך ווייס שוין נישט, ווי אַזוי איך האָב דאָס אַלץ געטון, אין אזא ווילדן געיעג, אין אַזאַ אומזיניקער געשווינדקייט איז דאס פאַרבייגעלאָפן... צען מינוט, ניין, פינף, ניין, צוויי... נאָכדעם, ווי איך האָב אַלץ געוווּסט וועגן דער דאָזיקער פרוי, וועגן איר מאַן, איר הויז, איר גורל, בין איך שוין געפלויגן אויף אַ וועלאָסיפּעד, וואָס איך האָב שנעל געבאָרגט, צו מיר אַהיים, גיך איינגעפּאַקט אַן אַנצוג, גענומען געלט צו זיך און אַוועקגעפאָרן אויף אַ וואָגן צו דער באַן־סטאַציע... איך בין אַוועקגעפאָרן, נישט מעלדנדיק אַפילו דעם באַצירקבאַאַמטן... נישט איבערלאָזנדיק קיין פאַרטרעטער. איך האָב געלאָזט דאָס הויז אָפן, אַלץ ווי עס שטייט און גייט... ארום מיר זענען געשטאַנען די דינער, די ווייבער זענען געווען

*) אַ מין אינדיש איינשטאָקיק הייזל

פאַרוואונדערט אין געפרעגט פאַרשידענע פראַגן. איך האָב נישט געענטפערט, זיך אפילו נישט אומגעקוקט... איך בין געפאָרן צו דער באַן און זיך געלאָזט מיט דעם ערשטן צוג אראָפּ אין שטאָט אריין... איין שעה סך הכל, נאָכדעם ווי די דאָזיקע פרוי האָט מיין שוועל איבערגעטרעטן, האָב איך מיין גאַנצע עקזיסטענץ אַוועקגעוואָרפן און ווי אן אמאקלויפער זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין...

איך בין געלאָפן גלייך פאָרויס, מיטן קאָפּ אַנטקייגן דער וואַנט... אַרום זעקס אַ זייגער אָוונט בין איך אָנגעקומען... זעקס אַזייגער מיט צען מינוט בין איך געווען אין איר הויז און גע־הייסן מיך מעלדן... ס'איז געווען... איר פארשטייט דאָך אַליין... דאָס אומזיניקסטע, דאָס נאַרישסטע, וואָס מ'קאָן נאָר טון... אָבער דער אַמאָקלויפער לויפט דאָך מיט אויסגעהוילטע אויגן, ער זעט נישט וווהין ער לויפט... אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער דינער צוריקגעקומען... העפלעך און קאַלט... די גנעדיקע פרוי פילט זיך נישט אינגאַנצן געזונט און קאָן נישט אויפנעמען...

איך האָב מיך ווי אַ שכורער צוריק אַרויסגעוואַקלט דורך דער טיר... אַ שעה לאַנג האָב איך מיך אַרומגעשלייכט אַרום הויז, פאַרכשופט פון אַ שגעונדיקער האָפענונג, אַז זי וועט מיך אפשר לאָזן אויפזוכן... דערנאָך ערשט האָב איך גענומען אַ צי־מער אין האָטעל און מיטגענומען צוויי פלאַשן וויסקי... דער וויסקי צוזאַמען מיט אַ טאָפּלטער פּאָרציע ווערָאָנאַל האָבן מיר געהאָלפן... איך בין ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן... און דער דאָ־זיקער טעמפּער, זומפּיקער שלאָף איז געווען די איינציקע פויזע אינם דאָזיקן געיעג צווישן לעבן און טויט.

*

דער שיפסגלאָק האָט אויסגעקלונגען צוויי האַרטע, פולע קלאַנ־גען, וועלכע האָבן זיך ציטערנדיק פונאַנדערגעטראָגן אינם ווייכן טייך פון דער כמעט אומבאַוועגלעכער לופט און דערנאָך פאַר־שמאָלצן געוואָרן אין דעם שטילן, אומאויפהערלעכן גערויש, וואָס

האָט פּס״ר געפלאָסן אונטער דעם הויפּט־באַלקן פון שיף, פאַר־מישנדיק זיך מיטן ליידנשאַפטלעכן שמועס. דער מענטש אין דער פינסטער קייגנאיבער מיר איז אַפּנים אויפגעשפּרונגען דערשראָקענער, ער האָט איבערגעריסן דאָס רעדן. ווידער האָב איך דערהערט דאָס זוכן די פלאַש, ווידער דאָס שטילע שלוקן. דערנאָך האָט ער, גלייך ווי באַרויקט, אָנגעהויבן מיט אַ פעס־טערער שטים:

„וועגן דעם, וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען פון יענעם מאָמענט אָן, בין איך קוים אימשטאַנד אייך צו דערציילן. היינט רעכן איך, אַז איך בין דעמאָלט געווען אין פיבער. יעדנפאַלס האָב איך מיך געפונען אין אַ מין צעררייצטקייט, וואָס גרענעצט זיך מיט משוגעת — אַן אַמאָקלויפער, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט. אָבער פאַרגעסט נישט, עס איז געווען דינסטיק ביינאַכט, ווען איך בין אָנגעקומען אַהין, און שבת האָט בעזאָלט — איך האָב זיך דאָרט וועגן דעם דערוווּסט — איר מאַן אָנקומען מיט דער שיף P & O פון יאָקאָהאַמאַ. ס'זענען אַלזאָ איבערגע־בליבן בלויז דריי טעג אויף צו אַנטשליסן זיך און פאַר מיר, כדי צו קענען איר העלפן. פאַרשטייט: איך האָב געוווּסט, אַז איך מוז איר באַלד צו הילף קומען, און האָב דאָך נישט גע־האַט די מעגלעכקייט מיט איר אַ וואָרט צו רעדן. און גראָד דער פאַרלאַנג מיך צו אַנטשולדיקן פאַר מיין לעכערלעכן, פאַר־מיין שגעונדיקן באַנעמען זיך, האָט מיך נאָך מער אויפגערייצט. איך האָב געוווּסט, ווי טייער ס'איז יעדע רגע, איך האָב גע־וווּסט, אַז פאַר איר איז עס אַ פראַגע פון לעבן און טויט, און האָב דאָך נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט, זיך צו ווענדן צו איר מיט אַ וואָרט, מיט אַ ווערלכן ס'איז צייכן, וואָ־רום גראָד דאָס שטורמישע, נאַרישע נאָכלויפן מיינס האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. דאָס איז געווען... יאָ, וואַרט נאָר... ס'איז געווען, ווי איינער לויפט עמעצן נאָך, כדי אים צו וואָרע־נען פאַר אַ מערדער, און יענער האַלט אים אַליין פאַרן מער־דער, און ער לויפט אַזוי ווייטער גלייך צום אומגליק... זי האָט געזעען אין מיר בלויז דעם אַמאָקלויפער, וואָס פאַרפאָלגט זי,

כדי צו דערנידעריקן, איך אָבער... דאָס אייגנטלעך איז געווען די מוראדיקע אומזיניקייט... איך האָב שוין גאָרנישט געטראַכט מער דערפון... איך בין שוין געווען אינגאַנצן דערשלאָגן, איך האָב איר בלויז געוואָלט העלפן, בלויז איר דינען... איך בין אימשטאַנד געווען אַ מאָרד אויסצופירן, אַ פאַרברעכן צו באַגיין, כדי איר צו העלפן... נאָר זי, זי האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען. ווען איך בין צומאָרגנס אויפגעשטאַנען פון שלאָף און גלייך זיך געלאָזט לויפן צו איר הויז, האָב איך דערזעען דעם באָי שטיין פאַר דער טיר, דערזעלבער באָי, וועלכן איך האָב געשלאָגן אין פנים, און אַזוי ווי ער האָט מיך נאָר דערזעען פונדערווייטנס, — ער האָט אַפּנים געוואַרט אויף מיר — איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן אינעווייניק אַריין. אפשר האָט ער דאָס געטון, כדי מיך בסוד צו מעלדן... אפשר... אָך, די דאָזיקע אומגעוויסהייט, וויפל יסורים פאַרשאַפט זי מיר אַצינד... אפשר איז שוין אַלץ גרייט געווען, מיך אויפצונעמען... אָבער בעת איך האָב אים דערזעען, האָב איך מיך ווידער דערמאָנט אָן מיין חרפּה און איך האָב פאַרלוירן די דרייסטקייט, איבערצוחזרן מיין וויזיט... די קניִען האָבן מיר געציטערט. שוין נאָענט פון דער שוועל האָב איך מיך צוריק אויסגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען... איך בין אַוועקגעגאַנגען, אין דער צייט, וואָס זי האָט אפשר אויך אין ענלעכע יסורים געוואַרט אויף מיר.

איך האָב שוין איצט נישט געוווּסט, וואָס צו טון אין דער דאָזיקער פרעמדער שטאָט, וועלכע האָט מיר ווי אַ פייער געברענט די טריט... פּלוצלינג איז מיר עפּעס איינגעפאַלן, איך האָב גלייך צוגערופן אַ וואָגן און בין אַוועקגעפאָרן צום וויצע-רעזידענט, צום זעלבן, וועלכן איך בין אַמאָל צוהילף געקומען אין מיין סטאַציע, און מיך געהייסן מעלדן... אין מיין אויסערלעכן ווען האָט שוין געמוזט זיין אַזעלכעס, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין פאַרווּנדערונג, וואָרום ער האָט מיך אָנגעקוקט כמעט מיט אַ דערשראָקענעם בליק, און אין זיין העפלעכקייט האָט זיך דערפילט עפּעס אַן אומרויִקייט... אפשר האָט ער שוין דערקענט דעם אַמאָקלויפער אין מיר...

איך האָב אים געזאָגט קורץ און אַנטשלאָסן, אַז איך בעט, מ׳זאָל מיך באַשטימען אין דער שטאָט, אַז איך קאָן שוין נישט לענגער פאַרבלייבן אויף מיין ביז איצטיקן פּאָסטן... איך מוז שוין, אויפן אָרט אַריבערקלייבן זיך אין שטאָט אַריין... ער האָט מיך אָנגעקוקט... איך קאָן אייך נישט אויסמאָלן, ווי אַזוי ער האָט מיך אָנגעקוקט... פּונקט אַזוי ווי אַ רופא קוקט אָן אַ קראַנקן... „אַ נערוון-צערודערונג, ליבער דאָקטאָר", האָט ער אַ זאָג געטון, „איך פאַרשטיי דאָס זייער גוט. נו, עס וועט זיך שוין לאָזן עפּעס טון וועגן דעם; אָבער וואַרט נאָר... לאָמיר זאָגן פיר וואָכן... איך מוז געפינען אַ פאַרטרעטער".
„איך קאָן נישט וואַרטן, קיין איין טאָג אַפילו נישט", האָב איך געענטפערט. ער האָט מיך ווידער אָנגעקוקט מיטן דאָזיקן מערקווירדיקן בליק. „מ׳קאָן נישט אַנדערש, דאָקטאָר", האָט ער ערנסט געזאָגט, מיר טאָרן נישט איבערלאָזן די סטאַציע אָן אַ דאָקטאָר. אָבער איך זאָג אייך צו, אַז איך וועל נאָך היינט אָנהויבן צו טון דערין". איך בין געבליבן שטיין מיט פאַרביסענע ציין: צום ערשטן מאָל האָב איך דייטלעך דער-שפּירט, אַז איך בין אַ פאַרקויפטער מענטש, אַ שקלאַף. אַלץ אין מיר האָט זיך שוין צוזאַמענגענומען צו שטעלן אַ ווי-דערשטאַנד, נאָר ער, דער איבערגערעכנטער, איז מיר פאַר-לאָפן דעם וועג: „איר זענט אָפּגעוווינט פון מענטשן, דאָק-טאָר, און דאָס ווערט לסוף אַ קראַנקהייט. מיר האָבן זיך אַלץ געחידושט, פאַרוואָס איר קומט קיינמאָל נישט אַהער, פאַרוואָס איר נעמט קיינמאָל נישט קיין אורלויב. איר באַדאַרפט מער געזעלשאַפט, מער קומען אין באַרירונג מיט מענטשן. קומט ווייניקסטנס היינטיקן אָוונט, מיר האָבן היינט אַן אויפנאַמע ביי דער רעגירונג, איר וועט דאָרט טרעפן די גאַנצע קאָלאָ-ניע און צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן שוין לאַנג גיצוואָלט זיך באַקענען מיט אייך, וואָס האָבן זיך אָפט געפרעגט אויף אייך און אויסגעדרוקט דעם ווונטש אייך דאָ צו האָבן".
דאָס לעצטע וואָרט האָט מיר אַ ברי געטון. ווערגן מיר געפרעגט? זאָל עס נישט אַמאָל זיין זי? איך בין פּלוצלינג

אַן אַנדערער געוואָרן: איך האָב אים באַלד געדאַנקט העפלעך פאַר זיין איינלאַדונג און צוגעזאָגט צו קומען פינקטלעך. יאָ, דאַרף איך אייך נאָך זאָגן, אַז איך, געטריבן פון אומגעדולד, בין געווען דער ערשטער אין דעם גרויסן זאַל פון דער רעגירונגס-געביידע, שווייגנדיק אַרומגערינגלט פון די געלע דינערס, וועלכע זענען מיט באָרוויסע פיס אַרומגעלאָפן אַהין און אַהער און פון מיר — ווי ס'האָט זיך מיר אין מיין צעטומלטן באַוווסטזיין אויסגעוויזן — הינטער די פּלייצעס געשמייכלט. אַ פערטל שעה לאַנג בין איך געווען דער איינציקער איירָאָפּעער אין זאַל, ווו עס זענען אָן געוויש געמאַכט געוואָרן הכנות און איך בין געווען אַזוי פאַראיינזאַמט און אַליין מיט זיך, אַז איך האָב געהערט דאָס טיקען פונם זייגער אין מיין וועסט-טאַש. דערנאָך זענען ענדלעך אָנגעקומען עטלעכע רעגירונגס-באַאמטע מיט זייערע פאַמיליעס און צום סוף אויך דער גובערנאַטאָר, וועלכער האָט מיך אַריינגעצויגן אין אַ לענגערן שמועס, בעת וועלכן איך האָב לעבהאַפטיק, און ווי מיר דאַכט זיך, געשיקט געענטפערט, ביז... ביז איך האָב פּלוצלינג, ווערנדיק באַפאַלן פון אַ געהיימניספולער נערוועזיטעט פאַרלוירן די מינדסטע פלינקייט און אָנגעהויבן צו שטאַמלען. הגם איך בין געווען געווענדעט מיטן רוקן צו דער זאַלטיר, האָב איך דאָך מיטאַמאָל דערשפּירט, אַז זי האָט געמוזט אַריינקומען, אַז זי מוז זיך דאָ געפינען: איך קאָן אייך נישט זאָגן, ווי אַזוי די פּלוצלינגע זיכערקייט האָט מיך געפּאַקט, אָבער נאָך אין דער צייט, ווען איך האָב געשמועסט מיטן גובערנאַטאָר, האָבנדיק נאָך אין די אויערן דעם קלאַנג פון זיינע רייד, האָב איך עפּעס ווי מיטן רוקן דערשפּירט איר געגנוואַרט. צום גליק האָט דער גובערנאַטאָר באַלד פאַרענדיקט דעם שמועס — איך בין זיכער, אַז איך וואָלט מיך געווען פּלוצלינג און גראָב אַוועקגעדרייט פון אים, אַזוי שטאַרק איז געווען דאָס דאָזיקע סודותפולע ציען אין מיינע נערוון, אַזוי ברענענדיק גערייצט מיין באַגער. און ווירקלעך, באַלד ווי איך האָב מיך נאָר אויסגעדרייט, האָב איך זי דערזען פונקט אויף

יענעם אָרט, ווו מיין געפיל האָט זי געשפּירט. זי איז געשטאַ־
נען שמועסנדיק צווישן אַ גרופּע, אָנגעטון אין אַ געל באַל־
קלייד, פון וועלכן אירע שמאָלע, קלאָרע שולטערן האָבן
אַרויסגעלויכטן ווי העלפאַנט־ביין. זי האָט געשמייכלט, אָבער
מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר פּנים איז אָנגעשטרענגט.
איך בין צוגעגאַנגען נענטער — זי האָט מיך נישט געזען,
אָדער נישט געוואָלט זען און אַריינגעקוקט אינם דאָזיקן שמייכ־
לען, וואָס האָט ליבלעך און העפלעך געציטערט אַרום אירע
ליפּן. און דאָס דאָזיקע שמייכלען האָט מיך אויפסניי באַרוישט
ווייל... ווייל איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז געווען ליגן,
קונסט אָדער טעכניק, אַ מייסטערהאַפט פאַרשטעלן זיך.
היינט איז מיטוואָך, איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, שבת
קומט אָן די שיף מיט איר מאַן... ווי קאָן זי אַזוי שמייכלען,
אַזוי... אַזוי זיכער, אַזוי זאָרגלאָז שמייכלען און אַזוי פריי
זיך שפּילן מיט דעם פּעכער אין האַנט, אַנשטאָט אים צו צע־
דריקן קראַמפּהאַפטיק? איך... איך, אַ פרעמדער... איך ציטער
זינט צוויי טעג פון יענער רגע אָן... איך, אַ פרעמדער, לעב
איבער איר שרעק, איר פּחד מיט אַלע מיינע חושים... און
זי איז געגאַנגען אויפן באַל און שמייכלט, שמייכלט...

הינטער אונז האָט אָנגעהויבן שפּילן די מוזיק. דער טאַנץ
האָט זיך אָנגעהויבן. אַן עלטערער אָפיציר האָט זי פאַרבעטן
צום טאַנצן, זי האָט אַנטשולדיקנדיק זיך, פאַרלאָזט דעם פּלוי־
דערנדיקן קרייז און געגאַנגען מיטן אָפיציר צום אַנדערן זאַל,
פאַרביי געבן מיר. ווען זי האָט מיך דערזעען, איז איר פּנים
פּלוצלינג געוואָרן שטאַרק אָנגעשטרענגט, אָבער בלויז אויף איין
סעקונדע, דערנאָך האָט זי צו מיר העפלעך אַ נויג געטון מיטן
קאָפּ (נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט זיך צו אַנטשליסן,
אויב איך זאָל זי באַגריסן אָדער נישט), ווי צו אַ צופעליקן
באַקאַנטן: „גוטן אָוונט, דאָקטאָר", און באַלד ווייטער געגאַנגען.
קיינער האָט נישט געקאָנט וויסן, וואָס ס'איז אינם גרוי־גרינעם
בליק פאַרבאָרגן, און איך אַליין האָב עס אויך נישט געוווּסט.
פאַרוואָס גריסט זי... פאַרוואָס גיט זי זיך מיט אַמאָל צו דער־

קענען?.. האָט זי דערמיט געוואָלט מיך אָפּשטויסן אָדער מיך דערנענטערן. אָדער האָט זי דאָס געטון בלויז צוליב דער פּאַר־לעגנהייט, וואָס איז געקומען פון דער פּלוצלינגער איבעררא־שונג? איך קאָן אייך נישט שילדערן, ווי צעטומלט איך בין שטיין געבליבן, אַלץ אין מיר איז געווען אויפגעבּרויזט, און בעת איך האָב זי אַזוי אָנגעקוקט, ווי זי טאַנצט אזוי פריי מיטן אָפיציר, געזעען דעם קאַלטן גלאַנץ פון זאָרגלאָזיקייט אויף איר שטערן, וויסנדיק בשעת מעשה, אַז זי... אַז זי פונקט אַזוי ווי איך טראַכט נאָר וועגן דעם... אַז מיר ביידע אַליין האָבן דאָ בשותּפות אַ שרעקלעכן סוד... און זי טאַנצט... אין דער דאָזיקער רגע איז מיין שרעק, מיין גיריקייט און מיין פאַר־ווונדערונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאָך שטאַרקערע ליידנ־שאַפט, ווי פריער. איך ווייס נישט, אויב ס׳האָט מיך עמעצער אָבסערווירט, אָבער איך בין זיכער, אַז מיין פאַרהאַלטן זיך האָט מיך אַ סך מער אויסגעגעבן, ווי זי האָט זיך פאַרבאָרגן — איך האָב נישט געקאָנט קוקן אין אַן אַנדערע ריכטונג, איך האָב געמוזט... איך האָב געמוזט אויף איר קוקן, איך האָב מיך איינגעגעסן מיט די בליקן, און האָב פון דערווייטנס אויסגע־פּרוּווט איר פאַרשלאָסן פּנים, צי די מאַסקע וועט נישט כאָ׳ש אויף אַ רגע אראָפּפאַלן. און זי האָט אַפּנים געמוזט דערשפירן דעם דאָזיקן שטאַרקן בליק מיט אַן אומאַנגענעם געפיל. ווען זי איז צוריקגעגאַנגען, אָנהאַלטנדיק זיך אָן אָרעם פון איר טענצער, האָט זי אויף מיר אַ בליק געוואָרפן. אַ שאַרף באַפעלערישן, ווי זי וואָלט וועלן אָפּשטויסן. אויף איר שטערן האָט זיך ווידער באַוויזן יענער לייכטער, בייזער קנייטש פון שטאָלצן צאָרן, וועלכער איז מיר שוין פון פריער געווען באַקאַנט.

אָבער... אָבער איך האָב אייך שוין געזאָגט... איך בין געווען אַן אַמאָק־לויפער און האָב מיך נישט אומגעקוקט נישט רעכטס, נישט לינקס. איך האָב זי גלייך פאַרשטאַנען — דער דאָזיקער בליק האָט געהייסן: רוף נישט אַרויס קיין חשד! האַלט זיך איין! — איך האָב געוווּסט, אַז, ווי זאָל איך עס זאָגן?... אַז דאָ אין אָפענעם זאָל פאַרלאַנגט זי פון מיר, איך זאָל זיך

דיסקרעט פאַרהאַלטן... איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אויב איך זאָל אַצינד אהיימגיין, קאָן איך זיין זיכער, אַז זי וועט מיך מאָרגן אויפנעמען... אַז בלויז אצינד, נאָר אַצינד וויל זי אויסמיידן צו זיין אונטערגעוואָרפן מיין חשד־אַרויסרופנדיקע אינטימקייט, אַז זי — און זי האָט זייער רעכט געהאַט — האָט מורא פאַר עפּעס אַ סצענע, וואָס קאָן אַרויסקומען, צוליב מיין אומגעשיקט־קייט... איר זעט... איך האָב אַלץ געוווּסט, איך האָב פאַרשטאַ־נען דעם דאָזיקן באַפעלערישן גרויען בליק, אָבער... דער פאַר־לאַנג אין מיר איז געווען צו שטאַרק, איך האָב געמוזט מיט איר רעדן. און אַזוי אַרום בין איך וואַקלענדיק זיך צוגעגאַנגען צו דער גרופּע, ביי וועלכער זי איז געשטאַנען און געפּלוידערט. איך האָב מיך נאָענט צוגעשארט — הגם איך האָב געקענט בלויז עטלעכע פון די אָנוועזנדיקע — צום דאָזיקן נישט גאַנץ ענגן קרייז, געטריבן בלויז פונם באַגער, זי צו הערן רעדן און גלייכ־צייטיק שרעקעוודיק געבויגן, ווי אַ געשלאָגענער הונט, פאַר איר בליק, ווען זי פלעגט אים גלייכגילטיק אָנשטעלן אויף מיר, פונקט ווי איך וואָלט געווען איינע פון די לייוונטענע פּאָרטיערן, אָן וועלכע איך בין געשטאַנען אָנגעלענט, אָדער בלויז הוילע לופט. נאָר איך בין געשטאַנען, לעכצנדיק נאָך אירס אַ וואָרט צו מיר, נאָך אַ צייכן פון הסכמה; איך בין געשטאַנען מיט אַ פאַרגליווערטן בליק ווי אַ קלאָץ צווישן די פּלוידערנדיקע. עס האָט זיכער שוין געמוזט ווערן אויפפאַלנדיק; זיכער, וואָרום קיינער האָט זיך צו מיר נישט געווענדט מיט קיין וואָרט, און זי האָט געמוזט ליידן פון מיין לעכערלעכער געגנוואַרט.

איך ווייס נישט, ווילאַנג איך וואָלט אַזוי געווען געשטאַ־נען... אן אייביקייט אפשר... איך האָב מיך נישט געקאָנט אַרויס־קריגן פון דער דאָזיקער פאַרכּשופטקייט פון ווילן. און דווקא מיין ווילדע עקשנות האָט מיך געליימט... נאָר זי האָט עס שוין לענגער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן... זי האָט זיך פּלוצלינג געווענדט צו די הערן מיט דער פראַכטפולער לייכטקייט, וואָס איז געווען אַזוי אייגנטימלעך איר ווען און געזאָגט: „איך בין

אַ ביסל מיד... איך וויל היינט פריער גיין שלאָפן... אַ גוטע נאַכט!״... און באַלד האָט זי דורכגעשוועבט פאַרביי מיר מיט אַ געזעלשאַפטלעך־פרעמדן בויג מיטן קאָפּ... איך האָב נאָך געזעצן דעם הויכן קנייטש אויף איר שטערן און דערנאָך איר רוקן, דעם ווייסן, קילן, נאַקעטן רוקן. אַ סעקונדע לאַנג האָט געדויערט, איידער איך בין אימשטאַנד געווען צו באַנעמען מיטן שכל אַז זי איז אַוועק... אַז איך וועל זי שוין מער נישט זען, אַז איך וועל שוין נישט קאָנען מיט איר רעדן אינם דאָזיקן אָוונט, אינם דאָזיקן לעצטן אָוונט, וואָס מ׳קאָן זי נאָך ראַטעווען... אַן אויגנבליק לאַנג בין איך דעריבער געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער, ביז איך האָב עס באַנומען מיטן שכל... דער־נאָך... דערנאָך...

אָבער וואַרט נאָר... וואַרט... איר וועט אפשר נישט פאַר־שטיין, ווי אומזיניק, ווי נאַריש מיין טאַט איז געווען... איך מוז פריער די גאַנצע סביבה שילדערן... ס׳איז געווען אין גרויסן זאַל פונם רעגירונגס־בנין, אינגאַנצן העל באַלויכטן און כמעט ליידיק, דער אומגעהויערער זאַל... די פּאָרלעך זענען אַוועק צום טאַנץ, די הערן צום שפּיל... בלויז אין די ווינקלען האָבן אייניקע גרופּן געפּלוידערט... דער זאַל איז אַלזאָ געווען ליידיק, יעדע באַוועגונג האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן... און דורך דעם דאָזיקן גרויסן, לאַנגן זאַל איז זי פּאַמעלעך און לייכט דורכגעגאַנגען, באַוועגנדיק מיט אירע הויכע שולטערן, דאָ איי־נעם, דאָ אַן אַנדערן, אָפּענטפערנדיק אויף אַ גרוס מיט איר אומבאַשרייבלעכער האַלטונג... מיט דער דאָזיקער הערלעכער, קאַלטער מאַיעסטעטישער רויקייט, פון וועלכער איך בין תמיד געווען אַזוי אנטציקט... איך... איך בין געבליבן, איך האָב עס אייך שוין געזאָגט, איך בין געוואָרן ווי געליימט, איידער איך האָב באַנומען מיטן שכל, אז זי איז אַוועקגעגאַנגען... און דאַן, ווען איך האָב עס ענדלעך באַנומען, איז זי שוין געווען ביים אַנדערן עק זאַל, נישט ווייט פון דער טיר... און דאַן... אָ, — איך שעם מיך נאָך אַצינד, ווען איך טראַכט דערפון... דאַן האָט מיך עפּעס פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט און איך האָב מיך גע־

לאָזט לויפן, — איר הערט: איך האָב מיך געלאָזט לויפן... איך בין נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן נאָך איר מיט קלאַפּנדיקע טריט, וואָס האָבן הויך אָפּגעקלונגען אַרום, איבער דער ברייט פון זאַל... איך האָב געהערט מיינע טריט, איך האָב געזען, ווי אַלעמענס בליקן זענען מיט דערשטוינונג געווענדט אויף מיר... איך בין שיעור איינגעזונקען געוואָרן פאַר בושה... שוין לויפנ־דיק, האָב איך דערפילט מיין אומזיניקע טאַט... אָבער איך האָב נישט געקאָנט... איך האָב מיך שוין נישט געקאָנט צוריקציען... ביי דער טיר האָב איך זי דעריאָגט... זי האָט זיך אומגעדרייט... אירע אויגן האָבן, ווי גרויער שטאָל טיף זיך איינגעשפּיזט אין מיר, די נאָז-לעפלעך האָבן געציטערט פאַר צאָרן... איך האָב שוין געוואָלט אָנהויבן צו שטאַמלען... דאַן... דאַן האָט זי זיך פּלוצלינג צעלאַכט... זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קלינגענדיק, זאָרגלאָז, האַרציק געלעכטער און הויך אויפן קול געזאָגט... אַזוי הויך, אַז אַלע האָבן עס געקאָנט הערן... „אַך, דאָקטאָר, אַצינד ערשט האָט איר זיך דערמאָנט אָן דער רעצעפּט פאַר מיין יינגעלע... יאָ, די וויסנשאַפטס=מענער"... עטלעכע, וואָס זענען געשטאַנען דערנעבן, האָבן גוטמיטיק מיטגעלאַכט... איך האָב פאַרשטאַנען, איך בין צעמישט געוואָרן פון דער מייסטער־שאַפט, מיט וועלכער זי האָט געראַטעוועט די סיטואַציע... איך האָב אַריינגעשטעקט די האַנט נאָך מיין בריוונטאַש און אַרויס=געריסן אַ ליידיק בלעטל פון בלאָק, וועלכעס זי האָט נאַכלע־סיק צוגענומען, איידער זי איז... ווירער מיט אַ קאַלטן, דאַנקענ־דיקן שמייכל אַוועק געגאַנגען... אין דער ערשטער רגע איז מיר אַביסל לייכטער געוואָרן... איך האָב איינגעזען, אַז מיין משוגעת איז דורך איר מייסטערשאַפט פאַרריכט געוואָרן, די סיטואַציע געוווּנען... גלייכצייטיק האָב איך אָבער אויך פאַר־שטאַנען, אַז פאַר מיר איז שוין אַלץ פאַרלוירן, אַז די דאָזיקע פרוי האַסט מיך פאַר מיין צו היציקער טפשות... אַז זי האַסט מיך מער ווי דעם טויט... אַז איך מעג שוין אַצינד הונדערט מאָל אַפילו קומען צו איר טיר, וועט זי מיך אַוועקטרייבן ווי אַ הונט.

איך האָב מיך וואַקלענדיק זיך געלאָזט גיין דורכן זאַל...
איך האָב באַמערקט, אַז די מענטשן קוקן מיך אָן... איך האָב
אַפּנים געמוזט האָבן אַ משונהדיק אויסזעען... איך בין צוגע־
גאַנגען צום בופעט, אויסגעטרונקען צוויי, דריי, פיר גלעזער
קאָניאַק, איינס נאָכן אַנדערן... דאָס האָט מיך געראַטעוועט פון
אומפאַלן... מיינע נערוון האָבן שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן,
זיי זענען געווען ווי דורכגעריסן... דערנאָך האָב איך מיך שטיל,
ווי אַ פאַרברעכער, אַרויסגעשלייכט דורך אַ זייטנטיר... פאַר
קיין שום פאַרמעגן אויף דער וועלט וואָלט איך נישט אימשטאַנד
געווען נאָך אַמאָל דורכצוגיין איבערן זאַל, וווּ איר געלעכטער
האָט נאָך שאַרף און בולט געקלעפּט אויף אַלע ווענט. איך
בין אַוועקגעגאַנגען... איך געדענק שוין אַצינד נישט גענוי,
וווּהין איך בין געגאַנגען... אין עטלעכע קנייפּעס און האָב
מיך אָנגעשכורט... איך האָב מיך אָנגעשכורט ווי איינער, וואָס
וויל אָן אַלץ פאַרגעסן... אָבער... מיינע געדאַנקען זענען נישט
באַטויבט געוואָרן... דאָס געלעכטער האָט זיך איינגעביסן אין
מיר, שניידיק און בייז... איך האָב דאָס געלעכטער, דאָס דאָ־
זיקע פאַרשאָלטענע געלעכטער נישט געקאָנט פאַרטויבן... איך,
האָב מיך נאָך אַרומגעבלאָנקעט אין האַפן... דעם רעוואָלווער
האָב איך איבערגעלאָזט אין דער היים, ווען נישט וואָלט איך
מיך געווען דערשאָסן. איך האָב שוין גאָרנישט געטראַכט וועגן
קיין אַנדערע זאַך און מיטן דאָזיקן געדאַנק בין איך אויך
אַהיימגעגאַנגען... מיטן געדאַנק וועגן דעם שופלאָד לינקס אין
קאַסטן, וווּ מיין רעוואָלווער איז געלעגן... בלויז מיט דעם איי־
נעם געדאַנק...

דאָס, וואָס איך האָב מיך נישט דערשאָסן... איך שווער
אייך, אַז עס איז נישט געווען צוליב פּחדנות... ס׳וואָלט פאַר
מיר געווען אַ דערלייזונג, אַ דריק צו טון דאָס צנגעצויגענע
קאַלטע צינגל... אָבער ווי זאָל איך עס אייך דערקלערן... איך
האָב נאָך געפילט אין מיר עפּעס אַ חוב... יאָ, יענעם חוב צו
העלפן, יענעם פאַרשאָלטענעם חוב... איך בין שיעור פון זינען
אַראָפּ ביי דעם געדאַנק, אַז זי קאָן מיך נאָך באַדאַרפן, אַז זי

באַדאַרף מיך טאַקע... ס'איז שוין געווען דאַנערשטיק אינדערפרי, ווען איך בין אַהיימגעקומען, און שבת... ווי איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט... שבת האָט געזאָלט אָנקומען די שיף, און אַז די דאָזיקע פרוי, די דאָזיקע גאוהדיקע, שטאָלצע פרוי וועט די חרפה פאַר איר מאַן, פאַר דער וועלט נישט איבער־לעבן, אין דעם בין איך געווען זיכער... אָ, וואָס פאַר אַ יסורים איך האָב געפילט, בעת איך האָב א טראַכט געטון וועגן דער אומזיניק־פאַרשווענדעטער קאָסטבאַרער צייט, וועגן מיין משוגע־נער איילעניש, וועלכע האָט צונישט געמאַכט יעדע רעכטצייטי־קע הילף... שעהן־לאַנג, יאָ, שעהן־לאַנג, איך שווער אייך, בין איך אַרומגעגאַנגען איבערן צימער, אויף און אָפּ, און האָב מיר געבראָכן דעם מח, ווי אַזוי איך זאָל זיך צו איר ווידער דער־נענטערן, ווי אַזוי אַלץ ווידער צו פאַרריכטן, ווי אַזוי איר צו העלפן... וואָרום אַז זי וועט מיך שוין מער נישט אַריינלאָזן צו זיך אין הויז, דערין בין איך געווען זיכער... איך האָב נאָך געפילט אין אַלע נערוון איר געלעכטער און דאָס צאָרנדיקע ציטערן פון אירע נאָז־לעפלעך ... שעהן־לאַנג, באמת שעהן־לאַנג, האָב איך אַזוי ארומגעשפּאנט אויף און אפּ איבער די דריי מעטער שטח פונם ענגן צימער... עס איז שוין געווען טאָג, עס איז שוין געווען נאָענט צו מיטאָגצייט...

און פּלוצלינג האָט עס מיך אַ צי געטון צום טיש... איך האָב האסטיק אַרויסגענומען אַ פּעקל בריוו־פּאַפּיר און אָנגעהויבן שרייבן צו איר... אַלץ צו שרייבן... אַ הינטיש־יאָמערנדיקן בריוו, אין וועלכן איך האָב זי געבעטן, מיר מוחל צו זיין, אָנ־רופנדיק זיך אַליין משוגענער און פאַרברעכער... און באַשווערנ־דיק זי, זי זאָל זיך מיר אָנפאַרטרויען... איך האָב צוגעשווירן באַלד צו פאַרשווינדן פון דער שטאָט, פון דער קאָלאָניע. אויב זי וועט וועלן: פון דער וועלט... נאָר זי זאָל מיר מוחל זיין און זיך מיר אָנפאַרטרויען, זי זאָל זיך לאָזן העלפן אין דער לעצטער, אין דער גאָר־לעצטער שעה... צוואַנציק זייטלעך האָב איך אַזוי אָנגעשריבן אין פיבער... דאָס האָט געמוזט זיין אַ וואַנזיניקער, אַן אומבאשרייבלעכער בריוו, ווי פון היץ, וואָרום

ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון טיש, בין איך געווען באַגאָסן מיט שווייס... דאָס צימער האָט זיך געוואַקלט, איך האָב גע־מוזט אויסטרינקען א גלאָז וואסער... דאַן האָב איך געפּרווּט נאָכאַמאָל איבערצולייענען דעם בריוו, אָבער אַ גרויל האָט מיך אַרומגענומען באַלד נאָך די ערשטע ווערטער... איך האָב אים איינגעלייגט מיט ציטערנדיקע הענט, שוין געוואָלט נעמען אַ קאָנווערט... נאָר פּלוצלינג איז מיר אַ ציטער דורך איבערן לייב. ס'איז מיר מיטאַמאָל געקומען אויפן געדאַנק דאָס ריכטי־קע, דאָס אַנטשיידנדיקע וואָרט. און איך האָב ווידער האַסטיק אַ נעם געטון די פּעדער צווישן די פינגער און אָנגעשריבן דאָס לעצטע בלעטל: "איך וואַרט דאָ אין האָפן־האָטעל אויף אַ וואָרט פון פאַרגעבונג. אויב איך וועל ביז זיבן אַ זייגער נישט האָבן קיין ענטפער, דערשיס איך מיך".

דאַן האָב איך צוזאַמענגענומען די בלעטלעך, אָנגעקלעפּט נאָך א ייִנגל און אים געהייסן גלייך אַוועקטראָגן דעם בריוו. ענדלעך איז אַלץ געווען אַרויסגעזאָגט — אַלץ!"

*

ס'האָט זיך געגעבן אונדז דערהערט אַ קלונג און אַ קוילערן זיך, מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג האָט ער די וויסקי־פלאַש איבער־געקערט: איך האָב געזעהן ווי זיין האַנט טאַפּט אויפן באָדן זוכנדיק זי און דערנאָך, ווי ער האָט זי פּלוצלינג אָנגעכאַפּט: ער האָט אַ שליידער געטון די ליידיקע פלאַש איבערן באָרט אַריבער, מאַכנדיק אַ ברייטן בויגן. עטלעכע מינוט איז זיין שטים אנטשוויגן געוואָרן, דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן נאָך פיבערדיקער, נאָך אויפגערעגטער און האַסטיקער ווי פריער.

„איך בין נישט מער קיין גלויביקער קריסט... פאַר מיר עקזיסטירט נישט קיין הימל און קיין גיהנם... און אויב עס איז יאָ פאַראַן, האָב איך דערפאַר קיין מורא נישט, וואָרום דאָס קאָן שוין נישט ערגער זיין פאַר יענע שעהן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט פון פאַרמיטאָג ביז אָוונט... שטעלט אייך

פאַר אַ קליין צימערל, אָנגעוואָרעמט פון דער זון, וואָס אַמאָל גליענדיקער פון דער מיטאָגצייט-היץ... אַ קליין צימערל, בלויז אַ טיש, אַ שטול, אַ בעט... און אויפן טיש געפינט זיך נישט מער, ווי אַ זייגער און אַ רעוואָלווער און פאַר דעם טיש אַ מענטש... אַ מענטש, וואָס טוט נישט קיין שום זאַך, נאָר גלאָצט כסדר אויף דעם דאָזיקן טיש, אויפן סעקונדע־ווייזער פונם זייגער... אַ מענטש, וואָס נישט ער עסט, נישט ער טרינקט, נישט ער רויכערט און רירט זיך אַפילו נישט... אַ מענטש, וואָס האַלט כסדר... הערט נאָר: וואָס האַלט כסדר, דריי שעה לאַנג... אין איין גלאָצן אויף דעם ווייסן עיגול פון ציפערבלאַט און אויף דעם קליינעם ווייזער, וועלכער לויפט טיקנדיק אַרום דעם עיגול... אַזוי... אַזוי... האָב איך דעם דאָזיקן טאָג פאַרבראַכט, בלויז וואַרטנדיק, אַזוי ווי נאָר אַן אַמאָק-לויפער טוט עפּעס, אומזיניק, חיהש, מיט יענער ווילדער, פעסטער עקשנות.

אַלזאָ... איך וועל אייך די דאָזיקע שעהן נישט שילדערן... דאָס לאָזט זיך נישט שילדערן... איך פאַרשטיי עס אַליין נישט, ווי אַזוי מען קאָן אַזעלכעס איבערלעבן, נישט ווערנדיק דערביי משוגע. אַלזאָ... דריי אַ זייגער מיט צוויי און צוואַנציק מינוט... איך געדענק עס גענוי, איך האָב דאָך כסדר געגלאָצט אויפן זייגער... האָט מען פּלוצלינג אָנגעקלאַפּט אין טיר... איך בין אויפגעשפּרונגען... איך בין אויפגעשפּרונגען, ווי אַ טיגער שפּרינגט-אויף אויף זיין רויב; מיט איין שפּרונג בין איך געווען ביי דער טיר, האָב זי אויפגעריסן... און דערזעען פאַר מיר אינדרויסן אַ צעשראָקן קליין כינעזיש יינגל, וואָס האָט געהאַלטן אין האַנט אַ צוזאַמענגעדריקטן צעטל און אין דער צייט, וואָס איך האָב עס מיט גיריקייט ביי אים צוגענומען, האָט ער זיך שנעל אַוועקגעשאַרט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

איך האָב אויפגעריסן דעם צעטל, געוואָלט לייענען... רויטע רינגען האָבן זיך געדרייט פאַר מיינע אויגן... שטעלט זיך פאָר די יסורים, איך האָב ענדלעך, ענדלעך דאָס וואָרט פון איר... און אָט ציטערט עס און טאַנצט מיר פאַר די אויג־אַפּלען... איך האָב איינגעטונקען דעם קאָפּ אין וואַסער... דאַן

ערשט איז מיר אביסל קלאָרער געוואָרן פאַר די אויגן... איך האָב נאָכאַמאָל גענומען דעם צעטל און געלייענט:

„צו שפּעט! אָבער וואַרט אין דער היים. אפשר וועל איך אייך נאָך רופן".

קיין שום אונטערשריפט האָט זיך נישט געפונען אויף דעם שטיק צעקנייטשטן פּאַפּיר, וואָס איז געווען אָפּגעריסן פון עפּעס אַן אַלטן פּראָספּעקט... האַסטיקע, צעשוווּמענע בליישטיפט-צייכנס, וועלכע טראָגן דאָך סימנים פון אַ פעסטער האַנטשריפט... איך ווייס נישט, פאַרוואָס איך בין אַזוי דערשיטערט געוואָרן פונם דאָזיקן בלאַט... עס איז געלעגן דערויף אַ שטעמפּל פון גרויל, פון סודותדיקייט, עס האָט אויסגעזען, גלייך ווי עס וואָלט געווען געשריבן בשעתן אַנטלויפן, שטייענדיק ביי אַ פענסטער אָדער אין אַ פאַרנדיקן וואָגן... עפּעס אַ מין שרעק, אימפּעט און אימהדיקייט האָט פּראָסטיק אַ שלאָג געטון אויף מיין נשמה פונם דאָזיקן סודותפולן צעטל... און דאָך... און דאָך בין איך געווען גליקלעך: זי האָט צו מיר געשריבן, איך מוז נאָך נישט שטאַרבן, איך באַדאַרף איר העלפן... אפשר... איך באַדאַרף... אָ, איך בין אינגאַנצן פאַרזונקען געוואָרן אין די אויסטערליש-סטע השערות און האָפנונגען... הונדערט מאָל, טויזנט מאָל האָב איך איבערגעלייענט דאָס קליינע צעטעלע, געקוקט עס... דורכ-געפאָרשט, צי איך האָב נישט פאַרגעסן, צי איך האָב נישט דורכגעלאָזט עפּעס אַ וואָרט... מיין טרוימעריי איז וואָס אַמאָל געוואָרן טיפער, צעשוווּמענער; אַ מין פאַנטאַסטישער צושטאַנד, ענלעך צו אַ שלאָף מיט אָפענע אויגן... אַ מין גלייכגילטיקייט, עפּעס אַ מין צושטאַנד פון פאַרטויבטקייט און גלייכצייטיקער עמפּינד-לעכקייט, עפּעס אַזעלכעס צווישן שלאָף און וואַכזיין, וואָס האָט געדויערט אפשר פערטל-שעה, אפשר גאָר שעהן...

פּלוצלינג האָב איך דערשראָקן אויפגעציטערט... האָט מען נישט געקלאַפּט?.. איך האָב פאַרהאַלטן דעם אָטעם... איין מי-נוט, צוויי מינוטן פון אומבאַוועגלעכן שטילשווייגן... און דער-נאָך ווידער גאַנץ שטיל, אַזוי ווי דאָס קראַצן פון אַ מויז, אַ שטיל אָבער העפטיק קלאַפּן... איך בין אויפגעשפּרונגען, אינ-

גאַנצן נאָך אַ צעטומלטער, און האַסטיק אַן עפֿן געטון די טיר — אין דרויסן איז געשטאַנען דער „באָי", איר „באָי". דער זעלבער, וועלכן איך האָב דעמאָלט צעשלאָגן מיט מיין פויסט... זיין ברוין פנים האָט איצט געהאַט אַן אַש־קאָליר, זיין צעטומלטער בליק האָט אָנגעזאָגט אַן אומגליק... איך האָב גלייך דערשפירט אַ גרויל... „וואָס... וואָס איז געשעען?" בין איך נאָך קוים אימשטאַנד געווען אַרויסצושטאַמלען. („Come quickly"*) האָט ער אַ זאָג געטון... נישט מער... איך בין באַלד האַסטיק אַראָפּגעלאָפן דורך די טרעפ, ער נאָך מיר... אַ סאַדאָ, (אַזאַ מין קליינער וואָגן), איז געשטאַנען אונטן אָנגעגרייט, מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט... „וואָס איז געשעען?" האָב איך אים געפרעגט... ער האָט מיך ציטערנדיק אָנגעקוקט און געשוויגן מיט פאַרביסענע ליפּן... איך האָב נאָכאַמאָל געפרעגט — ער האָט געשוויגן און געשוויגן... איך בין גרייט געווען ווידער צו דערלאַנגען אים מיט דער פויסט איבערן פנים, אָבער... גראָד זיין הינטישע טריישאַפט צו איר האָט מיך געריהרט... און איך האָב שוין מער נישט געפרעגט... דאָס וועגעלע איז אַזוי האַסטיק געפאָרן דורכן המון, אַז די מענטשן זענען שעלטנדיק זיך פונאַנדערגעלאָפן. מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דעם אייראָפּעישן קוואַרטאַל ביים האַפן צום נידריקן טייל פון שטאָט און ווייטער, ווייטער, ביז מיר האָבן דערגרייכט צום ליאַרמענדיקן מיש־מאַש פון דער כינעזער־שטאָט... ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין אַן ענגער גאַס, וואָס איז געלעגן גאָר אין אַ זייט... און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר א נידריק הייזל... עס האָט אויסגעזען שמוציק און איינגעשרומפן, פון פאָרנט אַ קליין קרעמל, באַלויכטן מיט אַ חלבן ליכט... איינס פון יענע קרעמלעך, אין וועלכע עס באַהאַלטן זיך די אָפּיום־ און שאַנד־הייזער, אַ גנבים־נעסט, אָדער אַ קעלער אויף צו באַהאַלטן גנבות... דער באָי האָט האַסטיק אָנגעקלאַפּט... הינטער דעם טיר־שפּאַלט האָט זיך דערהערט אַ צישן פון אַ שטים, זי האָט געפרעגט און געפרעגט... איך האָב שוין נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן, בין אַראָפּגע־

*) קומט גיך

שפרונגען פון זיך-פּלאַץ און אַ ריס-אויף געטון די צוגעלענטע טיר... און אַלטע כינעזערין איז אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק מיט אַ פאַרשטיקטן אויסגעשריי... הינטער מיר איז אַריין דער „באָי“ און מיך אַוועקגעפירט אין אַ דורכגאַנג... ער האָט אויפגעריגלט אַן אַנדערע טיר... און אַנדערע טיר אין אַ טונקעלן חלל, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט אַ שלעכטער ריח פון בראָנפן און פאַרגליווערט בלוט... עמעצער האָט דאָרט געקרעכצט... איך האָב טאַפּנדיק אָנגעהויבן צו זוכן“...

*

די שטים איז ווידער שטיל געוואָרן אויף אַ ווײַלע. דערנאָך האָט זי זיך אויפסניי געלאָזט הערן, נאָר דאָס איז שוין גיכער געווען אַ שלוכצן ווי אַ רעדן.

„איך... איך האָב טאַפּנדיק אָנגעהויבן צו זוכן... און דאָרט... דאָרט, אויף אַ שמוציק געלעגער... אויסגעקרימט פאַר יסורים... איז געלעגן אַ קרעכצנדיק שטיק מענטש... דאָרט איז זי גע-לעגן... איך האָב צוליב דער טונקלקייט נישט געקאָנט זען איר פּנים... מײַנע אויגן זענען נאָך נישט געווען צוגעוווינט... איך האָב דעריבער ווידער טאַפּנדיק געזוכט... איר האַנט... הייס... ברענענדיק הייס... פיבער, שטאַרקער פיבער... און אַ שווידער האָט מיך אַרומגענומען... איך האָב באַלד פאַרשטאַנען אַלץ... זי איז דאָ אַהער אַנטלאָפן פאַר מיר... זי האָט זיך געלאָזט צושעדיקן פון עפּעס אַ שמוציקער כינעזערין, בלויז דערפאַר, ווייל דאָ האָט זי געהאָפט וועט עס בלייבן בסוד... זי האָט זיך געלאָזט אומברענגען פון עפּעס אַ טייוולאָנישער מכשפה, איידער זיך מיר אָנצופאַרטרויען... בלויז דערפאַר, ווייל איך, וואַנזיניקער... ווייל איך האָב איר שטאָלץ נישט געשוינט, ווייל איך האָב איר גלייך נישט געהאָלפן... ווייל זי האָט ווייניקער מורא געהאַט פאַרן טויט, ווי פאַר מיר...

איך האָב אַ געשריי געטון, מ׳זאָל ברענגען ליכט. דער באָי איז אַרויסגעשפּרונגען: די מיאוסע כינעזערין האָט מיט ציטערנ-

דיקע הענט געבראַכט אַ רויכערנדיקן נאַפט-לאָמפּ... איך האָב
זיך געמוזט אַ כּח אָנטון, נישט צוצושפּרינגען צו דער געלער
מכשפה און זי אָנכאַפּן ביים גאָרגל... זי האָט אַנידערגעשטעלט
דעם לאָמפּ אויפן טיש... די ליכטשיין האָט געל און העל
באַלויכטן דאָס צעווייטיקטע לייב... און פּלוצלינג... פּלוצלינג
איז פון מיר אַלץ פאַרשוווּנדן געוואָרן, די פאַרשכּורטקייט,
דער צאָרן, די גאַנצע אומריינע צעאײַטערטקייט פון אָנגע-
זאַמעלטע ליידנשאַפטן... איך בין ווידער געוואָרן נישט מער
ווי אַ דאָקטאָר, אַ העלפנדיקער, פילנדיקער, וויסנדיקער מענטש...
איך האָב מיך פאַרגעסן... איך האָב מיט וואַכע, קלאָרע חושים
מלחמה געהאַלטן קייגן דעם שרעקלעכן... דעם נאַקעטן קערפּער,
וועלכן איך האָב אין מיינע חלומות באַגערט, האָב איך אַציַנד
געפילט בלויז ווי... ווי אַזוי זאָל איך עס זאָגן... ווי, מאַטעריע, ווי אַן
אָרגאַניזם... איך האָב שוין נישט געשפּירט זי אַליין, נאָר
בלויז דאָס לעבן, וואָס ווערט זיך קייגן דעם טויט, דעם מענטש,
וואָס קורטשעט זיך אין שווערע יסורים... איר בלוט, איר הייס,
איר הייליק בלוט האָט גערונען איבער מיינע הענט, אָבער איך
האָב דערביי נישט געהאַט נישט קיין געפיל פון תאווה און
נישט פון גרויל... איך בין נאָר געווען בלויז דאָקטאָר...
איך האָב בלויז געזען די יסורים... און איך האָב געזען...

און איך האָב גלייך דערזען, אַז אַלץ איז פאַרלוירן,
אויב עס וועט נישט געשען עפּעס אַ נס... זי איז געוואָרן
פאַראומגליקט און צעבלוטיקט אונטער דער פאַרברעכערישער
אומגעשיקטער האַנט... און אין דער דאָזיקער שטינקענדיקער
הייל האָט זיך נישט געפונען קיין זאַך, מיט וועלכער איך זאָל
קענען דאָס בלוט שטילן, אַפילו נישט קיין ריין וואַסער... אַלץ,
צו וואָס איך האָב מיך צוגערירט, איז געווען באַדעקט מיט
שמוץ...

„מיר מוזן די מינוט אין שפּיטאָל אַריין" האָב איך גע-
זאָגט. אָבער ווי איך האָב עס נאָר אַרויסגעזאָגט, האָט זיך דער
צעפּייניקטער גוף קראַמפּהאַפטיק דערהויבן. „ניין... ניין... בעסער
שטאַרבן... קיינער זאָל נישט וויסן... אַ היים, אַ היים..."

איך האָב פֿאַרשטאַנען... זי האָט זיך מער געראַנגלט פֿאַר דער געהיימניש, פֿאַר איר כּבֿוד, איידער פֿאַרן לעבן... און — און איך האָב געפֿאָלגט... דער באַי האָט געבראַכט אַ טראָג־בעטל... מיר האָבן עס אויסגעבעט און זי אַרייגעלייגט... און אַזוי ווי אַ בר־מינן שוין, אַן אָפּגעשוואַכטע און פֿיבערנדיקע, האָבן מיר זי אַוועקגעטראָגן אין מיטן דער נאַכט... אַ היים... באַזייטיקנדיק די צעשראָקענע דינערשאַפֿט. ווי גנבֿים האָבן מיר זי אַריינגעטראָגן אין איר צימער און פֿאַרשפּאַרט די טירן... און דאַן... דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף, דער לאַנגער קאַמף מיטן טויט..."

*

פּלוצלינג האָט אַ האַנט קראַמפּהאַפֿטיק אַרומגענומען מיין אָרעם, אַז איך האָב שיעור אויסגעשריגן פֿאַר שרעק און ווייטיק. דאָס פּנים אין דער פֿינסטער האָט זיך מיט אַמאָל נאָענט צוגעבויגן צו מיר, אויסגעקרומט פֿון גרימאַסן. איך האָב דער־זען די ווייסע ציין, וואָס האָבן געשטשירעט מיט אַ פּלוצלינגן אָנפֿאַל פֿון ווילדקייט, איך האָב געזען די אויגנגלעזלעך, פֿינק־לענדיק אין בלאַסן אָפּשיין פֿונם לבֿנה־ליכט, ווי צוויי ריזיקע קאַצן־אויגן. און אַצינד האָט ער שוין נישט גערעדט — ער האָט געשריגן, גלייך ווי ס'וואָלט מיט אים געטרייסלט עפּעס אַ ווילדער צאָרן:

„צי ווייסט איר, איר פֿרעמדער מענטש, וואָס זיצט זיך דאָ אַזוי פֿויל אויף אַ דעק־שטול, אַ שפּאַציר־רייזנדער איבער דער וועלט, ווייסט איר, ווי אַזוי ס'גייט צו, ווען אַ מענטש שטאַרבט? זענט איר שוין אַמאָל געווען דערביי, האָט איר געזען, ווי דער גוף קרומט זיך, ווי די בלויע נעגל שניידן זיך איין אין ליידיקן חלל, ווי די קעל כאָרכלט, ווי יעדער אבֿר ווערט זיך, ווי יעדער פֿינגער ראַנגלט זיך קעגן דעם שרעק־לעכן, און ווי דאָס אויג שפּרינגט אויף מיט אַ פּחד, וועלכן מ'קאָן נישט איבערגעבן מיט קיין ווערטער? האָט איר שוין

אַמאָל דאָס איבערגעלעבט, איר ליידיקגייער, איר וועלט-ארומ-
פאָרער, איר, וואָס רעדט פון העלפן ווי פון אַ חוב? איך
האָב עס אָפט געזען אַלס דאָקטאָר, איך האָב עס געזען ווי...
ווי אַ שפּיטאָל-געשעעניש, ווי אַ פאַקט... אויך האָב עס אַזוי
צו זאָגן שטודירט — אָבער איבערגעלעבט האָב איך עס נאָר
איין מאָל, מיטגעלעבט, מיטגעשטאָרבן בין איך נאָר דעמאָלט
אין יענער נאַכט... אין יענער שרעקלעכער נאַכט, ווען איך
בין געזעסן און געבראָכן זיך דעם מוח, כדי עפּעס אויסצו-
טראַכטן, עפּעס אויסצוגעפינען, עפּעס צו דערפינדן קייגן דעם
בלוט, וואָס האָט געראָנען און גערונען, קייגן דעם
פיבער, וואָס האָט זי פאַר מיר אין די אויגן פאַרברענט...
קייגן דעם טויט, וואָס איז אָנגעקומען וואָס אַמאָל נענטער און
וועלכן איך האָב נישט געקאָנט פאַרטרייבן פון בעט.

פאַרשטייט איר, וואָס עס הייסט זיין אַ דאָקטאָר, וויסן
אַלצדינג, וואָס מען באַדאַרף טון קייגן דער אָדער יענער קראַנק-
הייט, האָבן — ווי איר האָט זיך אַזוי קלוג אויסגעדריקט — דעם
חוב צו העלפן, און דאָך זיצן אָנמעכטיק ביי אַ שטאַרבנדיקער,
אַלץ צו וויסן און דאָך נישט האָבן קיין שום מאַכט... פילן
בלויז דאָס איינע, דאָס דאָזיקע שרעקלעכע, אַז מען קאָן גאָר-
נישט העלפן, ווען מען זאָל זיך אפילו אויפרייסן אַלע אָדערן
אינם אייגענעם לייב... ווייסט איר, וואָס דאָס הייסט צוקוקן,
ווי אַ געליבטער קערפּער פאַרגייט אין בלוט, ווי ער מאַטערט
זיך אין יסורים; אַ פּולס צו פילן, וואָס שלאָגט האַסטיק און
לעשט זיך אויס... וואָס שווימט אַוועק פון אונטער די פינגער...
צו זיין אַ דאָקטאָר און גאָרנישט צו וויסן, גאָרנישט, גאָרנישט,
גאָרנישט... בלויז צו זיצן און פליסטערן עפּעס אַ תפילה, ווי
אַן אַלטע פרוי אין קירכע און דערנאָך ווידער צוזאַמענדריקן
די פויסטן קייגן אַ נישטיקן גאָט, פון וועלכן מען ווייסט, אַז
ער עקזיסטירט נישט... פאַרשטייט איר דאָס? פאַרשטייט איר
דאָס? איך... איך פאַרשטיי נאָר נישט איין זאַך, ווי... ווי
אַזוי איז עס מעגלעך, אַז מען שטאַרבט נישט מיט אין אַזעלכע
סעקונדן... אַז מען שטייט נאָך דערנאָך צומאָרגנס אויף פון

שלאָף און מען פּוצט זיך די ציין און מען פאַרבינדט זיך נאָך דעם קראַוואַט... אַז מען קאָן נאָך לעבן, נאָכדעם ווי מען לעבט איבער דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט; ווי מען פילט, אַז דער אָטעם פונם דאָזיקן מענטשן, פאַר וועלכן איך האָב געראַנגלט און געקעמפט, וועלכן איך האָב געוואָלט דערהאַלטן מיט אַלע כחות, מיט מיין גאַנצער נשמה... אַז דער דאָזיקער אָטעם גליטשט זיך אַרויס אונטער מיר... גליטשט זיך אַוועק ערגעץ, וואָס אַמאָל שנעלער און שנעלער, פון מינוט צו מינוט און איך קאָן מיט מיין פיבערדיקן מח קיין שום זאַך נישט אויסגעפינען, דעם דאָזיקן מענטשן, דעם דאָזיקן איינציקן מענטשן צו דערהאַלטן ביים לעבן...

און דערצו נאָך, כדי מיינע יסורים טייוולאָניש צו פאַר־מערן, איז צוגעקומען נאָך עפּעס... בעת איך בין געזעסן ביי איר בעט — איך האָב איר איינגעגעבן מאָרפיום, כדי איר די יסורים צו פאַרלייכטערן, און געקוקט אויף איר, ווי זי איז געלעגן מיט הייסע באַקן, הייס און בלייך — בעת איך בין אַזוי געזעסן, האָב איך כסדר געשפּירט, ווי אויף מיין רוקן זענען אָנגעשטעלט צוויי אויגן מיט אַ מוראדיקן אויסדרוק פון געשפּאַנטקייט... דער באַי איז דאָרט געזעסן אַן איינגע־קורטשעטער אויף דער ערד און געמורמלט שטיל עפּעס אַ תפלה... ווען מיין בליק פלעגט זיך צוזאַמענטרעפן מיט זיינעם, איז... ניין, איך קען עס נישט שילדערן... איז זיין הינטישער בליק געוואָרן אַזוי פול מיט געבעט, מיט... דאַנקבאַרקייט, און ער האָט גלייכצייטיק אויסגעשטרעקט צו מיר זיינע הענט, גלייך ער וואָלט מיך באַשווערן, זי צו ראַטעווען... איר פאַר־שטייט: צו מיר, צו מיר האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט, ווי צו אַ גאָט... צו מיר... דעם אָנמעכטיקן שוואַכן, וועלכער ווייסט, אַז אַלץ איז שוין פאַרלוירן... אַז איך בין שוין דאָ אַזוי אומנוצלעך, ווי אַ מוראַשקע, וואָס פּויזעט אַרום אויף דער ערד... אָ, דער דאָזיקער בליק, וויפל יסורים האָט ער מיר פאַרשאַפט, די דאָזיקע פאַנאַטישע, די דאָזיקע חיהשע האָפנונג אויף מיין קונסט... איך האָב געוואָלט אָנשרייען אויף

אים, מיט די פיס טרעטן, אַזוי האָט ער מיר ווײ געטון.... אָבער איך האָב געשפּירט, ווי מיר זענען ביידע פאַרבונדן דורך אונזער ליבע צו איר... דורך דעם סוד... ווי אַ נאָכלויערנדיקע חיה, ווי אַ שטיק קנויל איז ער געזעסן אַ צוזאַמענגעקורטשעטער הינטער מיר... ווי נאָר איך פלעג עפּעס פאַרלאַנגען, איז ער אויפגעשפּרונגען מיט זיינע באָרוויסע גערוישלאָזע טריט און דערוואַרטונגספול, מיט ציטערנדיקע הענט מיר עס דערלאַנגט... גלייך ווי פון דעם האָט באַדאַרפט קומען די ישועה... די רעטונג... איך ווייס, ער וואָלט זיך געלאָזט די אָדערן אויפשניידן, כדי איר צו העלפן... און איך... איך בין נישט געווען בכח קיין איינציקן טראָפּן בלוט צו ראַטעווען... אָ, די דאָזיקע נאַכט, די דאָזיקע שרעקלעכע נאַכט, די דאָזיקע אומענדלעכע נאַכט צווישן לעבן און טויט!

פאַרטאָג האָט זי נאָכאַמאָל אויפגעוואַכט... זי האָט געעפנט די אויגן... אַצינד זענען זיי שוין נישט געווען שטאָלץ און קאַלט... זיי זענען יעצט געווען באַדעקט מיט אַ פייכטן פיבערנדיקן גלאַנץ, בעת זיי האָבן גלייך ווי פאַרוואונדערט, אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן צימער... דערנאָך האָט זי אָנגעשטעלט דעם בליק אויף מיר: עס האָט אויסגעזעען, ווי זי וואָלט נאָכגעטראַכט, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען מיין פּנים... און פּלוצלינג... איך האָב עס געזעען... האָט זי זיך דערמאָנט... ווארום איר פּנים האָט זיך צוזאַמענגעצויגן מיט עפּעס אַן אויסדרוק פון שרעק, ווי ווערלנדיק עפּעס אויסווייכן... מיט עפּעס... עפּעס אַ מין שנאה און פּחד... זי האָט אָנגעשטרענגט אירע אָרעמס, ווי זי וואָלט וועלן אַנטלויפן... אַוועק, אַוועק, אַוועק פון מיר... איך האָב געזעען, זי האָט געטראַכט וועגן יענעם... וועגן יענער שעה... נאָר דערנאָך איז געקומען אַן איבערלייגונג... זי האָט מיך אָנגעקוקט רויקער, שווער אָפּגעאָטעמט... איך האָב געפילט, אַז זי וויל רעדן, עפּעס זאָגן... זי האָט ווידער אָנגעהויבן אָנגעשטרענגט צו באַוועגן מיט די הענט... זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבן, נאָר זי איז געווען צו שוואַך... איך האָב זי באַרויקט, זיך אָנגעבויגן צו איר...

דאַן האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט אַ לאַנגן, צעווייטיקטן בליק... אירע ליפּן האָבן זיך שטיל באַוועגט... און ווי מיט אַ לעצטן זיך אויסלעשנדיקן קלאַנג האָט זי אַרויסגעזאָגט:

„וועט זיך קיינער נישט דערוויסן?.. קיינער?"

„קיינער נישט", האָב איך געענטפערט מיט דער גאַנצער קראַפט פון איבערצייגונג, „איך זאָג עס אייך צו".

נאָר אירע אויגן זענען נאָך אַלץ געבליבן אומרויִק... מיט פיבערדיקע ליפּן, גאַנץ נישט־דייטלעך האָט זי קוים אַרויסגערעדט:

„שווערט מיר... קיינער נישט וויסן... שווערט."

איך האָב אויפגעהויבן די פינגער ווי צו אַ שבועה. זי האָט מיך אָנגעקוקט... מיט אַ... מיט אַ אומבאַשרייבלעכן בליק... ווייך, וואַרעם, דאַנקבאַר... זי האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער עס איז איר צו שווער געווען. זי איז לאַנג געלעגן, איינגעזונקען אָפּגעשוואַכט פון דער אָנשטרענגונג, מיט פאַרמאַכטע אויגן. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס מוראדיקע... אַ גאַנצע, שווערע שעה האָט זי זיך נאָך געראַנגלט: ערשט אינדערפרי האָט דערצו געקומען אַ סוף..."

*

ער האָט לאַנג געשוויגן. איך האָב עס נישט באַמערקט פריער, ביז דער שיף־גלאָק האָט אויסגעשלאָגן אין דער שטילקייט אַריין איינעם, צוויי, דריי האַרטע קלעפּ — דריי אַ זייגער. דאָס לבנה־ליכט איז בלאַסער געוואָרן, אָבער עפּעס אַן אַנדערע, געלע שיין האָט שוין אומזיכער געציטערט אין דער לופט, און פון צייט צו צייט האָט זיך לייכט דורכגעטראָגן אַ קילער ווינט. אַ האַלבע, אַ שעה שפּעטער, און עס איז שוין געוואָרן טאָג, איז די דאָזיקע גרויקייט צעשמאָלצן געוואָרן אינם העלן ליכט. איך האָב אַצינד דייטלעכער געזען זיינע שטריכן, ווייל די שאָטנס זענען שוין נישט געפּאַקן אַזוי געדיכט און שוואַרץ אין אונזער ווינקל אַריין — ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל,

און אונטער דעם גלאַטיקן שאַרבן האָט זיין צעווייטיקט פּנים אויסגעזעען נאָך מוראדיקער. נאָר באַלד האָבן זיך די פינק־לענדיקע ברילן־גלעזער ווידער געווענדעט צו מיר, ער האָט זיך שטייף אָנגעצויגן און זיין שנ״ס האָט אָנגענומען אַ חוזק־דיקן שאַרפן טאָן.

„מיט איר איז עס שוין געווען אויס — אָבער נישט מיט מיר. איך בין געווען אַליין מיט דעם מת — אָבער אַליין אין אַ פרעמד הויז, אַליין אין אַ שטאָט, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין סוד, און איך... איך האָב באַדאַרפט דעם סוד היטן... יאָ, מאָלט אייך נאָר דאָס אויס, די גאַנצע סיטואַציע: אַ פרוי, וואָס שטאַמט פון דער בעסטער געזעלשאַפט אין דער קאָלאָניע, פולשטענדיק געזונט, וועלכע האָט נאָך מיט אַן אָוונט פריער געטאַנצט אויף דעם רעגירונגס־באַל, ליגט פלוצלינג טויט אין איר בעט... ביי איר געפינט זיך אַ פרעמדער דאָקטאָר, וועלכן איר דינער האָט כלומרשט גערופן... קיינער אין הויז האָט נישט געזעען, ווען און פון וואַנען ער איז געקומען... מען האָט זי ביינאַכט אַריינגעטראָגן אויף אַ טראָג־בעטל און דערנאָך פאַרשלאָסן די טירן... און צומאָרגנס איז זי טויט... דערנאָך ערשט האָט מען גערופן די דינער, און פלוצלינג הילכט דאָס הויז פון געשרייען... אין איין רגע ווייסן דערפון די שכנים, די גאַנצע שטאָט... און בלויז איינער געפינט זיך, וואָס באַדאַרף דאָס אַלץ אויפקלערן... איך, דער פרעמדער מענטש, דער דאָקטאָר פון אַ ווייטער סטאַציע... אַ ווילע סיטואַציע, נישט אמת?

איך האָב געוווסט, וואָס אויף מיר וואַרט. צום גליק האָב איך געהאַט נעבן מיר דעם באָי, דעם ווילן בחור, וועלכער האָט יעדן ווינק אַרויסגעלייענט פון מיינע אויגן — אפילו די דאָזיקע געלע טעמפּע חיה האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז נאָך פאָרקומען אַ קאַמף. איך האָב אים בלויז געזאָגט: די פרוי וויל, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוויסן, וואָס דאָ איז גע־שעען". ער האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט זיין הינטיש־ פייכטן, אָבער אַנטשלאָסענעם בליק: „Yes, sir" מער

האָט ער נישט געזאָגט. און ער האָט אָפּגעוואָשן די בלוט-צייכנס פונם דיל, אַלץ אָפּגערוימט אין בעסטן אָרדנונג — און גראָד זיין אַנטשלאָסנקייט האָט מיר צוריקגעקערט דעם מוט.

קיינמאָל אין מיין לעבן, דערין בין איך זיכער, האָב איך נישט פאַרמאָגט אַזוי פיל קאָנצענטרירטע ענערגיע און איך וועל זי שוין קיינמאָל נישט מער האָבן. בעת מען האָט שוין אַלץ פאַרלוירן, דעמאָלט קעמפט מען פאַר דעם לעצט איבער־געבליבענעם, ווי אַ פאַרצווייפלטער — און דאָס דאָזיקע לעצטע איז געווען איר צוואה, דער סוד. איך האָב מיט אַ פולשטענ־דיקער רויקייט אויפגענומען די מענטשן, זיי אַלעמען דערציילט די זעלבע נישט-געשטויגענע מעשה, ווי דער באָי, וועלכן זי האָט געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר, האָט מיך צופעליק געטראָפן אויפן וועג. אָבער אין דער זעלבער צייט, בעת איך האָב כלומרשט רויק גערעדט, האָב איך כסדר געוואַרט... געוואַרט אויף דעם אַנטשיידענעם מאָמענט... אויף יענעם, וועלכער האָט נאָך געזאָלט קומען און וועלכער וועט דעם בר־מינן באַקוקן, איידער מיר וועלן צייט האָבן זי אַריינצולייגן אין ארון און צוזאַמען מיט איר דעם סוד... פאַרגעסט נישט, אַז דאָס איז געווען דאָנערשטיק און שבת האָט געזאָלט קומען איר מאַן...

אַרום ניין אַ זייגער האָב איך ענדלעך דערהערט, ווי מען האָט געמעלדעט דאָס אָנקומען פונם פּאָליציי־דאָקטאָר. איך האָב געהאַט געשיקט אים רופן — ער איז געווען מיין עלטסטער לויטן ראַנג און גלייכצייטיק מיין קאָנקורענט, דער זעלבער דאָקטאָר, וועגן וועלכן זי האָט דעמאָלט גערעדט מיט אַזאַ פאַראַכטונג און וועלכער האָט זיך שוין מסתמא דערוווּסט וועגן מיין פאַרלאַנג, מיר צו געבן אַן אָרט אין דער שטאָט. איך האָב עס דערשפּירט באַלד ביי זיין ערשטן בליק: ער איז מיר געווען אַ שונא. נאָר דווקא דאָס דאָזיקע האָט מיר צוגע־געבן מוט.

באַלד אין פאָדערצימער האָט ער געפרעגט: „ווען איז די פרוי... — ער האָט אָנגערופן איר נאָמען — געשטאָרבן?"

„זעקס אַ זייגער אין דער פרי".

„ווען האָט זי צו אייך געשיקט?"

„עלף אַ זייגער אין אָוונט."

„האָט איר געוווּסט, אַז איך בין געווען איר דאָקטאָר?"

„יאָ, אָבער עס איז געווען זייער דרינגנד... און חוץ דעם... די פאַרשטאָרבענע האָט אויסדריקלעך מיך פאַרלאַנגט. זי האָט פאַרווערט צו רופן אַן אַנדערן דאָקטאָר."

ער האָט אויסגעגלאָצט אויף מיר די אויגן: זיין בלייך, אַביסל פעטלעך פּנים איז רויט געוואָרן, איך האָב געשפּירט, אַז ער איז פאַרביטערט. אָבער גראָד דאָס האָב איך באַדאַרפט — מיין גאַנצע ענערגיע האָט זיך צונויפגענומען, כּדי וואָס שנעלער דערמיט אַ סוף צו מאַכן, וואָרום איך האָב געשפּירט, אַז מיינע נערוון וועלן נישט אימשטאַנד זיין לאַנג אויסצוהאַלטן. ער האָט געוואָלט אָפּענטפערן מיט עפּעס אַ שטאָך־וואָרט, און גלייכגילטיק געזאָגט: „הגם איר מיינט, אַז מ׳קאָן זיך אָן מיר באַגיין, ליגט אויף מיר דאָך דער אָפּיציעלער חוב, צו קאָנסטאַטירן דעם טויט און... אויף וואָס פאַר אַן אופן ער איז געקומען.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט און געלאָזט אים גיין פאָרויס. דערנאָך בין איך אָפּגעטרעטן אויף צוריק, פאַרשלאָסן די טיר און אַוועקגעלייגט דעם שליסל אויפן טיש. ער האָט אַן איבערראַשטער הויך פאַרצויגן די ברעמען:

„וואָס באַדייט דאָס?"

איך האָב מיך רויִק אַוועקגעשטעלט קייגנאיבער אים:

„דאָ האַנדלט זיך נישט דערין, מען זאָל פעסטשטעלן די סיבה, וואָס האָט געבראַכט דעם טויט, נאָר — אַן אַנדערע צו געפינען. די דאָזיקע פרוי האָט מיך גערופן, איך זאָל זי היילן נאָך... די פאָלגן פון אַן אומגליקלעכער באַשעדיקונג... זי האָב איך שוין נישט געקאָנט ראַטעווען, אָבער איך האָב איר צוגעזאָגט איר כּבוד צו ראַטעווען, און איך וועל עס טון. און איך בעט אייך דעריבער, מיר צו העלפן!"

ער האָט ברייט פונאַנדערגעעפנט די אויגן פאַר דערשטוינונג. „איר ווילט דאָך נישט דערמיט זאָגן", האָט ער אַרויס־

געשטאַמלט, „אַז איך, דער אַמטלעכער דאָקטאָר, זאָל דאָ פאַר־דעקן אַ פאַרברעכן?"

„יאָ, דאָס וויל איך, דאָס מוז איך וועלן."

„פאַר אייער פאַרברעכן זאָל איך..."

„איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב די דאָזיקע פרוי נישט אָנגערירט, ווען ס'זאָל זיין אַנדערש... וואָלט איך דאָ נישט געשטאַנען פאַר אייך, נאָר וואָלט שוין לאַנג געמאַכט מיט מיר אַ סוף. זי איז פאַר אירע זינד—אויב איר ווילט עס אַזוי אָנרופן — שוין אָפּגעקומען, די וועלט אָבער באַדאַרף דער־פון גאָרנישט וויסן. און איך וועל נישט דערלאָזן, אַז דער כבוד פון דער דאָזיקער פרוי זאָל נאָך אָן שום נויטווענדיקייט באַשמוצט ווערן".

מיין אַנטשלאָסענער טאָן האָט אים נאָך מער אויפגערייצט.

„איר וועט נישט דערלאָזן... אַזוי... נו, איר זענט דאָך מיין עלטסטער... אָדער עס דאַכט זיך אייך, אַז איר זענט עס... אדרבא, גיט מיר אַרויס באַפעלן... מיר איז אָבער גלייך איינ־געפאַלן, אַז דאָ איז עפּעס אַ מיאוסע געשיכטע, אויב ס'איז דערגאַנגען דערצו, מען זאָל אייך אַרויסרופן אַהער פון אייער העק... אַ פיינע פראַקטיק ווילט איר דאָ אָנהויבן, אַ פיינעם מוסטער... אָבער אַצינד וויל איך אונטערזוכן, איך, און איר קאָנט זיך שוין דערויף פאַרלאָזן, אַז אַ פּראָטאָקאָל, אונטער וועלכן עס שטייט מיין נאָמען, וועט זיין אַ ריכטיקער. איך וועל קיין ליגן נישט אונטערשרייבן".

איך בין געווען גאַנץ רויִק.

„יאָ — אָבער פונדעסטוועגן מוזט איר עס דאָס מאָל יאָ טון. וואָרום פריער וועט איר דאָס דאָזיקע צימער נישט פאַרלאָזן".

און איך האָב דערביי אריינגעשטעקט די האַנט אין טאַש—דעם רעוואָלווער האָב איך נישט געהאַט ביי זיך. אָבער ער האָט אויפגעציטערט. איך בין צוגעגאַנגען צו אים נאָענט און אים אָנגעקוקט.

„הערט, איך וועל אייך עפּעס זאָגן... כדי מיר זאָלן נישט צו ווייט פאַרגיין. מיין לעבן שפּילט שוין נישט ביי מיר קיין

גרויסע ראָלע... און אויך דאָס לעבן פון אַן אַנדערן — אַזוי ווייט בין איך שוין דערגאַנגען... מיר גייט בלויז דערין, מיין צוזאָג צו דערפילן, אַז דער אופן פונם דאָזיקן טויט זאָל בלייבן בסוד... הערט: איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז אויב איר וועט דעם סערטיפיקאַט אונטערשרייבן, אַז די דאָזיקע פרוי איז דורך... נו, דורך אַ צופעליקייט געשטאָרבן, וועל איך נאָך אין משך פון דער היינטיקער וואָך פאַרלאָזן די שטאָט און אויך אינדיען... און אויב איר וועט עס פאַרלאַנגען, וועל איך נעמען מיין רעוואָלווער און זיך דערשיסן, וויבאַלד דער ארון וועט שוין זיין באַגראָבן אין דער ערד און איך וועל קענען זיכער זיין, אַז קיינער... איר פאַרשטייט: אַז קיינער וועט שוין נישט אימשטאַנד זיין נאָכצופאָרשן. דאָס, מיין איך, איז גענוג פאַר אייך — דאָס מוז פאַר אייך גענוג זיין".

אין מיין קול האָט געמוזט אָפּקלינגען עפּעס דראָענדיקס, עפּעס געפערלעכס, וואָרום בעת איך בין נישט ווילנדיק צוגעגאַנגען צו אים אַ טריט נענטער, האָט ער זיך צוריקגעצויגן מיט יענעם ווילדן פחד, אַזוי... פונקט אַזוי, ווי מענטשן אַנטלויפן פאַר דעם אַמאָקלויפער, בעת ער טראָגט זיך אין ווילדן געיעג מיטן פאָכנדיקן מעסער... און מיטאַמאָל איז ער אַנדערש געוואָרן... עפּעס ווי איינגעקורטשעט און געליימט... זיין פעסטע האַלטונג איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט בלויז נאָר געמורמלט מיט אַ לעצטן, גאָר שוואַכן ווידערשטאַנד: „עס וואָלט געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, איך זאָל אונטערשרייבן אַ פאַלשן סערטיפיקאַט... איבריקנס, ס׳וועט זיך שוין לאָזן אויסגעפינען עפּעס אַ פאָרם... מען ווייסט דאָך, אַז עס קומען פאָר פאַרשידענע פאַלן... אָבער איך טאָר דאָך נישט גלאַט אַזוי פשוט..."

„אַוודאי טאָרט איר נישט", האָב איך אים אַרויסגעהאָלפן, כדי אים צו שטאַרקן — (נאָר גיך! נאָר גיך! — האָט מיר געהאַמערט אין די שלייפן)—„אָבער אַצינד, בעת איר ווייסט, אַז איר פאַרשאַפט אַ לעבעדיקן מענטש קרענקונג און טוט אַ

טויטער אַ שרעקלעכע עולה, וועט איר דאָך מסתמא נישט לאַנג אויפהאַלטן״.

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. מיר זענען צוגע־גאַנגען צום טיש. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער באַשטע־טיקונג־צעטל פאַרטיק געווען (ער איז שפּעטער אויך פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג און האָט מיט גלויבנס־ווירדיקע פּרטים געשילדערט אַ האַרץ־פּאַראַליזירונג). דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און מיך אָנגעקוקט:

„איר פאָרט אַוועק נאָך די וואָך, נישט אמת?״

„מיין ערן־וואָרט״.

ער האָט מיך ווידער אָנגעקוקט. איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט זיך באַמיט צו האַלטן שטרענג און זאַכלעך. „איך וועל באַלד באַזאָרגן אַן אָרון״, האָט ער אַ זאָג געטון, כדי זיין פאַרלעגנהייט צו באַהאַלטן. אָבער וואָס איז עס אַזעלכעס פאָרגעקומען אין מיר, וואָס האָט מיך אַזוי... אַזוי מיראַדיק... אַזוי ווייטיקדיק געקוועלט — ער האָט מיר פּלוצלינג דערלאַנגט די האַנט און זי געטרייסלט מיט אַזאַ העפטיקער האַרציקייט. „קומט דאָס איבער בשלום״, האָט ער געזאָגט—איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט. צי בין איך געווען קראַנק? צי בין איך געווען... משוגע? איך האָב אים באַגלייט ביז צו דער טיר, זי געעפנט—נאָר צוגעמאַכט זי הינטער אים האָב איך שוין מיט מיינע לעצטע כּוחות. דערנאָך האָב איך ווידער דערפילט דאָס האַמערן אין די שלייפן, אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען און דרייען אַרום מיר: און פּונקט פאַר איר בעט בין איך אומגעפאַלן אָן כּוחות... אַזוי ווי דער אַמאָקלויפער פאַלט אומזיניק אַנידער ביים סוף פון זיין געיעג מיט צעפּלאַצטע נערוון״.

*

ער איז ווידער שטיל געוואָרן. עפּעס אַ קעלט איז מיר דורך־איבערן לייב: צי איז דאָס געווען דער ערשטער ציטער פונם

פרימאָרגן-ווינט, וואָס האָט זיך אָצינד שטיל-פייפנדיק געטראָגן איבער דער שיף? נאָר באַלד האָט דאָס צעווייטיקטע פּנים — איצט שוין האלב-באַלויכטן דורכן פרימאָרגן-אָפּשיין — ווידער אָנגענומען דעם אויסדרוק פון אָנגעשטרענגטקייט:

„איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן אויף דעם געלעגער. מיטאַמאָל האָט מיך עפּעס אָנגערירט. איך בין אויפגעשפּרונגען. עס איז געווען דער באָי, וועלכער איז אַן אומעטיקער געשטאַנען פאַר מיר מיט אַן אויסדרוק פון איבער-געגעבנקייט און אומרויק געקוקט מיר אין די אויגן אַריין.

„עמעצער וויל אַריינקומען... וויל אייך זעען...

„קיינער טאָר נישט אַריינקומען."

„יאָ... אָבער..."

זיינע אויגן זענען געווען צעשראָקן. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און האָט דאָך נישט געוואַגט. דאָס טרייע באַשע-פעניש האָט זיך עפּעס געפילט ווי אין אַ קלעם.

„ווער איז עס?"

ער האָט מיך אַ ציטערנדיקער אָנגעקוקט, ווי מורא האָבנדיק פאַר אַ קלאַפּ. און דאַן האָט ער געזאָגט — ער האָט נישט אָנגערופן קיין נאָמען... פונוואַנען נעמט זיך צו אַ ניד-ריקער בריאה מיטאַמאָל אַזויפיל שכל, ווי קומט עס, וואָס אין געוויסע מאָמענטן דערוועקט זיך ביי אַ זעלכע גאַנץ טעמפּע מענטשן אַן אומבאַשרייבלעך צאַרט געפיל?.. דאַן האָט ער גע-זאָגט... איינגאַנצן, איינגאַנצן מיט שרעק... „ער איז עס".

איך בין אויפגעשפּרונגען, האָב גלייך אויפן אָרט פאַר-שטאַנען און בין באַהערשט געוואָרן פון אַ גיריקייט, פון אַן אומגעדולד צו זעען דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן. וואָרום זעט איר, ווי מאָדנע... געפינענדיק זיך אונטערן דרוק פון די דאָזיקע יסורים, אינם פיבער פון פאַרלאַנגען, פון שרעק און אימפּעט, האָב איך גאָר איינגאַנצן אָן „אים" פאַרגעסן... איך האָב פאַר-געסן, אַז עס געפינט זיך נאָך אַ מענטש, וואָס האָט צו דער זאַך אַ שייכות... דער מאַן, וועלכן די דאָזיקע פרוי האָט גע-ליבט, וועמען זי האָט ליידנשאַפטלעך געגעבן דאָס, וואָס זי

האָט מיר אָפּגעזאָגט... מיט צוועלף, מיט פּיראונצוואַנציק שעה צוריק וואָלט איך נאָך דעם דאָזיקן מאַן געהאַסט... אימשטאַנד געווען אים אויף שטיקער צוצערייסן... איצט... איך קאָן נישט, איך קאָן אייך נישט שילדערן, ווי עס האָט מיך געטריבן, אים צו זעען... אים... צו ליבן, ווייל זי האָט אים געליבט.

מיט איין שפּרונג בין איך געווען ביי דער טיר. אַ יונגער, גאַנץ יונגער בלאָנדער אָפיציר איז דאָרט געשטאַנען, זייער נישט דרייסט, זייער שמאָל-ביייניק, זייער בלאַס. ווי אַ קינד האָט ער אויסגעזען, אַזוי... אַזוי רירנדיק יונג... און עס האָט אויף מיר באַלד געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, זעענדיק, ווי ער באַמיט זיך אויסצוזעען ווי אַ מאַן, אַרויסצוּווייזן פּעסטע האַלטונג... זיין אויפרעגונג צו פאַרבאָרגן... איך האָב גלייך דערזעען, אַז זיינע הענט ציטערן, בעת ער האָט באַרירט דאָס היטל... איך האָב חשק געהאַט אים אַרומצונעמען... ווייל ער איז געווען פּונקט אַזעלכער, ווי איך האָב מיר געווּנטשן, אַז עס זאָל זיין דער מאַן, וואָס איז מיט דער דאָזיקער פרוי געקומען אין באַרירונג... נישט קיין פאַרפירער, נישט קיין שטאָלצער... ניין, כמעט אַ קינד, אַ ריין, צאַרט וועזן, וועמען זי האָט זיך אַוועקגעשענקט.

דער יונגער מענטש איז געשטאַנען פאַר מיר אינגאַנצן אַ צעמישטער. מיין גיריקער בליק, מיין ליידנשאַפטלעך אויפשפּרינגען האָבן אים נאָך מער צעטומלט. די קליינע וואָנסעלעך איבער די ליפּן האָבן ביי אים געציטערט און אַרויסגעגעבן זיין אויפרעגונג... דער דאָזיקער יונגער אָפיציר האָט זיך געמוזט אָנטון אַ כח, נישט אויסצובערעכן מיט אַ געוויין.

„אַנטשולדיקט", האָט ער ענדלעך אַרויסגעזאָגט, „איך וואָלט זייער... זייער וועלן זעען... די פרוי..."

אומבאַוווּסטזיניק, נישט אָפּגעבנדיק זיך דערפון קיין חשבון, האָב איך אים, דעם פרעמדן, אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף זיינע אַקסלען און אים געפירט, ווי מען פירט אַ קראַנקן. ער האָט מיך אָנגעקוקט דערשטוינט מיט אָן אַ שיעור וואַרעמען און דאַנקבאַרן בליק... שוין אין דער דאָזיקער רגע האָבן

מיר עפּעס דערפילט די בשותפותדיקייט צווישן אונזביידע...
מיר זענען צוגעגאַנגען צו דער טויטער... זי איז געלעגן אַ
ווייסע, איינגעהילט אין ווייסער לײַוונט – איך האָב געשפּירט,
אַז מיין נאָענטקייט קווּעלט אים נאָך... איך האָב מיך דעריבער
צוריקגעצויגן, כּדי צו לאָזן אים אַליין מיט איר. ער איז פּאַ-
מעלעך צוגעגאַנגען נענטער מיט... מיט ציטערנדיקע, צוריק-
געהאַלטענע טריט... אָן זיינע אַקסלען האָב איך דערקענט, ווי
עס האָט אין אים געבּרויזט און געריסן... ער איז געגאַנגען
אַזוי ווי... אַזוי ווי איינער, וואָס גייט קייגן אַ געוואַלטיקן
שטורעם... און פּלוּצלינג איז ער פאַרן בעט אַנידערגעפאַלן
מיט אונטערגעבראָכענע קניען... פּונקט אַזוי, ווי איך בין פריער
אַנידערגעפאַלן.

איך בין צוגעלאָפן, האָב אים אויפגעהויבן און צוגעפירט
צו אַ שטול. ער האָט זיך שוין מער נישט געשעמט, נאָר
ארויסגעשלוכצט זיין גאַנצן ווייטיק. איך בין נישט אימשטאַנד
געווען קיין וואָרט אַרויסצורעדן – בלויז מיט דער האַנט האָב
איך אים נישט ווילנדיק געגלעט איבער זיינע בלאָנדע, קינדיש-
ווייכע האָר. ער האָט אָנגענומען מיין האַנט... גאַנץ לייכט,
נאָר שרעקעוודיק... און מיטאַמאָל האָב איך דערפילט זיין
בליק אין מיר אַריינגעדרונגען...

„זאָגט מיר דעם אמת, דאָקטאָר", האָט ער אַרויסגעש-
שטאַמלט, „האָט זי אַליין זיך אומגעבּרענגט?"

„ניין", האָב איך געענטפערט.

און צי איז... איך מיין... איז עמעצער... שולדיק אין
איר טויט?"

„ניין", האָב איך ווידער געזאָגט, הגם פון מיין קעל האָט
זיך געוואָלט אַרויסרייסן אַ געשריי: איך! איך! איך!.. און
דו!.. מיר ביידע! און איר עקשנות, איר אומגליקלעכע
עקשנות!" נאָר איך האָב מיך איינגעהאַלטן. איך האָב נאָכאַמאָל
איבערגעחזרט: „ניין... קיינער איז דערין נישט שולדיק... עס
איז באַשערט געווען אַן אומגליק."

„איך קאָן דאָס נישט גלויבן", האָט ער אַרויסגעקרעכצט,

„איך קאָן עס נישט גלויבן. זי איז נאָך אייערנעכטן געווען אויפן באַל, זי האָט געשמייכלט, זי האָט געווונקען צו מיר. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט געשעען?"

איך האָב אים דערציילט אַ לאַנגן ליגן, אויך אים האָב איך איר סוד נישט אויסגעגעבן. אַזוי ווי צוויי ברידער האָבן מיר צווישנאַנאַנדער גערעדט אין יענע עטלעכע טעג, גלייך ווי מיר וואָלטן געווען באַשטראַפט פון דעם געפיל, וואָס האָט אונדז פאַרבונדן... און וועלכעס מיר האָבן קיינמאָל נישט אָנ־פאַרטרויט איינער דעם אַנדערן, אָבער מיר האָבן ביידע גע־שפּירט, אַז אונזער גאַנץ לעבן האָט געהערט צו דער דאָ־זיקער פרוי... טיילמאָל האָט עס מיך געשטיקט און געצוווּנגען עס אַרויסצוזאָגן, אָבער איך פלעג דאַן צוזאַמענדריקן די ציין— און ער האָט זיך קיינמאָל נישט דערוווּסט, אַז זי האָט פון אים אַ קינד געטראָגן... אַז איך האָב דאָס קינד, זיין קינד, געזאָלט טויטן, און אַז זי האָט עס מיט זיך צוזאַמען אַראָפּגעצויגן אין אָפּגרונט אַריין. און דאָך האָבן מיר נאָר פון איר גערעדט אין יענע אַלע טעג, בעת איך האָב מיך ביי אים אויסבאַהאַלטן... וואָרום ־ איך האָב פאַרגעסן אייך צו זאָגן – מען האָט מיך געזוכט... איר מאַן איז אָנגעקומען, ווען דער אָרון איז שוין געווען פאַרמאַכט... ער האָט נישט געוואָלט גלויבן דער מעדיצינישער פעסטשטעלונג... מענטשן האָבן גע־מורמלט פאַרשידנערליי... און ער האָט מיך געזוכט... אָבער איך האָב נישט געקאָנט אַריבערטראָגן, אים צו זען, אים, וועגן וועלכן איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט צוליב אים גע־ליטן... איך האָב מיך אויסבאַהאַלטן... פיר טעג בין איך נישט אַרויסגעגאַנגען פון הויז, זענען מיר ביידע נישט אַרויסגע־גאַנגען פון דער וווינונג... איר געליבטער האָט גענומען פאַר מיר אויף אַ פאַלשן נאָמען אַ פּלאַץ אין שיף, כדי איך זאָל קענען אַנטלויפן... אַזוי ווי אַ גנב האָב איך מיך ביינאַכט אַרויפגעשליכט אויפן דעק, אַז קיינער זאָל מיך נישט דער־קענען... איך האָב איבערגעלאָזן אַלץ... וואָס איך פאַרמאָג... מיין הויז מיט דער גאַנצער אַרבעט פון די דאָזיקע זיבן יאָר,

מיין האָב און גוטס, אַלדינג שטייט אָפן פאַר יעדן, וואָס וויל עס נעמען... און די הערן פון דער רעגירונג האָבן מיך שוין אַוודאַי אויסגעשטראָכן, ווייל איך האָב אָן אורלויב פאַרלאָזט מיין פּאָסטן... אָבער איך האָב שוין נישט געקאָנט מער פאַר־בלייבן אינם דאָזיקן הויז, אין דער דאָזיקער שטאָט... אין דער דאָזיקער סביבה, אַלץ האָט מיך דערמאָנט אָן איר... אַזוי ווי אַ גנב בין איך אַנטלאָפן אינמיטן דער נאַכט... נאָר פון איר צו אַנטרינען... נאָר צו פאַרגעסן...

אָבער... בעת איך בין צום שיף אָנגעקומען... ביינאַכט... אין האַלבע נאַכט... מיין פריינט איז געווען צוזאַמען מיט מיר... דאַן... דאַן... האָט מען גראָד מיט דער הויב־מאַשין עפּעס אַרויפגעצויגן... פּירקאַנטיק, שוואַרץ... איר ארון... איר הערט: איר ארון... זי האָט מיך ביז אַהער פאַרפאָלגט... אַזוי ווי איך האָב זי פאַרפאָלגט און איך האָב געמוזט שטיין דערביי, זיך מאַכן נישט ווויסנדיק, וואָרום ער, איר מאַן, איז מיט גע־געווען... ער פירט זי אַוועק קיין ענגלאַנד... אפשר וויל ער דאָרט לאָזן מאַכן אַ מעדיצינישע אויספאָרשונג... ער האָט זי צו זיך אַוועקגעשלעפּט... אַצינד געהערט זי ווידער צו אים... נישט מער צו אונז... צו אונז ביידע... אָבער איך בין נאָך דאָ... איך וועל מיטגיין ביז צו דער לעצטער שעה... ער וועט, ער טאָר זיך דערפון קיינמאָל נישט דערוויסן... איך וועל שוין וויסן, ווי צו באַשיצן איר סוד קעגן יעדן פּרוּוו... קעגן דעם דאָזיקן טויגעניש, צוליב וועלכן זי איז געגאַנגען פון דער וועלט... ער וועט זיך גאָרנישט דערוויסן... איר סוד געהער צו מיר אַליין...

פאַרשטייט איר איצט... פאַרשטייט איר איצט... פאַרוואָס איך קאָן נישט פאַרטראָגן קיין מענטשן... נישט הערן זייער געלעכטער... בעת זיי פלירטעווען און טיילן זיך איין אויף פאָרלעך... וואָרום דאָ אונטן.. אונטן אין לאַגער־קאַמער צווישן טיי־באַלן און זעק ניס שטייט דער אָרון פאַרגליווערט... איך קאָן דאָרט אַהין נישט אַריינקומען, די קאַמער איז פאַרשלאָסן... אָבער איך פיל עס מיט אַלע מיינע חושים, איך פיל עס יעדע

רגע... אַפילו בעת זיי שפּילן דאָ וואַלצערס און טאַנגאָ... ס'איז אַפילו נאַריש, דער ים דאָ דעקט איבער מיליאָנען טויטע, אויף יעדן שפּאַן ערד, אויף וועלכן מען טרעט, פוילט אַ מת... נאָר דאָך, איך קאָן עס נישט איבערטראָגן, ווען זיי מאַכן די מאָסקן-בעלער און לאַכן אַזוי תּאוהדיק... די דאָזיקע טויטע, איך שפּיר זי און ווייס, וואָס זי פאַרלאַנגט פון מיר... איך ווייס עס, איך האָב נאָך אויף מיר אַ חוב... איך בין נאָך נישט פאַרטיק... איר סוד איז נאָך אַלץ נישט געראַטע-וועט... זי לאָזט מיך נאָך נישט פריי..."

*

פון מיטן שיף האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון פליעסקענ-דיקע טריט, פלוידערנדיקע שטימען: מאַטראָזן האָבן אָנגעהויבן צו וואַשן און רייניקן דעם דעק. ער איז אויפגעשפּרונגען, ווי געכאַפּט ביי עפּעס. זיין אָנגעשטרענגט פּנים האָט באַקומען אַן אויסדרוק פון מורא. ער איז אויפגעשטאַנען און האָט גע-מורמלט: „איך גיי שוין... איך גיי שוין..."

עס איז געווען אַ ווייטיק אים אָנצוקוקן: זיין פאַר-פינסטערטן בליק, די פאַרשוואָלענע אויגן, רויט פון טרינקען אָדער פון טרערן. ער האָט אויסגעמיטן מיין מיטגעפיל: איך האָב פון זיין צוזאַמענגעקווטשעטן וועזן אַרויסגעפילט חרפּה, אָן אַ שיעור חרפּה, וואָס ער האָט זיך פאַר מיר, פאַר דער דאָזיקער נאַכט אויסגעגעבן. נישט ווילנדיק האָב איך אַרויס-געזאָגט:

„מעג איך אפשר קומען צו אייך נאָכמיטאָג אין אייער קאַבינע..."

ער האָט מיך אָנגעקוקט—זיינע ליפּן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ הוזקדיקער, האַרטער, צינישער גרימאַסע; עפּעס אַ מין רשעות האָט געשטעקט אין יעדן אַרויסגעזאָגטן וואָרט:

„אַהאַ... אייער באַרימטער חוב צו העלפן... אַהאַ... מיט דער דאָזיקער מאַקסימע איז אייך טאַקע געלונגען מיך צו

דערפירן צו פּלוידעריי. אָבער ניין, מיין הער, איך דאַנק אייך, זאָל זיך אייך נאָר נישט דאַכטן, אַז מיר איז אַצינד לייכטער געוואָרן דערפון, וואָס איך האָב מיין אינגעווייד אויפגעריסן פאַר אייך ביז צום מיסט אין מיינע געדערעם. מיין פאַרשאָלטן לעבן קאָן מיר שוין קיינער נישט ווידער גאַנץ מאַכן... איך האָב הייסט עס אומזיסט געדינט ביי דער חשובער האָלענדישער רעגירונג... די עמעריטור איז פאַרלוירן, איך קום איצט צוריק קיין אייראָפּע, ווי אַן אָרעמער הונט, וואָס לויפט יאָמערנדיק נאָך הינטער אַן אָרון... מען קאָן נישט לאַנג לויפן אַמאָל, נישט באַשטראָפט צו ווערן, סוף כל סוף ווערט מען דערפון אַנידערגעוואָרפן, און איך האָף, אַז איך בין שוין באַלד ביים סוף... ניין, אַ דאַנק, מיין הער, פאַר אייער העפלעכן באַזוך... איך האָב שוין אין דער קאַבינע מיינע באַגלייטער... אַ פּאָר גוטע אַלטע פלעשער וויסקי, וואָס טרייסטן מיך טיילמאָל, און חוץ דעם מיין אַמאָליקן פריינט, צו וועלכן איך האָב מיך, ליידער, נישט געווענדעט אין דער ריכטיקער צייט—מיין ווילן ברויינינג... ער העלפט סוף כל סוף בעסער ווי כלערליי פּלוי־דעריי... איך בעט אייך, באַמיט זיך נישט... דאָס איינציקע מענטשנרעכט, וואָס בלייבט איינעם איבער, איז דאָך: צו פגרן אַזוי, ווי מ'וויל אַליין... און דערביי צו ווערן אָפּגעהיטן פון פרעמדער הילף...

ער האָט מיך נאָכאַמאָל אָנגעקוקט מיט חוזק... כמעט אַרויספאָדעריש, אָבער איך האָב געשפּירט, אַז דאָס איז גע־ווען בלויז נאָר צוליב חרפּה. דערנאָך האָט ער מיט איינגע־בוקטע אַקסלען זיך אָפּגעקערט פון מיר, נישט געזעגענענדיק זיך, און זיך געלאָזט גיין מיט אַ משונהדיק משופּעדיקן גאַנג און שאַרנדיקע טריט איבער דעם שוין העל־באַלויכטענעם דעק צו די קאַבינעס. איך האָב אים שוין מער נישט געזעען. אומ־זיסט האָב איך אים די נאַכט און אויך די צווייטע נאַכט גע־זוכט אויף דעם זעלבן אָרט. ער איז ערגעץ נעלם געוואָרן און איך וואָלט שוין גרייט געווען צו גלויבן, אַז דאָס אַלץ איז בלויז געווען אַ חלום אָדער אַ פאַנטאַסטישע דערשיינונג,

ווען איך וואָלט נישט מיטאַמאָל אויפמערקזאַם געוואָרן אויף אַן אַנדערן פון די פּאַסאַזשירן מיט אַ טרויער-באַנד אַרום דעם אָרעם, אַ האָלענדישן גרויסן סוחר, ביי וועלכן, ווי מ׳האָט מיר געזאָגט, ס׳איז גראָד געשטאָרבן זיין פרוי פון אַ טראָפּישער קראַנקהייט. איך פלעג אים זעען גיין אָפּגעזונדערט פון מענטשן אויף און אָפּ אַן ערנסטן און פאַרוויטיקטן. און דער געדאַנק, אַז איך ווייס זיינע פאַרבאָרגנסטע דאגות, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ סודותפולע שרעק: איך האָב מיך תמיד אָפּגעקערט אָן אַ זייט, בעת ער פלעגט פאַרביייגיין, אויס מורא, איך זאָל נישט אַמאָל מיט מיין בליק אַרויסגעבן, אַז איך ווייס וועגן זיין גורל מער, איידער ער אַליין.

*

**א**ין האַפן פון נעאַפּאָל האָט דערנאָך געטראָפן יענץ מערקווירדיקע אומגליק, וואָס קאָן לויט מיין מיינונג אויפגעקלערט ווערן דורך דעם פרעמדנס דערציילונג. די גרעסטע טייל פּאַסאַזשירן זענען אין אָוונט אַוועקגעגאַנגען פון שיף; איך אַליין בין אַוועק אין דער אָפּערע און דערנאָך אין איינעם פון די העל-באַלויכטענע קאַפע-הייזער אויף דער וויאַ-ראָמאַ. ווען מיר זענען אויף אַ רודער-שיפל צוריקגעקומען צו דער שיף, איז מיר באַלד קשה געוואָרן, וואָס עטלעכע שיפלעך מיט פּאַקעלן און קאַרביד-לאָמפּן שווימען אַרום דער שיף זוכנדיק עפּעס און אויפן טונקעלן שיף-דעק דרייט זיך סודותפול אַרום פּאָליציי און זשאַנדאַמעריע.

איך האָב געפרעגט אַ מאַטראָז, וואָס ס׳איז געשעען, ער האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן און אויף אַזאַ אופן, וואָס האָט גלייך געלאָזט דערקענען, אַז ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו שווייגן. אויך דעם אַנדערן טאָג, ווען די שיף איז רויק און אָן שום סימן פון עפּעס אַ געשעעניש ווייטער געפאָרן אויפן וועג קיין גענוע, האָט מען זיך גאָרנישט געקאָנט דערוויסן. ערשט שפּעטער האָב איך געלייענט אין די איטאַל-

יענישע צייטונגען ראָמאַנטיש־באַפּוצטע באַשרייבונגען וועגן יענעם אָנגעגעבענעם אומגליקס־פּאַל אין האַפן פון נעאַפּאָל.
אין יענער נאַכט, אַזוי האָבן די צייטונגען געשריבן, האָט מען אין אַ שפּעטער שעה, כּדי מיט דעם אָנבליק נישט צו באַאומרויקן די פּאַסאַזשירן, אַראָפּגענומען פון שיף אין אַ קליין שיפל אַריין דעם ארון מיטן טויטן גוף פון אַן אָנגעזעענער דאַמע פון דער האָלענדישער קאָלאָניע, און בעת מען האָט אים אין דער געגנוואַרט פון איר מאַן אַראָפּגעלאָזט מיט דער שטריק־לייטער, איז עפּעס אַ שווערע משא אַראָפּגעפאַלן פון שיף־דעק און אַריינגעשטויסן דעם ארון צוזאַמען מיטן טרעגער און דעם מאַן, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביים אַראָפּלאָזן דעם ארון, אין טיפן וואַסער אַריין. איין צייטונג האָט אָנגעגעבן, אַז עפּעס אַ משוגענער האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ אויף דער שטריק־לייטער אַרויף, אַן אַנדערע ווידער האָט אויסגעבעסערט, אַז די לייטער איז צוליב דער שווערער וואָג פון זיך אַליין איבערגעריסן געוואָרן: יעדנפאַלס איז געווען קענטיק, אַז די שיפס־געזעלשאַפט האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כּדי צו פאַרשלייערן דעם ריכטיקן פאַרלויף פון דער געשעעניש. דעם טרעגער און דעם מאַן פון דער פאַרשטאָרבענער האָט מען מיט גרויס מי אַרויסגעראַטעוועט פון וואַסער, נאָר דער בלייערנער ארון איז גלייך אַראָפּ אין דער טיפעניש און מען האָט אים נישט געקאָנט באַהאַלטן.
צו יענער צייט איז אויך געבראַכט געוואָרן אין די צייטונגען אַן אַנדערע נאָטיץ, ווו ס׳איז קורץ אָנגעגעבן געוואָרן, אַז עפּעס אַ טויטער קערפּער פון אַ בערך פערציקיאָריקן מאַן איז צוגעשווומען צום האַפן. די דאָזיקע נאָטיץ האָט אין דער עפנטלעכקייט נישט אַרויסגערופן קיין שום חשד, אַז דאָס זאָל האָבן עפּעס אַ שייכות מיט דעם ראָמאַנטיש־באַפּוצטן אומגליקס־צופאַל; מיר אָבער, ווי נאָר איך האָב איבערגעלייענט די עטלעכע קורצע שורות, האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך ווי הינטער דעם פּאַפּירענעם בלאַט וואָלט זיך פּלוצלינג ווידער באַוויזן דאָס טויט־בלאַסע פּנים מיט די פינקלענדיקע ברילנגלעזער, וואָס האָט געגלאָצט אויף מיר ווי אַ געשפּענסט.

דאָס איז געווען אין יענעם הייסן זומער, וועלכער האָט מיט
זיין רעגנלאָזיקייט און טרוקעניש גורם געווען אַ פּאַטאַלע אומ־
גערעטעניש אין גאַנצן לאַנד און וועלכן די באַפעלקערונג
וועט נאָך יאָרנלאַנג דערמאנען מיט שרעק. שוין אין די חדשים
יוני און יולי זענען די פאַרשמאַכטע פעלדער באַשפּריצט גע־
וואָרן בלויז דורך קורצע פאַרביילויפנדיקע רעגנדלעך, און
זינט דער קאַלענדאַר האָט זיך אַ רוק געטון צו אויגוסט, איז
שוין אינגאַנצן נישט געפאַלן קיין טראָפּן. און אַפילו דאָ אויבן,
אין די אינדערהויך־ליגנדיקע טאָלן פון טיראָל, ווו איך, פּונקט
אַזוי ווי אַ סך אַנדערע, האָב מיך געריכט צו געפינען קילקייט,
האָט די לופט געגליט שאַפראַן־פאַרביק פון פייער און שטויב.
שוין פון באַגינען אינדערפרי אָן האָט די זון געגלאָצט פון
דעם ריינעם הימל אויף דער אויסגעלאָשענער לאַנדשאַפט, גע־
גלאָצט געל און טעמפּ, ווי דאָס אויג פון אַ פיבערנדיקן, און
וואָס ווייטער אויפן טאָג אַרויס, האָט זיך ביסלעכווייז דערהויבן
אַ ווייסלעכער שטיקנדיקער דאַמף פון דעם אָנגעגליטן מע־
שענעם דרום־קעסל אַרויס און פאַרפלייצט דעם טאָל. פונדער־
ווייטנס האָבן זיך אַפילו געזעען די ריזיקע דאָלאָמיטן, פון
וועלכע דער שניי האָט לויטער און קלאָר אַראָפּגעגלאַנצט,
אָבער דאָס אויג האָט דעם דאָזיקן פּראָסטיקן שימער געפילט
בלויז ווי א דעראינערונג און עס האָט וויי געטון, פאַרשמאַכ־
טערהייט צו קוקן אויף זיי און צו טראַכטן וועגן דעם ווינט,
וואָס בלאָזט אפשר אַצינד אַרום זיי, אין דער זעלבער צייט
וואָס דאָ אין טאָל הערשט ביינאַכט און בייטאָג אַ שטיקנדיקע
היץ, וואָס זויגט אויס מיט טויזנטער ליפּן די פייכטקייט פון
אַרום. ביסלעכווייז האָט אין דער דאָזיקער זיך־אויסלעשנדיקער
וועלט פון פאַרוועלקטע צמחים, פאַרשמאַכטע בלעטער און

אויסגעטרוקנטע וואַסערן אָנגעהויבן אָפּצושטאַרבן יעדע לעבע-דיקע באַוועגונג. די שעהן האָבן זיך געצויגן פויל און לאַנג-ווייליק. איך, פונקט אַזוי ווי אַנדערע, האָב די דאָזיקע אומ-ענדלעך לאַנגע טעג פאַרבראַכט כמעט תמיד אין מיין צימער, אַ האַלב-נאַקעטער, ביי פאַרהאנגענע פענסטער, אין אַ ווילנ-לאָזן וואַרטן אויף אַ שנוי, אויף קילונג, פאַרזונקען אין טעמפּע, מאַכטלאָזע חלומות וועגן רעגן און שטורם. און באַלד איז אויך דער דאָזיקער פאַרלאַנג געוואָרן פאַרוועלקט, עס איז געבליבן די טעמפּקייט און מאַכטלאָזיקייט, פונקט ווי ביי די לעכצנדיקע גראָזן און דער שטיקנדיקער חלום פונם אומבאַוועגלעכן, מיט הייסער לופט אָנגעפילטן וואַלד.

פון טאָג צו טאָג איז געוואָרן וואָס אַמאָל הייסער, און קיין רעגן איז נאָך אַלץ נישט געקומען. פון אינדערפרי ביז אָוונט האָט די זון געבראָטן, און איר געלער, מאַטערנדיקער בליק האָט ביסלעכווייז באַקומען עפּעס אַ מין טעמפּע עקשנות, ווי די פון אַ משוגענעם. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט געהאַלטן ביים אָפּשטעלן זיך, אַלץ איז שטיל געוואָרן, די בהמות האָבן נישט געברומט, פון די ווייטע פעלדער האָט זיך נישט דערטראָגן קיין שום קלאַנג, חוץ דעם שטילן זינגענדיקן טאָן פון דער אָנגעגליטער לופט און דעם ברומענדיקן גערויש פון דער זידנדיקער וועלט. איך האָב גע-וואָלט אַרויסגיין אין וואַלד אַריין, וווּ ס'האָבן געציטערט בלויע שאָטנס צווישן די בוימער, זיך דאָרט אַנידערלייגן, כדי פּטור צו ווערן פון דער זונס געלן עקשנותדיקן בליק, נאָר אַפילו די דאָזיקע עטלעכע טריט זענען פאַר מיר צו שווער געווען. בין איך געבליבן זיצן אויף דער געפלאָכטענער שטול פאַרן האָטעל-איינגאַנג און אַזוי אָפּגעזעסן אַ שעה אָדער צוויי, איינ-געפּרעסט אין דעם שמאָלן שאָטן, וועלכן דער אַריבערגעבוי-גענער דאַך-ראַנד האָט אויסגעשפּרייט איבער דעם באָדן פון זאַמד-שטיינדלעך. איינמאָל, בעת דער שמאָלער פירעקיקער שאָטן איז פּלוצלינג קורצער געוואָרן און די זון האָט אָנגעהויבן צו-קריכן צו מיינע הענט, האָב איך מיך אָפּגערוקט אַ ביסל,

דערנאָך בין איך ווידער געבליבן זיצן אָנגעלענטערהייט, מיט טעמפּע מחשבות פאַרזונקען אין דעם טעמפּן ליכט, אָן געפיל וועגן צייט, אָן אַ פאַרלאַנג, אָן ווילן. די צייט איז צע־שמאָלצן געוואָרן אין דער דאָזיקער שרעקלעכער שטיקנדיקער היץ, די שעהן זענען צעקראָכן, צעגאַנגען געוואָרן אין הייסע, אומזיניקע טרוימערייען. איך האָב גאָרנישט געפילט, חוץ דעם הייסן צופלוס פון לופט אין מיינע פּאָרן און דאָס האַסטיקע האַמערדיקע קלאַפּן פונם פיבערהאַפטיק פולסירנדיקן בלוט.

מיטאַמאָל אָבער האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, גלייך ווי עפּעס אַן אָטעם וואָלט אַ הויך געטון דורך דער נאַטור, שטיל, גאַנץ שטיל, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך פון ערגעץ־ווו דערהויבן אַ הייסער, בענקשאַפטלעכער זיפץ. איך האָב אויפגעציטערט. איז דאָס נישט געווען קיין ווינט? איך האָב שוין געהאַט פאַר־געסן ווי דאָס איז געווען, די פאַרטרוקנטע לונגען האָבן שוין אַ צו לאַנגע צייט נישט געהאַט איינגעטרונקען אין זיך די דאָזיקע קילקייט, און זיצנדיק איינגעפּרעסט אין דעם ווינקל פונם דאַך־שאָטן, האָב איך אים נישט געפילט צו מיר דערגרייכן; נאָר דאָרט אויפן באַרג־שפּוע האָבן די בוימער געמוזט דערשפּירן עפּעס עמעצנס אָנוועזנהייט, וואָרום זיי האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן זיך שטיל צו וויגן, גלייך זיי וואָלטן סודנדיק־זיך זיך צוגעבויגן איינער צום אַנדערן. די שאָטנס צווישן זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אומרויק צו באַוועגן. ווי לע־בעדיקע, צערייצטע וועזנס האָבן זיי געצאַפּלט הין און הער און פּלוצלינג איז פון ערגעץ ווייט אָנגעקומען אַ טיפער, צי־טערנדיקער טאָן. ווירקלעך: אַ ווינט האָט זיך דורכגעטראָגן איבער דער וועלט, אַ סודותדיק מורמלען, אַ ווייען און פלאַ־טערן, אַ טיפער, ברויזנדיקער אָרגל־טאָן און באַלד דערנאָך אַ שטאַרקער, מעכטיקער שטויס. ווי פון אַ פלוצלינגער שרעק געטריבן, האָבן זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטון וואָלקנס שטויב און זיך געלאָזט לויפן איבער דעם וועג, אַלע אין איין ריכ־טונג; די פייגל, וואָס זענען געלעגן ערגעץ באַהאַלטן, האָבן פּלוצלינג מיט אַ צישעריי זיך אַ לאָז געטון אין שוואַרצע

שורות דורך דער לופט, די פערד האָבן אַרויסגעטרייסלט דעם שוים פון זייערע נאָזלעכער, און ווייט אין טאָל האָט זיך געהערט דאָס ברומען פון די בהמות. עפּעס אַ געוואַלטיקע קראַפט האָט אויפגעוואַכט און האָט אַפּנים געמוזט זיין שוין גאָר נאָענט, די ערד האָט שוין דערפון געוווסט, דער וואַלד און די חיות, און אויך דער הימל האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ לייכט געוועב פון גרויקייט.

איך האָב געציטערט פאַר צעטראָגנקייט. מיין בלוט איז געווען צערייצט פון דער שאַרף־דורכשפּיזנדיקער היץ, מיינע נערוון האָבן געקנאַקט און זיך ווידער אָנגעשפּאַנט, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט, אַזוי ווי איצט, די ליידנשאַפטלעכקייט פונם ווינט, די כשופדיקע תאוה פונם שטורם. און ער איז אָנגעקומען, זיך דערנענטערט, ער איז געוואקסן און זיך שוין געלאָזט הערן. דער ווינט האָט פאַמעלעך געטריבן ווייכע קנוילן וואָלקנס, הינטער די בערג האָט געקייכט און געסאָפּעט, גלייך ווי ס'וואָלט דאָרט עמעצער געקוילערט אַ שווערע משא. טייל מאָל פלעגן די דאָזיקע קאָכנדיקע, סאָפּענדיקע קלאַנגען אַנטשוויגן ווערן, ווי פאַרמאַטערטע. דעמאָלט האָבן די טענענבוימער אָנגעהויבן שטילער צו ציטערן, ווי זיי וואָלטן זיך וועקן איינהאָרכן, און מיין האַרץ האָט מיטגעציטערט. ווּהין איך האָב נאָר געווענדט מיין בליק, איז געווען דיזעלבע דערוואַרטונג, ווי אין מיר. די ערד האָט ברייט צעעפנט אירע שפּאַלטן: ווי קליינע, דורשטיקע מיילער האָבן זיי זיך צעעפנט, און דאָס זעלבע האָב איך אויך געפילט אויף מיין אייגן לייב, ווו ס'האָט זיך אויפגעעפנט אַ פאָרע נאָך אַ פאָרע, לעכצנדיק נאָך קילונג און נאָך דעם קאַלטן דורכדרינגענדיקן שוידער פונם רעגן. נישט ווילנדיק האָבן זיך מיינע פינגער קראַמפּהאַפטיק איינגעקרומט, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן אָנכאַפּן די וואָלקנס און זיי שנעלער אַראָפּציען אויף דער פאַרשמאַכטער וועלט.

אָבער זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן דערנענטערן, ווי געשטויסן דורך אַן אומגעזעענער האַנט, פויל און חושכדיק,

מיט דעם אויסזעען פון קיילעכדיקע אָנגעבלאָזענע זעק און מען האָט דערקענט, אַז זיי זענען שווער און שוואַרץ פון רעגן, וואָרום זיי האָבן אָנגעברוגזטע זיך געבאָמבלט, ווי שווער־וואָגיקע זאַכן, בעת זיי פלעגן זיך אָפּשלאָגן אָן אַנאַנדער, און טיילמאָל פלעגט איבער זייער שוואַרצער אויבערפלאַך דורכלויפן אַ שטילער בליץ, ווי אַן אויפפלאַקערנדיק צינדהעלצל. זיי פלעגן דאַן אויפפלאַמען מיט אַ בלוי, בייז פייערל, זיך אַראָפּ־געלאָזט וואָס אַמאָל נענטער און געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַרצער פון דער אייגענער אָנגעלאָדנטקייט. דער בלייערנער הימל האָט זיך ביסלעכווייז אַראָפּגעלאָזט וואָס אַמאָל נידריקער און נידריקער, אַזוי ווי אַן אייזערנער פאָרהאַנג אין טעאַטער. און באַלד איז דער גאַנצער הלל געוואָרן שוואַרץ פאַרצויגן, די וואָרעמע, פאַרהאַלטענע לופט צוזאַמענגעפּרעסט, און עס איז אָנגעקומען די לעצטע שטילשווייגנדיקע רגע פון דערוואַרטונג, אַ שטומע און אַ מוראדיקע. אַלץ איז דערשטיקט געוואָרן דורך דער שוואַרצער משא, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן טאָל, די פייגל האָבן אויפגעהערט צו צוויטשערן, די בוימער זענען געשטאַנען אָן אָטעם, און אפילו די קליינע גרעזעלעך האָבן זיך נישט דערוועגט אַ ריר צו טון; ווי אַ מעטאַלענער ארון האָט דער הימל איינגעשלאָסן די הייסע וועלט, אין וועלכער אַלץ איז געבליבן פאַרגליווערט אין דערוואַרטונג אויף דעם ערשטן בליץ. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם בין איך געבליבן שטיין, די הענט איינגעקלאַמערט איינע אין דער אַנדערער און קור־טשענדיק זיך אין אַ וואונדערלעך זיסן פחד, וועלכער האָט מיך געמאַכט אומבאַוועגלעך. הינטער מיר האָב איך געהערט די מענטשן אַרומלויפן אין איילעניש, זיי זענען אָנגעקומען פון וואַלד, פון די האָטעל־טירן, פון אַלע זייטן אַרויס זענען זיי געלאָפן, די דינסטמיידלעך האָבן אַראָפּגעלאָזט די זשאַלוזיען און מיט רעש פאַרמאַכט די פענסטער. אַלץ איז מיטאַמאָל געוואָרן טעטיק און צעטראָגן, אַלץ האָט זיך באַוועגט, זיך געגרייט און געאיילט. נאָר איך בין געשטאַנען אומבאַוועגלעך, פיבערנדיק, שטום, וואָרום אין מיר איז אַלץ געווען צוגויפ־

געקורטשעט און גרייט אַרויסצוּלאָזן דעם געשריי, וואָס האָט מיר שוין געשטעקט אין דער קעל, אַ תענוג-געשריי ביי דעם ערשטן בליק.

מיטאַמאָל אָבער האָב איך האַרט הינטער מיר דערהערט אַ זיפץ, וואָס האָט זיך שאַרף אַרויסגעריסן פוּן אַ צעפּייניקטער ברוסט און זיך צוזאַמענגעשמאָלצן מיט תחנונימדיקע, בענקשאַפט-לעכע ווערטער: „ס'זאָל שוין אַמאָל אָנהויבן צו רעגענען!" די דאָזיקע שטים, דער דאָזיקער אייסגעשריי פוּן אַ נידער-שלאָגן געפיל, האָט געקלוּנגען אַזוי ווילד, אַזוי סטיכיש, גלייך ווי די דורשטיקע ערד אַליין וואָלט עס געוועזן אַרויסגעזאָגט מיט אירע צעפּלאַצטע ליפּן, די צעפּייניקטע, דערשטיקטע לאַנד-שאַפט אונטער דער משא פוּנם בלייערנעם הימל. איך האָב מיך אומגעקוקט. הינטער מיר איז געשטאַנען אַ מיידל, וואָס האָט אַפּנים געזאָגט די דאָזיקע ווערטער, וואָרום אירע ליפּן, אירע בלאַסע און פיין-געשניצטע ליפּן, זענען נאָך געווען געעפנט מיט אַ לעכצנדיקן אויסדרוק און איר אָרעם, וועלכער איז געווען אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר, האָט לייכט געציטערט. נישט צוּ מיר האָט זי דאָס געזאָגט און נישט צוּ קיינעם. ווי איבער אַ תהום האָט זי זיך אויסגעבויגן אין דער לאַנדשאַפט אַריין און איר בליק האָט פאַרגליווערט געקוקט אין דעם פינ-סטערן חלל, וואָס איז געהאַנגען איבער די טעמענבוימער. ער איז געווען שוואַרץ און פוּסט, דער דאָזיקער בליק, פאַרגליווערט, ווי אַן אוּמענדלעכער תהום, געווענדט צוּם ווייטן הימל. בלויז אַרויף אינדערהויך האָט זיך געריסן זיין גיריקייט, טיף זיך איינגעגעסן אין די אָנגעשוואָלענע וואָלקנס, אין דעם אין דער לופט הענגענדיקן שטורם, צוּ מיר אָבער איז ער נישט דער-גאַנגען. האָב איך דעריבער אוּמגעשטערט געקאָנט באַטראַכטן די פרעמדע אוּן זיך צוּקוּקן, ווי איר ברוסט האָט זיך געהויבן, ווי עפּעס, וואָס האָט זי אינעווייניק געשטיקט, האָט זיך גע-וואָלט פוּן איר אַרויסרייסן, ווי אַרוּם איר האַלז, וואָס האָט זיך צאַרט אַרויסגעשיילט פוּנם אויסדעקאָלטירטן קלייד, איז אַ ציטער דוּרכגעלאָפן, ביז אירע ליפּן האָבן ענדלעך אויך אָנגע-

הויבן צו ציטערן, דורשטיק זיך פונאַנדערגעעפנט און ווידער געזאָגט: „ס'זאָל שוין אַמאָל אָנהויבן צו רעגענען!" און ווידער האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז געווען אַ זיפץ פון דער אַרומיקער פאַרשמאַכטער וועלט. עפּעס לונאַטישעס, עפּעס אַ פאַרחלומטקייט איז געווען אין איר סטאַטוע־אַרטיקער גע־שטאַלט, אין איר צעשוווּמענעם בליק. און בעת זי איז אַזוי געשטאַנען, אַ ווייסע אין איר העלן קלייד אַנטקייגן דעם בליי פאַרביקן הימל, האָט זי אויסגעזעען אין מיינע אויגן ווי דער דורשט, ווי די דערוואַרטונג פון דער גאַנצער אויסגעטרוקנטער נאַטור.

עפּעס האָט שטיל אַ ציש געטון נעבן מיר אין גראָז. עפּעס האָט האַרט אַ פּיק געטון אויפן געזימס. עפּעס האָט שטיל אַ קריץ געטון אין די הייסע זאַמד־שטיינדלעך. אומע־טום האָט זיך פּלוצלינג געלאָזט הערן דער דאָזיקער שטילער, זשומענדיקער טאָן. און איך האָב מיטאַמאָל פאַרשטאַנען, דער־פילט, אַז דאָס זענען געווען טראָפּנס, וואָס זענען שווער אַראָפּ־געפאַלן, די ערשטע וואַרעמע טראָפּנס, די געבענטשטע שליחים פון דעם גרויסן, רוישנדיקן, קילנדיקן רעגן. אָ, עס האָט זיך אָנגעהויבן! עס איז געקומען דער אָנהויב. אַ פאַרגעסנהייט, אַ גליקזעליקע שכרות איז אויף מיר אָנגעפאַלן. איך בין געווען וואַך, אַזוי ווי כ'בין עס נאָך קיינמאָל נישט געווען, איך האָב געטון אַ שפּרונג אינדערהויך און אויפגעכאַפּט אַ טראָפּן אין דער האַנט. שווער און קאַלט האָט ער מיר אַ פּליעסק געטון אויף די פינגער. איך האָב אַראָפּגעריסן דאָס היטל פון מיין קאָפּ, כדי שטאַרקער צו פילן די נאַסע לופט אויף מיינע האָר און שטערן, איך האָב געציטערט פאַר אומגעדולד, וואָס גיכער אַרומגערינגלט צו ווערן מיט דעם רוישנדיקן רעגן, צו פילן אים אויפן לייב, אויף דער וואַרעמער אויסגעטרוקנטער הויט, אין די אָפענע פּאָרן, ביז טיף אינעווייניק אינם אויפגע־בּרויזטן בלוט. אין אָנהויב זענען זיי נאָך געווען קאַרגלעך, די פּליעסקענדיקע טראָפּנס, אָבער איך האָב שוין פאָרויס געפילט זייער אַראָפּנידערנדיקע שפע, שוין האָב איך זיי געהערט,

שטר מען און רוישן, די אויפגעעפנטע הימל־שלוזען, איך האָב שוין געשפּירט דאָס מחיהדיקע אַראָפּקראַכן פונם הימל איבערן וואַלד, איבער דער שטיקנדיקער לופט פון דער אָנגעגליטער וועלט.

אָבער מערקווירדיק: די טראָפּנס זענען נישט געפאַלן שנעלער. מען האָט זיי געקאָנט ציילן. איינציקווייז, איינציקווייז זענען זיי אַראָפּגעפאַלן, עס האָט געקנאַקט, עס האָט געצישט, עס האָט געזשומעט רעכטס און לינקס, אָבער ס'האָט זיך נישט געוואָלט צוזאַמענגיסן אין איין גרויסער, רוישיקער מוזיק פון רעגן. עפּעס ווי פאַריתומט זענען די טראָפּנס געפאַלן, און אָנשטאָט שנעלער צו ווערן, איז דער טאַקט געוואָרן פאַמעלעך און וואָס אַמאָל פאַמעלעכער און פלוצלינג האָט עס אינגאַנצן אויפגעהערט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך ווי דאָס טיקן פון דעם מינוטן־ווייזער אין אַ זייגער וואָלט פלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן און די צייט וואָלט געבליבן שטיין. מיין האַרץ, וואָס האָט זיך שוין געהאַט צעגליט פאַר אומגעדולד, איז מיטאַמאָל געוואָרן קאַלט. איך האָב געוואַרט און געוואַרט, אָבער ס'איז קיין זאַך נישט געשען. דער הימל האָט אַראָפּגעבליקט שוואַרץ און פאַרגליווערט מיט אַן אָנגעברוגזטן שטערן, מינוטן־לאַנג האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט, דערנאָך אָבער האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך ווי ס'וואָלט זיך איבערן הימל דורכגעטראָגן אַ לייכטער חוזקדיקער גלאַנץ. דער מערב איז אויסגעלייטערט געוואָרן, די וואַנט פון וואָלקנס איז ביסלעכווייז צעגאַנגען געוואָרן און שטיל באַמבלענדיק האָבן זיי זיך אַוועקגעקוילערט ווייטער. זייער שוואַרצע תהום־טיפקייט איז געוואָרן וואָס אַמאָל פלאַכער און פלאַכער, און די פאַרשמאַכטע לאַנדשאַפט איז געבליבן ליגן אונטער דעם ווידער אויפשיינענדיקן האָריזאָנט אין אָנמעכטיקער, אומבאַפרידיקטער אַנטוישונג. דורך די בוימער איז נאָך דורכגעלאָפן אַ שטילער, לעצטער ציטער, ווי פון כעס, דערנאָך אָבער האָבן זייערע בלעטער־הענט, וואָס זענען שוין געווען גיריק אויסגעשטרעקט, זיך שוואַך אַראָפּגעלאָזט, ווי אָפּגעשטאָרבענע. דאָס וואָלקן־גע־

וועב איז וואָס אַמאָל געוואָרן דורכזיכטיקער, אַ בייזע, גע-פערלעכע העצקייט איז געווען אויסגעשפרייט איבער דער שוצלאָזער וועלט. עס איז קיין זאַך נישט געשעען. דער שטורם איז אויפגעהאַלטן געוואָרן.

איך האָב געציטערט מיטן גאַנצן גוף. איך בין געווען דורכגעדרונגען מיט צאָרן, מיט אַ זינלאָזן כעס פון אָנמעכ-טיקייט, פון אַנטוישונג, פון פאַרראַט. איך וואָלט אימשטאַנד געווען צו שרייען, אָדער אַריינצופאַלן אין אַ ווילדקייט, עס איז מיך באַפאַלן אַ חשק עפּעס צו צעברעכן, אַ חשק צו רשעות און ווילדקייט, אַ זינלאָזער פאַרלאַנג נאָך נקמה. איך האָב געפילט אין מיר די פּיין פון דער גאַנצער פאַרראַטענער נאַטור, איך האָב געפילט דאָס לעכצן פון די קליינע גרעזע-לעך, די היץ אויף די וועגן, די פאַרשטיקטע לופט פונם וואַלד, די גליענדיקע היץ פון די קאַלך-שטיינער, די דורשטי-קייט פון דער גאַנצער אָפּגענאַרטער וועלט. מיינע נערוון האָבן געגליט ווי דראָטן: איך האָב געפילט, ווי זיי ציטערן פון עלעקטרישער שפּאַנונג און רייסן זיך ווייט פאָרויס אין דער אָנגעלאָדנטער לופט; ווי אַ מאַסע קליינע פלעמעלעך האָבן זיי מיר געגליט אונטער דער געשפּאַנטער הויט. אַלדינג האָט מיר פאַרשאַפט אַ ווייטיק, יעדער געררויש האָט מיך געשטאָכן, ווי מיט שאַרפע שפּיצן, יעדע זאַך איז געווען ווי אַרומגערינגלט פון קליינע פלעמעלעך, און מיין בליק, ווּהין ער איז נאָר גע-פאַלן, האָט זיך אָפּגעבריט. דאָס טיפסטע וועזן אין מיר איז געווען אויפגערייצט, איך האָב געשפּירט, ווי אָן אַ שיעור באַגערן, וואָס זענען ביז אַצינד שטום און טויט געשלאָפן אין די אָפּגעטעמפּטע געהירן, האָבן זיך איצט פונאַנדערגעעפנט, ווי אַ ריזעדיקע צאָל קליינע נאָזלעכער און פון יעדן האָט גע-שלאָגן מיט היץ. איך האָב שוין נישט געקאָנט מער אונטער-שיידן, וואָס פון דעם אַלעם איז געווען מיין אייגענע אויפגע-בּרויזטקייט און וואָס דער וועלטס; די דינע מחיצה צווישן איר און מיר איז צעריסן געוואָרן, אַלץ האָט זיך צענויפגעמישט אין אַן איינציקער, בשותּפותדיקער צערייצטקייט פון אַנטוישונג.

און בעת איך האָב פיבערנדיק אַראָפּגעקוקט אין טאָל, וועלכער איז ביסלעכווייז געוואָרן אָנגעפילט מיט ליכט-פייערלעך, האָב איך געשפּירט, אַז יעדעס איינציקע קליינע ליכט-פלעמל דרינגט אַריין אין מיר, יעדער שטערן ברענט זיך איין אין מיר ביז צום בלוט. אויסנווייניק און אינעווייניק איז געווען די זעלבע גרענעצלאָזע, פיבערדיקע צערייצטקייט, און דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אַרום מיר געדרייט, האָב איך דורך עפּעס אַ שמערצ-לעכן כשוף עמפּינדן, גלייך ווי דאָס וואָלט אין מיר גופא געוואקסן און געגליט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי יענער סודותפולער, לעבעדיקער קערן, וואָס שטעקט אין די פאַרשידנסטע זאַכן, וואָלט געברענט אין דער טיפעניש פון מיין וועזן. אין דער מאַגישער אויפגעוואַכטקייט פון מיינע חושים, האָב איך אַלץ געשפּירט. דעם צאָרן פון יעדן איינציקן בלאַט, דעם טעמפּן בליק פונם הונט, וואָס שלייכט מיט אַן אַראָפּגע-לאָזטן ווידל אַרום די טירן, איך האָב אַלץ געשפּירט, און אַלץ, וואָס איך האָב געשפּירט, האָט מיר פאַרשאַפט ווייטיק. כמעט פיזיש האָב איך אָנגעהויבן צו פילן אין מיר אַ גליענ-דיקע היץ, און בעת איך האָב צוגערירט מיינע פינגער צו דער הילצערנער טיר, האָט עס אונטער זיי שטיל געקנאַקט ווי צינטער, צוגעזענגט און טרוקן.

דער גאַנג האָט מיט רעש געגעבן דעם צייכן צום אָוונט-מאָלצייט. זיין קופערנער קלאַנג האָט טיף אַריינגעדרונגען אין מיר, אויך ער האָט מיר פאַרשאַפט אַ ווייטיק. איך האָב מיך אומגעקוקט. ווו זענען אַהינגעקומען די מענטשן, וואָס האָבן דאָ פריער פאַרבייגעאיילט דערשראָקענע און צעטראָגענע? ווו איז יענע, וואָס איז דאָ געשטאַנען, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון דער פאַרשמאַכטער נאַטור און אָן וועלכער איך האָב גאָר אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן אין די מבולבלדיקע מינוטן פון אַנ-טוישונג? אַלץ איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. איך בין געשטאַנען איינער אַליין אין דער שטילשווייגנדיקער נאַטור. איך האָב נאָך אַמאָל אַרומגענומען מיטן בליק דעם גאַנצן ארומיקן חלל. דער הימל איז אַצינד געווען אינגאַנצן ליידיק, אָבער נישט

ריין. איבער די שטערן איז געווען פאַרצויגן אַ גרינלעכער שלייער און פון דער אויפגייענדיקער לבנה האָט אַרויסגע־פינקלט אַ בייזער גלאַנץ ווי פון אַ קאַצן־אויג. גרוי און בלאַס האָט דאָ אויבן אַלץ אויסגעזען, חוזקדיק און בייז, אונטן ווידער, טיף אונטער דער דאָזיקער שיטערער ספערע, האָט געדרימלט די טונקעלע נאַכט, בליצנדיק מיט פאָספאָר, ווי אַ טראָפּישער ים און אָטעמענדיק מיט דעם צעפייניקטן תאוהדיקן אָטעם פון אַן אַנטוישטער פרוי. אויבן האָט נאָך חוזקדיק גע־פינקלט אַ שוואַכע שיין, אונטן אָבער איז געהאנגען אַ מידע, שווערע, שטיקנדיקע פינסטערניש. פיינטלעך האָט אויסגעזען איינס נעבן דעם אַנדערן, אַ ברוגזער, שטומער קאַמף צווישן הימל און ערד. איך האָב געאָטעמט טיף און איינגעזויגן אין מיר בלויז צערייצטקייט. איך האָב אָנגענומען מיט די הענט דאָס גראָז, עס איז געווען טרוקן ווי האָלץ און עס האָט בלוי געקנאַקט צווישן מיינע פינגער.

דער גאַנג האָט ווידער גערופן. ס'איז מיר נמאס געוואָרן פאַרן דאָזיקן טויטן קלאַנג. איך בין נישט געווען הונגעריק, האָב נישט געהאַט קיין פאַרלאַנג צו זיין צווישן מענטשן, נאָר די איינזאַמקייט דאָ אינדרויסן אין דער דאָזיקער שטיקנדיקער לופט איז מיר געוואָרן שרעקלעך. דער גאַנצער שווערער הימל האָט שטום געדרוקט מיין ברוסט, און איך האָב געפילט, אַז איך קאָן זיין בלייערנע משא שוין לענגער נישט דערטראָגן. איך בין אַריינגעגאַנגען אין עס־זאַל. די מענטשן זענען שוין געזעסן נעבן זייערע קליינע טישלעך. זיי האָבן גערעדט שטיל, נאָר פאַר מיר האָט עס געקלונגען נאָך צו הויך. וואָרום אַל־דינג, וואָס האָט אָנגערירט מיינע אויפגערייצטע נערוון, האָט מיר פאַרשאַפט אַ ווייטיק: דאָס שטילע פליסטערן, דאָס קלינגען פון גאָפּל־מעסער, דאָס קלאַפּן פון די טעלער, יעדע באַוועגונג, יעדער אָטעם־הויך, יעדער בליק. אַלץ האָט אָפּגעציטערט אינע־ווייניק אין מיר און מיר פאַרשאַפט ווייטיק. איך האָב מיר געמוזט אַ כּח אָנטאָן, כּדי נישט צו טון עפּעס אַן אומזיניקע טאַט, וואָרום איך האָב געפילט, לויט די באַוועגונגען פון מיין

פּולס, אַז אַלע מיינע חושים זענען אין פיבער. מיך האָט עפּעס געטריבן, יעדן איינציקן פון די דאָזיקע אַלע מענטשן צו באַטראַכטן און צו יעדן איינעם פון זיי האָב איך געפילט אַ שנאה, זעענדיק ווי זיי זיצן אַזוי בנעימותדיק, פרעסעריש און רויִק, אין דער זעלבער צייט, וואָס איך גלי אינגאַנצן. מיך איז באַפאַלן עפּעס אַ מין קנאה, וואָס זיי זיצן אַזוי זאַט און זיכער אין זיך, אָן שום מיטגעפיל צו דער געפּייניקטער וועלט, פרעמד צו יענעם שטילן כעס, וואָס ברויזט אין דער ברוסט פון דער פאַרשמאַכטער ערד. איך האָב אַלעמען אַרומגענומען מיט מיין בליק, אויב ס'געפינט זיך איינער, וואָס זאָל איר מיטפילן, אָבער אַלע האָבן אויסגעזען טעמפּ און גלייכגילטיק. בלויז אָפּרוענדיקע און אָטעמענדיקע, בנעימותדיקע מענטשן זענען דאָ געזעסן, ניכטערנע, נישט-פילנדיקע, געזונטע; און איך בין געווען דער איינציקער קראַנקער, דער איינציקער, וואָס האָט געשטעקט אינם פיבער פון דער וועלט. דער קעל-נער האָט געבראַכט פאַר מיר דאָס עסן. איך האָב פאַרזוכט אַ ביסן, נאָר איך בין נישט אימשטאַנד געווען אים אַראָפּצושלינ-גען. מיך האָט געעקלט פאַר יעדער באַרירונג. צופיל בין איך געווען דורכגעדרונגען מיט דער שטיקנדיקער לופט, מיט דעם דאַמף, מיט דעם טשאַד פון דער ליידנדיקער, קראַנקער, צע-ווייטיקטער נאַטור.

נעבן מיר האָט זיך אַ רוק געטון אַ שטול. איך האָב געטון אַ צאַפּל. יעדער קלאַנג האָט געווירקט אַצינד אויף מיר, ווי אַ באַרירונג מיט אָנגעגליט אייזן. איך האָב מיך אומגעקוקט. פרעמדע מענטשן זענען דאָרט געזעסן, נייע שכנים, וועלכע איך האָב נאָך נישט געקענט. אַן עלטערער הער מיט זיין פרוי, באַלעבאַטישע רויִקע מענטשן מיט קיילעכדיקע געלאָסענע אויגן און מעלה-גרהדיקע באַקן. נאָר קייגנאיבער זיי, מיט דעם רוקן האַלב צו מיר געווענדט, איז געזעסן אַ יונג מיידל, משמעות, זייערס אַ טאָכטער. בלויז דעם נאַקן האָב איך גע-קאָנט זעען, אַ ווייסן און שמאָלן נאַקן, און איבער אים, ווי אַ שטאָלענער העלם, אַ ים מיט שוואַרצע, שיעור נישט גראָ-

נאַטענע האָר. זי איז געזעסן אומבאַוועגלעך און לויט איר פאַר־
גליווערטקייט האָב איך דערקענט, אַז זי איז די זעלבע, וואָס
איז פריער געשטאַנען אויף דער טעראַסע אַ לעכצנדיקע און
גיריקע נאָך רעגן, ווי אַ ווייסע, דורשטיקע בלום. אירע קליינע,
קרענקלעכע דינע פינגער האָבן זיך אומרויִק געשפּילט מיט
דעם טיש־געשיר, אָבער אָן שום גערויש; און די דאָזיקע
שטילקייט אַרום איר האָט מיר פאַרשאַפט אַ געפיל פון צו־
פרידנהייט. אויך זי האָט זיך נישט צוגערירט צו קיין ביסן,
איינמאָל בלויז האָט זי האַסטיק און גיריק אויסגעשטרעקט די
האַנט צום גלאָז. אָ, זי פילט עס אויך, דאָס פיבער פון דער
וועלט, האָב איך אַ באַגליקטער דערשפּירט דורך איר האַסטי־
קער האַנט־באַוועגונג, און ווערנדיק דורכגעדרונגען מיט אַ
פריינטלעך מיטגעפיל, האָב איך ווייך אָנגעשטעלט מיין בליק
אויף איר נאַקן. איך האָב איצט דערפילט אַ מענטש, וועלכער
איז נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעשיידט פון דער נאַטור, וועלכער
האָט אויך מיטגעגליט אין דער וועלט־שרפה און איך האָב גע־
וואָלט, אַז זי זאָל וויסן פון אונזער קרובהשאַפט. איך האָב
חשק געהאַט אויסצושרייען צו איר: „פיל מיך דאָך! פיל
מיך! אויך איך בין וואַך אַזוי ווי דו! אויך איך ליד! פיל
מיך! פיל מיך!" איך האָב זי אַרומגענומען מיט דער גליענ־
דיקער מאַגנעטיק פון פאַרלאַנג. איך האָב געגלאָצט אויף איר
רוקן, פונדערווייטנס געגלעט אירע האָר, איינגעגראָבן אין איר
מיין בליק, זי געריפן מיט די ליפּן, געפּרעסט זי צו זיך, איך
האָב געגלאָצט און געגלאָצט, מיין גאַנצן פיבער אַהינגעשליי־
דערט, כדי זי זאָל עס מיט אַ שוועסטערלעך געפיל דערשפּירן.
אָבער זי האָט זיך נישט אומגעקוקט. זי איז געבליבן זיצן, ווי
אַ סטאַטוע, קאַלט און פרעמד. קיינער איז מיר נישט געקומען
צו הילף. אויך זי האָט מיך נישט געפילט. אויך אין איר האָט
זיך נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג פון דער וועלט. איך האָב
געברענט איינער אַליין.

אָ, די דאָזיקע שטיקעניש אויסנווייניק און אינעווייניק,
איך האָב זי שוין מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. דער

פעטער, זיסלעכער הויך פון די וואַרעמע מאכלים האָט מיך געקוועלט, דאָס מינדסטע גערויש האָט זיך מיר איינגעבויערט אין די נערוון. איך האָב געשפּירט מיין בלוט ברויזן און גע-האַט דאָס געפיל, אַז איך וועל באַלד פאַלן אין חלשות. אַל-דינג אין מיר האָט געלעכצט נאָך קילונג און רחבות, און דאָס דאָזיקע שטיקנדיקע נאָענט-זיין פון מענטשן האָט מיך דערדריקט. נעבן מיר האָט זיך געפונען אַ פענסטער. איך האָב עס האַסטיק אויפגעעפנט, ברייט פונאַנדערגעעפנט. און מאָדנע: אויך דאָרט אינם רחבותדיקן חלל פון דעם ביינאַכטיקן הימל האָט זיך סודותדיק אָפּגעשפּיגלט דאָס אומרויִקע ברויזן אין מיין בלוט. די לבנה האָט געפינקלט אינדערהויך מיט אַ ווייס-געלן גלאַנץ, ווי אַ דערצינדן אויג אין אַ רויטן רינג פון דאַמף און איבער די פעלדער האָט זיך גייסטערהאַפט געטראָגן אַ גרויער רויך-נעפּל. די גרילן האָבן פיבערהאַפט געגרילט; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע לופט איז דורכגעצויגן מיט מעטאַלענע סטרונעס, וואָס ברומען און גרילצן. צווישן די פּאַר-שידענע קולות פלעגט זיך טיילמאָל דורכטראָגן אַ שטיל און זינגלאָז בורטשען פון אַ מוילוואורף, הינט האָבן זיך צעבילט יאָמערנדיק אויפן קול; ערגעץ-ווו אינדערווייטנס האָבן געבריליט חיות, און מיר איז געקומען אויפן זכרון, אַז אין אַזעלכע נעכט ווערט דורכן פיבער פאַרסמט די מילך ביי די קי. די נאַטור איז געווען קראַנק, אויך אין איר האָט געברויזט די דאָזיקע שטילע ווילדע פאַרביטערונג, און אַרויסקוקנדיק דורכן פענסטער האָב איך געהאַט פאַר מיר אַן אָפּשפּיגלונג פון מיין אייגן געפיל. מיין גאַנץ וועזן האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער אַרומיקייט; די שטיקנדיקייט, וואָס האָט געשטעקט אין מיר און יענע, וואָס האָט אָנגעפילט די לאַנדשאַפט, האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן אין איין שטומער, פייכטער אומאַרמונג.

ס'האָט זיך ווידער דערהערט נעבן מיר דאָס רוקן פון שטולן און איך האָב ווידער דערשראָקן אויפגעצאַפּלט. דאָס מאָלצייט איז געווען געענדיקט און די מענטשן זענען מיט גערויש אויפגעשטאַנען: אויך מיינע שכנים האָבן זיך אויפגע-

הויבן און פאַריבערגעגאַנגען פאַרביי מיר. פּאַרויס איז גע-
גאַנגען דער פאָטער, אַ צופרידענער און אַ זאַטער, מיט אַ
פריינטלעכן, שמייכלענדיקן בליק, דערנאָך די מוטער און הינ-
טער איר די טאָכטער. אַצינד ערשט האָב איך דערזעען איר
פּנים. עס האָט אויסגעזעען געלבלעך-בלאַס, די זעלבע מאַטע,
קראַנקע פאַרב, ווי פון דער לבנה אינדרויסן, אירע ליפּן זענען
נאָך אַלץ ווי פריער געווען האַלב געעפנט. זי איז געגאַנגען
שטיל, אָבער אָן לייכטקייט. עפּעס אַ שוואַכקייט און מידקייט
איז געווען אין איר, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט מיך אויף אַ
מאָדנעם אופן דערמאָנט אָן מיין אייגן געפיל. איך האָב גע-
שפּירט, ווי זי קומט אָן נענטער און בין געוואָרן גערייצט.
עפּעס אין מיר האָט געגאַרט צו אַ וועלכער נישט איז נאָענט-
קייט מיט איר, זי זאָל פאַרבייגייענדיק מיך באַרירן מיט איר
ווייס קלייד, אָדער איך זאָל לכל הפּחות דערשפּירן דעם ריח
פון אירע האָר. אין דער דאָזיקער רגע האָט זי אויף מיר אַ
אַ קוק געטון. דאָס איז געווען אַ פאַרגליווערטער, שוואַרצער
בליק, וואָס האָט זיך אַריינגעשניטן אין מיר און איז געבליבן
שטעקן טיף און נאָגנדיק, אַזוי אַז איך האָב נאָר בלויז אים
געשפּירט. איר קלאָר פּנים איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און איך
האָב פאַר מיר געפילט בלויז די דאָזיקע מרה-שחורהדיקע פינס-
טערניש, אין וועלכער איך בין פאַרזונקען געוואָרן, ווי אין אַן
אָפּגרונט. זי האָט געמאַכט נאָך אַ טריט פאָרויס, נאָר דער
בליק האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט, ער איז געבליבן איינ-
געעגבערט אין מיר, ווי אַ שוואַרצער שפּיז און איך האָב
געשפּירט, ווי ער שניידט זיך איין אין מיר וואָס אַמאָל טיפער
און טיפער. און אָט האָט זיין שפּיץ דערגרייכט ביז צו מיין
האַרץ און עס האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ סעקונדע, צוויי לאַנג
האָט זי אַזוי פאַרהאַלטן אויף מיר איר בליק און איך דעם
אָטעם. דאָס זענען געווען סעקונדן, בעת וועלכע איך האָב מיך
געפילט מאַכטלאָז אַוועקגעריסן דורך די שוואַרצע מאַגנעטן פון
די דאָזיקע אויג-אַפּלען. דערנאָך איז זי פאַר מיר פאַרבייגע-
גאַנגען. און גלייך האָב איך דערפילט מיין בלוט אויפשטראָמען,

ווי פון אַ ווונד אַרויס און ברויזנדיק טראָגן זיך דורכן גאַנצן קערפּער.

וואָס — וואָס איז דאָס געווען? איך האָב דערוואַכט ווי צוריק פונם טויט. צי האָט מיך דער פיבער אַזוי צעטומלט, אַז אַ דורכלויפיקער בליק פון אַ פאַרבייגייענדיקער איז אימ־שטאַנד געווען מיך אַזוי צו צעמישן? אָבער איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי עס וואָלט אינם דאָזיקן בליק געשטעקט די זעלבע משוגעת־ווילדקייט, די שמאַכטנדיקע, זינלאָזע, לעכצנ־דיקע גיריקייט, וועלכע האָט זיך אַצינד אַנטפּלעקט פאַר מיר אין אַלדינג, אין דעם אָפּגלאַנץ פון דער רויטער לבנה, אין דער ערדס דורשטיקע ליפּן, אין די פּיין־געשרייען פון די חיות; די זעלבע משוגעת־ווילדקייט, וואָס האָט געבליצט און געציטערט אין מיר אַליין. אָ, ווי מבולבלדיק האָט זיך אַלץ צונויפגעמישט אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער, הייסער נאַכט, ווי צעשמאָלצן איז אַלץ געווען אינם דאָזיקן איינציקן געפיל פון דערוואַרטונג און אומגעדולד. צי בין איך וואַנזיניק געווען, אָדער איז עס די וועלט געווען? איך בין געווען אויפגעברויזט און האָב געוואָלט האָבן אַן ענטפער, און דערפאַר בין איך איר נאָכגעגאַנגען אינם לייען־זאַל, זי האָט זיך דאָרטן נעבן אירע עלטערן שטיל אָראָפּגעלאָזט אין אַ פאָטעל. יענער גע־פערלעכער בליק אירער איז געווען באַהאַלטן אונטער די אָראָפּ־געלאָזטע וויעס. זי האָט געלייענט אַ בוך, אָבער איך האָב איר נישט געגלויבט, אַז זי לייענט. איך בין געווען זיכער, אַז אויב זי פילט אַזוי ווי איך, אויב זי לעבט איבער די זינלאָזע יסורים פון דער הייס־אָנגעגליטער וועלט, קאָן זי זיך נישט רויק פאַרטיפן אין שטילע מחשבות, און אַז דאָס איז בלויז אַ באַהאַלטן זיך, אַ פאַרבאָרגן זיך פאַר פרעמדער נייגי־ריקייט. איך האָב מיך אַוועקגעזעצט קייגנאיבער איר און אָנ־געשטעלט אויף איר מיין בליק, איך האָב פיבערדיק געוואַרט אויף יענעם בליק, וועלכער האָט מיך אַזוי פאַרכשופט, צי ער וועט נישט נאָכאַמאָל קומען און מיר זיין סוד אַנטפּלעקן. אָבער זי האָט זיך נישט קיין ריר געטון. די האַנט האָט גלייכ־

גילטיק געמישט אין בוך בלאַט נאָך בלאַט, דער בליק איז געבליבן פאַרהוילן. און איך האָב געוואָרט קייגנאיבער, געוואָרט וואָס אַמאָל עקשנותדיקער, עפּעס אַ נישט־דערקלערלעכער כּח פון ווילן האָט זיך צונויפגענומען אין מיר און זיך מיט אַ מוסקולאַרטיקער שטאַרקייט אָנגעשפּאַנט, כּדי די דאָזיקע פאַרשטעלעניש צו צעברעכן. און אין דער אָנוועזנהייט פון די אַלע מענטשן, וואָס האָבן דאָרט בנעימותדיק געשמועסט, גערויכערט און אין קאָרטן געשפּילט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטום געראַנגל. איך האָב געשפּירט, אַז זי עקשנט זיך, אַז זי צווינגט זיך, נישט אויפצוהויבן דעם בליק, אָבער וואָס מער זי האָט זיך אַנטקייגנגעשטעלט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן מיין האַרטנעקיקייט, און איך האָב מיך געפילט שטאַרק, וואָרום אין מיר האָט געשטעקט די דערוואַרטונג פון דער גאַנצער לעכצנדיקער ערד און דער דורשטיקער באַגער פון דער אַנטוישטער וועלט. און פּונקט אַזוי ווי די פייכטע נאַכט־וואַרעמקייט האָט זיך אריינגעריסן אין די פאָרן פון מיין לייב, אַזוי האָט מיין ווילן זיך געריסן קייגן אירן, און איך האָב געוווּסט, אַז זי מוז באַלד וואַרפן אויף מיר אַ בליק, זי מוז.

אין אַנדערן זאַל האָט עמעצער אָנגעהויבן צו שפּילן אויפן קלאַוויר. די טענער האָבן זיך שטיל דערטראָגן אַהער, וויגנדיק זיך אַרויף און אַראָפּ אין שנעלע סקאַלעס. נישט ווייט פון אונז האָט אַ גרופּע מענטשן זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט פון עפּעס אַ נאַרישן וויץ. איך האָב אַלץ געהערט, אַלץ געפילט, וואָס אַרום אונז קומט פאָר, אָבער אויף קיין איין מינוט נישט אַראָפּגעלאָזט זי פון אויג. איך האָב אָנגעהויבן ציילן די סעקונדן הויך אויפן קול און זיך איינגעגעסן מיטן בליק אין אירע וויעס, וועלכנדיק פונדערווייטנס ווירקן אויף איר מיטן היפּנאָז־כּח פון מיין ווילן, זי זאָל איר פאַרעקשנט איינגעבויגטן קאָפּ אויפהויבן. עס זענען פאַרביי מינוטן — די מוזיק־טענער האָבן זיך נאָך אַלץ געוויגט איבערן זאַל — און איך האָב שוין אָנגעהויבן צו שפּירן, אַז מיינע כּחות פאַרלאָזן מיך — נאָר מיט אַמאָל האָט זי פּלוצלינג מיט אַ האַסטיקער

באַוועגונג זיך אַ הויב געטון פון אָרט און מיך אָנגעקוקט, גלייך אין פּנים אַריין. עס איז ווידער געווען יענער בליק, דער אומענדלעך לאַנגער בליק, צו וועלכן ס׳נעמט קיין סוף נישט, אַ שוואַרצער, מוראדיקער אין-סוף, אַ דורשט, וואָס האָט זיך איינגעזויגן אין מיר, נישט אָנטרעפנדיק קיין ווידערשטאַנד. איך האָב מיך איינגעגעסן מיטן בליק אין די דאָזיקע אויגאַפּלען, ווי אין דער שוואַרצער עפענונג פון אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און געשפּירט, ווי ער ציט צונערשט אַריין מיין פּנים אינעווייניק אין אַ פרעמד בלוט אַריין און איך טייל מיך אָפּ פון מיר אַליין. דער באָדן פון אונטער מיינע פיס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און איך האָב עמפּינדן די גאַנצע זיסקייט פון אַ שווינדלדיקן פאַלן. הויך איבער מיר האָב איך נאָך געהערט דאָס וויגן זיך פון די קלינגענדיקע מוזיק-טענער, אָבער איך האָב שוין אויפגעהערט צו וויסן, ווו דאָס קומט פאָר. מיין בלוט האָט ערגעץ-ווו אַוועקגעשטראָמט, דער אָטעם איז מיר געבליבן שטעקן. איך האָב שוין געשפּירט, ווי מיך שטיקט; דאָס האָט געדויערט אַ מינוט, אָדער אַ שעה, אָדער אַן אייביקייט — דאַן האָבן זיך אירע וויעס ווידער אַראָפּגעלאָזט. איך האָב אויפגעטויכט ווי אַ דערטרונקענער פון וואַסער, אַ פרירנדיקער, געטרייסלט פון פיבער און שרעק.

איך האָב מיך אַרומגעקוקט, קייגנאיבער מיר איז געזעסן איינגעבויגן איבער אַ בוך אַ שלאַנק יונג מיידל. זי איז געזעסן צווישן די מענטשן אַ שטילע, אומבאַוועגלעך ווי אַ סטאַטוע, נאָר אונטער דעם דינעם שטאָף פון איר קלייד האָט לייכט געציטערט איר קני. אויך מיינע הענט האָבן געציטערט. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס ליידנשאַפטלעכע שפּיל פון דערוואַרטונג און ווידערשטאַנד וועט זיך איצט אויפסניי ווידער אָנהויבן, אַז איך מוז מינוטן-לאַנג אָנגעשטרענגט פאָדערן, כדי דערנאָך פּלוצלינג ווידער פאַרזונקען צו ווערן אין די שוואַרצע פלאַמען פון אַן אייניציקן בליק. מיינע שלייפן זענען מיר פייכט געווען, דאָס בלוט אין מיר האָט געזידט. איך האָב עס

נישט געקאָנט מער אַריבערטראָגן. איך בין אויפגעשטאַנען, נישט אומקוקנדיק זיך, און בין אַרויסגעגאַנגען.

ווייט און ברייט אַרום דעם באַלויכטענעם הויז איז געלעגן אויסגעשפּרייט די נאַכט. דער טאָל האָט אויסגעזעען, ווי פאַרזונקען און דער הימל האָט געשימערט מיט אַ פייכטן, שוואַרצן גלאַנץ ווי נאַסער מאָך. אויך דאָ אינדרויסן איז נישט געווען קיין קילונג, נאָך אַלץ נישט, אויך דאָ, ווי אומעטום, דאָס זעלבע סכנותדיקע פאָרן-זיך פון דורשט און פאַרשכורטקייט, וואָס איך האָב געשפּירט אין מיין בלוט. עפּעס אומגעזונטס, פייכטס, ווי די אויסהויכונגען פון אַ פיבערנדיקן מענטש, איז געלעגן איבער די פעלדער, איבער וועלכע ס'האָט זיך געטראָגן אַ ווייסער דאַמף; פונדערווייטנס האָבן פלעמלעך געציטערט און געשפּענסטיק געווונקען דורך דער שווערער לופט, און אַרום דער לבנה איז געלעגן אַ געלער רינג, וואָס האָט צוגעגעבן איר בליק אַ בייזן גלאַנץ.

איך האָב מיך געפילט מיד, ווי נאָך קיינמאָל נישט. אַ געפלאָכטענע שטול, וואָס מען האָט אפּנים פון בייטאָג פאַרגעסן אָפּצורוימען, איז נאָך דאָ געשטאַנען: איך האָב מיך געטון אַ וואָרף אַריין אין איר. איך האָב נישט געפילט קיין אבר. איך האָב מיך אויסגעצויגן און געבליבן אומבאַוועגלעך. און בלייבנדיק אַזוי נאָכגיביק צוגעטוליעט צו דעם ווייכן געפלעכט פון דער שטול, האָב איך מיטאַמאָל עמפינדן די הייסע לופט, ווי אַ דערקוויקונג. זי האָט מיך שוין מער נישט געקוועלט, זי האָט זיך נאָר צוגעדרענגט צו מיר צערטלעך און ליידנשאַפטלעך און איך האָב מיך שוין נישט געווערט קייגן איר. בלויז די אויגן האָב איך געהאַלטן פאַרמאַכט, כדי גאָרנישט צו זעען, כדי שטאַרקער צו פילן די נאַטור, דאָס לעבן, וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט. ווי אַ פּאָליפּ, ווי אַ ווייך, גלאַטיק, זויגנדיק באַשעפעניש האָט די נאַכט מיך איצט אַרומגענומען, מיך באַרירט מיט טויזנטער ליפּן. איך בין געלעגן און געפילט, ווי איך גיב מיך אונטער, ווי איך גיב מיך איבער צו עפּעס, וואָס נעמט מיך אַרום, וואָס טוליעט מיך איין, וואָס רינגלט

מיך אַרום; צו עפּעס אַזעלכעס, וואָס זויגט זיך איין אין מיין בלוט, און צום ערשטן מאָל האָב איך אין דער דאָזיקער הייסער אומאַרמונג עמפּינדן אַ זינלעכקייט, ווי אַ פרוי, וואָס ווערט צעגאַנגען אין דעם תענוגפולן עקסטאַז פון איבערגעבן זיך: אַ זיסער שווידער האָט מיך אַרומגענומען, פילנדיק ווי איך גיב מיטאַמאָל אינגאַנצן איבער אָן ווידערשטאַנד מיין לייב צו דער וועלט, עס איז דערקוויקנדיק געווען צו פילן, ווי דאָס אומזעבאַרע באַרירט צערטלעך מיין הויט, דרינגט ביסלעכווייז אַריין אונטער איר, מאַכט לויז די אברים, און איך האָב מיך גאָרנישט געוועהרט קייגן דער דאָזיקער מידקייט, וואָס באַפאַלט מיינע חושים. איך האָב מיך געלאָזט פאַרוויגן פון דעם נייעם געפיל, און מטושטשדיק, אַזוי ווי אין חלום האָב איך בלויז עמפינדן, אַז די נאַכט און יענער בליק פון פריער, די פרוי און די ליידנשאַפט איז איין און די זעלבע זאַך, אין וועלכע עס איז אַ תענוג פאַרזונקען צו ווערן. טיילמאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, גלייך ווי די דאָזיקע פינסטערניש איז גאָר זי אַליין, און די וואַרעמקייט, וואָס באַרירט מיינע גלידער, איז איר אייגן לייב, וואָס איז צענויפגעשמאָלצן מיט דער נאַכט ווי מיינס. און נאָך אין חלום פילנדיק זי, בין איך פאַרזונקען געוואָרן אין דער דאָזיקער שוואַרצער, וואַרעמער כוואַליע פון ליידנשאַפטלעכער זעלבסטפאַרגעסונג.

מיטאַמאָל האָט מיך עפּעס געמאַכט אויפּציטערן. מיט צוזאַמענגענומענע חושים האָב איך געטאַפּט אַרום מיר, נישט קענענדיק קומען צו זיך. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערזעען, דערקענט, אַז איך בין דאָ געלעגן אָנגעשפּאַרט־הייט מיט פאַרמאַכטע אויגן און געשלאָפן. איך האָב דאָ אַפּנים געמוזט אַזוי דרימלען שוין אַ שעה צייט, אָדער אפשר גאָר שעהן, ווארום דאָס ליכט אין האָטעל־זאַל איז שוין געווען אויסגעלאָשן און אַלץ איז שוין לאַנג געווען אוועקגעגאַנגען אויף אָפּרו. די האָר האָבן זיך מיר פייכט געקלעבט צו די שלייפן, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, גלייך ווי דער דאָזי־קער חלומהאַפטיק־חלומותלאָזער דרימל וואָלט אַראָפּגענידערט

אויף מ'ר ווי הייסער טוי. איך בין אויפגעשטאַנען אַ צעמיש־טער, כּדי אַריין צו גיין אין שטוּב און דאָרט ווידער קומען צוּ זיך. מיין געמיט איז געווען פאַרמטושטשט, אָבער אַרום מיר האָט אויך געהערשט די זעלבע צעמישעניש. פונדער־ווייטנס האָט זיך דערטראָגן אַהער אַ דונער־אָפּקלאַנג און איבערן הימל פלעגט זיך טיילמאָל דורכטראָגן מיט אַ סכּנותדיקן גלאַנץ אַ שאַרפער בליץ. די לופט האָט געשמעקט מיט פייער און פונקען, הינטער די בערג האָבן געפינקלט פאַררעטערישע בליצן און אין מיר האָבן פאָספאָריצירט דערינערונגען און פאַרגעפילן. איך וואָלט גערן געווען נאָך געבליבן אינדרויסן, כּדי מיינע געדאַנקען אין אָרדנוּנג צו ברענגען, פונאַנדערצעוויקלען מיין סודותדיקן צושטאַנד, נאָר עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט און איך בין אַריינגעגאַנגען אין האָטעל.

דער האָטעל־זאַל איז שוין געווען ליידיק. די שטולן זענען נאָך געשטאַנען אין אומאָרדענונג פונאַנדערגערוקט, באַלויכטן מיט אַ בלאַסער שיין פון אַן איינציק לעמפּל. די אומבאַלעבטע פוסטקייט האָט אויסגעזעען געשפּענסטיק און נישט ווילנדיק האָב איך אין איינער פון די שטולן אַריינגעוועבט די צאַרטע געשטאַלט פון דעם מאָדנעם וועזן, וואָס האָט מיך מיט זיינע בליקן אַזוי צעמישט. איר בליק, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין דער טיפעניש פון מיין וועזן, איז נאָך געווען לעבעדיק. ער האָט זיך באַוועגט, און איך האָב געשפּירט, ווי ער פינקלט אויף מיר פון דער פינסטערניש אַרויס. מיט עפּעס אַ סודותדיק פאַרגעפיל האָב איך אים אַרויסגעשפּירט פון די ווענט, און זיין אָנזאָג האָט מיט פאַרפירערישע פלעמלעך געבלינצלט אין מיין בלוט. און די שטיקנדיקע היץ האָט נאָך אַלץ נישט אָפּגעטרעטן! ווי נאָר איך האָב די אויגן פאַרמאַכט, האָב איך באַלד דערשפּירט פורפּורנע פונקען הינטער די אויגן־הייטלעך. נאָך האָט געגלאַנצט אין מיר דער ווייסער, גליענדיקער טאָג, נאָך אַלץ האָט געבּרויזט אין מיר די שימערנדיקע, פייכטע, פינקלענדיקע, פאַנטאַסטישע נאַכט!

אָבער איך האָב דאָ נישט געקאָנט פאַרבלייבן, אַלץ

אַרום איז געווען טונקל און פאַרלאָזן. איך האָב זיך דעריבער געלאָזט גיין אַרויף אויף די טרעפּ, אָבער אָן חשק. אַ ווידער־שטאַנד איז געווען אין מיר, אַ ווידערשטאַנד, וועלכן איך האָב נישט געקאָנט גובר זיין. איך בין געווען מיד און דאָך האָב איך נישט געהאַט קיין חשק צו גיין שלאָפן. עפּעס אַ סודותפול העל־זעעריש פאָרגעפיל האָט מיר פאָרגעזאָגט נאָך עפּעס אַ פּאַסירונג און מיינע חושים האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו דער־שפּירן אַ לעבעדיק וואַרעם וועזן. גייענדיק איבער די שטיגן האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, גלייך ווי מיינע פאַרשאַרפטע, עמ־פינדלעכע נערוון וואָלטן אַריינגעדרונגען אומעטום, באַרירט אַלע צימערן, און פונקט ווי פריער אויף דער נאַטור, האָב איך איצט אָנגעשטרענגט מיין גאַנץ עמפּינדן אויף דעם הויז, און איך האָב געשפּירט דעם שלאָף, דאָס בנעימותדיקע אָטעמען פון אַ סך מענטשן, וואָס געפינען זיך דאָ, דאָס שווערע, חלומות־לאָזע באַוועגן ־זיך פון זייער געדיכט, שוואַרץ בלוט, זייער תמימותדיקע רו און שטילקייט, אָבער איך האָב אויך געפילט דאָס מאַגנעטישע ציען פון עפּעס אַ קראַפט. איך האָב געשפּירט עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז וואַך געווען אַזוי ווי איך. צי האָט עס יענער בליק, אָדער האָט עס אפשר די לאַנדשאַפט באַשאַפן אין מיר דעם דאָזיקן סובטעלן פּורפּורנעם וואַנזין? מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך שפּיר עפּעס ווייכס דורך די מויערן און ווענט, אַ קליין פּעמל פון אומרויִקייט האָט געציטערט אין מיר, געבלינצלט אין מיין בלוט און נישט געקאָנט פאַרלאָשן ווערן. אָן חשק בין איך געגאַנגען אַרויף אויף די שטיגן, כּסדר זיך אָפּשטעלנדיק אויף יעדן שטאַפּל און איינהאָרכנדיק זיך אַרום; נישט בלויז מיט די אויערן, נאָר מיט אַלע חושים. קיין שום זאַך וואָלט מיר נישט פאַרגעקומען אויסטערליש, אַלדינג אין מיר האָט געלויערט אויף עפּעס אומגעוויינלעכעס, אויסטערלישעס, וואָרום איך האָב געוווסט, אַז די נאַכט קאָן זיך נישט ענדיקן אָן עפּעס אַ ווונדערלעך געשעעניש, אַז די דאָזיקע שטיקנדיקע היץ קאָן זיך נישט ענדיקן אָן אַ בליץ. און בעת איך בין אַזוי איינהאָרכנדיק זיך געשטאַנען אויף די

שטיגן, האָב איך ווידער אַמאָל פאַרקערפּערט מיט זיך די גאַנצע אַרומיקע וועלט, וועלכע האָט זיך אָנמעכטיק אויסגעצויגן און געשריגן נאָך שטורם. אָבער קיין זאַך האָט זיך נישט גערירט. בלויז אַ שטיל אָטעמען האָט זיך געטראָגן דורך דעם שטיל-שווייגנדיקן הויז. אַ מידער און אַן אַנטוישטער בין איך אַרויף אויף די לעצטע שטאַפּלען און אַ גרויל האָט מיך אַרומגענומען פאַר מיין איינזאַמען צימער, ווי פאַר אַ קבר.

דאָס טיר-הענטל האָט מאַט אַרויסגעשימערט פון דער פינסטערניש אַרויס, אָננעמענדיק עס, האָב איך דערפילט אַ פייכטע וואַרעמקייט. איך האָב אויפגעעפנט די טיר. דאָס פענסטער אין דער הינטערשטער וואַנט איז געשטאַנען אָפן און אַנטפּלעקט אַ שוואַרצן פיר-עק פון נאַכט, צענויפגעדרענגטע טענענבוימער-שפּיצן פון דערבייאיקן וואַלד און אינדערמיטן אַ שטיק פאַרוואָלקנטן הימל. פינסטער איז אַלץ געווען דרויסן און אינעווייניק, די וועלט און דאָס צימער, נאָר — מאָדנע און אומדערקלערלעך — ביים פענסטער-ראַנד האָט געגלאַנצט עפּעס אַ שמאָלע ליניע, ווי אַן אָפּגעריסענער פאַס פון לבנה-שיין. איך בין אַ פאַרוווּנדערטער צוגעגאַנגען נענטער, כדי צו זעען, וואָס אַזעלכעס שימערט עס אין דער לבנהלאָזער נאַכט. איך בין צוגעגאַנגען נענטער, און מיטאַמאָל האָט עס זיך אַ ריר געטון. איך בין געבליבן דערשטוינט: אָבער איך האָב זיך נישט דער-שראָקן, וואָרום אין דער דאָזיקער נאַכט בין איך גרייט געווען צו זעען די פאַנטאַסטישסטע זאַכן, יעדע זאַך האָט זיך מיר אויסגעוויזן, גלייך איך האָב שוין דערפון פריער געטראַכט און געחלומט. איך וואָלט זיך נישט געחידושט אויף קיין שום באַ-געגעניש, און צום ווייניקסטן אויף דער דאָזיקער, וואָרום אין דער אמתן: זי איז עס געווען, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, זי, וועגן וועלכע איך האָב אומבאַוווּסטזיניק געטראַכט ביי יעדן שטאַפּל, ביי יעדן טריט, וואָס איך האָב געשטעלט אין דעם שלאָפנדיקן הויז; זי, וועמעס וואַכזיין איך האָב מיט מיינע אָנגעשטרענגטע חושים געשפּירט דורך מויער און וואַנט. בלויז ווי עפּעס אַ שוואַכן אָפּגלאַנץ האָב איך געזעען איר פּנים,

און דאָס ווייסע נאַכטקלייד איז געלעגן אַרום איר ווי אַ נעפּל. זי איז געווען אָנגעלענט איבערן פענסטער, און שטייענדיק אַזוי אַרויסגעבויגן אין דער לאַנדשאַפט אַריין, סודותדיק צו־געצויגן דורך דעם שימערנדיקן תהום־אָפּגלאַנץ, האָט זי אויס־געזעען לעגענדאַריש, אַן אָפעליא איבער דעם טייך.

איך בין צוגעגאַנגען נענטער, שרעקעוודיק און צעטראָגן. זי האָט אַפּנים דערהערט דאָס גערויש, וואָרום זי האָט זיך אומגעקוקט. איר פּנים איז געווען אין שאָטן. איך האָב נישט געוווסט, צי זי האָט מיך טאַקע דערזעען, צי זי האָט מיך געהערט, וואָרום אין אירע באַוועגונגען איז נישט געווען צו באַמערקן קיין פּלוצלינגדיקייט, קיין דערשרעקן זיך, קיין ווידערשטאַנד, אַלדינג אַרום אונז איז געווען גאַנץ שטיל. אויף דער וואַנט האָט געטיקט אַ קליינער זייגער. עס איז געוואָרן גאָר שטיל, און מיטאַמאָל האָט זי פּלוצלינג און אומגעריכט שטיל אַרויסגעזאָגט: „איך האָב אַזוי מורא״.

צו וועמען האָט זי דאָס געזאָגט? האָט זי מיך דערקענט? אָדער האָט זי גערעדט פון שלאָף? עס איז געווען דאָס זעלבע קול, דער זעלבער ציטערנדיקער טאָן, וועלכער האָט היינט נאָכ־מיטאָג געקלונגען אינדרויסן מיט פּחד, בעתן דערנענטערן זיך פונם וואָלקן, נאָך איידער איר בליק האָט מיך געהאַט באַ־מערקט. דאָס איז געווען מאָדנע, אָבער דאָך האָט עס מיך נישט פאַרווונדערט און נישט צעטומלט. איך בין צוגעגאַנגען צו איר, כּדי זי צו באַרויקן און אָנגענומען איר האַנט. זי איז געווען ווי ציטער, אַזוי הייס און אויסגעטרוקנט, און די באַרירונג פון אירע פינגער איז ווייך צעבּרעקלט געוואָרן אין מיין האַנט. שטילשווייגנדיק האָט זי איבערגעלאָזט איר האַנט אין מיינער. אַלץ אין איר איז געווען שלאַף, ווערלאָז, אָפּ־געשטאָרבן. און בלויז אירע ליפּן האָבן נאָכאַמאָל געפּליסטערט ווי פון אַ ווייטקייט אַהער: „איך האָב אַזוי מורא! איך האָב אַזוי מורא״ און דערנאָך מיט אַ זיפץ, ווי אָפּשטאַרבנדיק, ווי שטיקנדיק זיך: „אַך, ווי הייס עס איז!״ דאָס האָט געקלונגען ווי פון אַ ווייטקייט, אָבער אין דער אמתן איז עס שטיל

אויסגעפּליסטערט געוואָרן ווי אַ סוד צווישן אונז ביידע. דאָך אָבער האָב איך געפילט: זי האָט דאָס נישט צו מיר געדעדט.

איך האָב אָנגענומען איר אָרעם. זי האָט בלויז לייכט געציטערט, ווי די ביימער נאָכמיטאָג פאַרן שטורם, אָבער זי האָט זיך נישט געווערט. איך האָב זי אָנגענומען פעסטער: זי האָט נאָכגעגעבן. אירע אָרעמס זענען צוגעפאַלן צו מיר, שוואַך און אָן ווידערשטאַנד, ווי אַ וואַרעמע צעגאָסענע כוואַליע. און אָט האָב איך זי געהאַט גאַנץ נאָענט נעבן מיר, אַזוי אַז איך האָב געקאָנט איינאָטעמען די היץ פון איר הויט און דעם פייכטן דופט פון אירע האָר. איך האָב מיך נישט באַוועגט, און זי האָט געשוויגן. מאָדנע איז דאָס אַלץ געווען. מיין נייגיריקייט האָט אָנגעהויבן אויפצופלאַקערן. מיין אומגעדולד איז ביסלעכווייז געוואַקסן. איך האָב אָנגערירט מיט מיינע ליפּן אירע האָר — זי האָט זיך נישט געווערט. דאַן האָב איך באַרירט אירע ליפּן. זיי זענען געווען טרוקן און הייס, און בעת איך האָב זיי געקושט, האָבן זיי זיך פּלוצלינג אויפגעעפנט, כדי פון מיינע צו טרינקען, אָבער נישט דורשטיק און ליידנ־שאַפטלעך, נאָר מיט אַ שטיל, שלאַף, באַגערלעך זויגן פון אַ קינד. איך האָב געפילט איר פאַרשמאַכטקייט, און פונקט ווי אירע ליפּן, אַזוי האָט זיך אויך איר שלאַנקער, אונטער דעם דינעם שטאָף וואַרעם צאַפּלענדיקער קערפּער איינגעזויגן אין מיר, אַזוי ווי פריער די נאַכט אינדרויסן, אָן האַסטיקייט, נאָר פול מיט אַ שטילער, פאַרשכורטער גיריקייט. און בעת איך האָב זי אַזוי געהאַלטן — מיינע חושים זענען נאָך געווען שאַרף אָנגעשפּיצט — האָב איך דערשפּירט די וואַרעמע פייכטע ערד נעבן מיר, אָט אַזוי ווי זי איז היינט געלעגן אויסגעשפּרייט, אַ לעכצנדיקע נאָך דעם גרויל פון אויסברוך. איך האָב דער־שפּירט די הייסע, מאַכטלאָזע, גליענדיקע לאַנדשאַפט. איך האָב זי געקושט און געקושט און געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי איך וואָלט אין איר געגאָסן די גאַנצע פאַרשכורטקייט פון דער גרויסער, גליענדיקער, וואַרטנדיקער וועלט, גלייך ווי די וואַרעמקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון אירע באַקן, וואָלט געווען

דער נעפל־הויך פון די פעלדער, גלייך ווי דורך אירע ווייכע, ווארעמע בריסטן וואלט געאָטעמט די גרויל־אָנגעפילטע נאַטור.

נאָר בעת מיינע בלאָנדזשענדיקע ליפּן האָבן זיך גע־וואלט דערהויבן צו אירע וויעס, צו די אויגן, וואָס זייערע שוואַרצע פלאַמען זענען פריער אַזוי פחדימדיק אריינגעדרונגען אין מיר; בעת איך האָב מיך דערהויבן, איר פּנים צו זעען און דורכן זעען שטאַרקער צו געניסן, האָב איך אַן איבער־ראַשטער באַמערקט, אַז אירע אויגן זענען פעסט פאַרמאַכט. ווי אַ גריכישע מאַסקע פון שטיין, אָן אויגן, אַ פאַרחלשטע איז זי דאָ געלעגן, ווי אַ טויטע אפעליא, געטראָגן דורכן וואַ־סער, דאָס בלייכע, געשטאָרבענע פּנים אַרויסגעטויכט פון די טונקעלע כוואַליעס. איך בין דערשראָקן געוואָרן. צום ערשטן מאָל האָב איך דערפילט די ווירקלעכקייט אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער פּאַסירונג. אַ שוידער איז מיך באַפאַלן ביים געדאַנק, אַז איך האָב דאָ פאַר מיר אַ צעטומלטע, אַ פאַר־שכורטע, אַ קראַנקע; אַז איך האַלט אין מיינע אָרעמס אַ אַ שלאָף־וואַנדלערין, וואָס די שטיקנדיקע נאַכט האָט מיר גע־בראַכט אָנצוטראָגן, ווי אַ געפּערלעכע רויטע לבנה; אַ וועזן, וואָס האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט, וואָס האָט מיך אפשר גאָר נישט געהאַט אין זינען. איך האָב מיך דערשראָקן און זי איז מיר געוואָרן ווי אַ משׂא אין מיינע אָרעמס. איך האָב גע־וואָלט דעם ווילנלאָזן גוף שטיל אַראָפּלאָזן אויף דער שטול, אויפן בעט, כדי נישט צו גנבענען קיין געניוס ביי אַ צעטומל־טער, נישט צו נעמען אַזעלכעס, וואָס זי אַליין וואָלט אפשר נישט געבן, נאָר יענער דעמאָן בלויז אין איר, וואָס איז איצט דער מושל איבער איר בלוט. אָבער ווי נאָר זי האָט דערפילט, אַז איך וויל זי אָפּלאָזן, האָט זי אָנגעהויבן שטיל צו זיפצן: „לאָז מיך נישט אָפּ! לאָז מיך נישט!" האָט זי געבעטן, אירע ליפּן האָבן זיך הייסער איינגעזויגן און איר קערפּער האָט זיך פעסטער געדרוקט צו מיר. איר פּנים מיט די פאַרמאַכטע אויגן איז געווען אָנגעשטרענגט אין אַן אויסדרוק פון יסורים, און איך האָב מיט גרויל געשפּירט, אַז זי וויל וואַך ווערן און

קאָן נישט, אַז אירע פאַרשכורטע חושים ווילן זיך אַרויסרייסן פון דער דאָזיקער מיט נאַכט אַרומגעוועבטער תפיסה און ווי- דער קלאָר ווערן. אָבער גראָד דאָס, אַז אונטער דער בלייער- נער מאַסקע פון שלאָף ראַנגלט זיך עפּעס, וואָס וויל זיך אַרויסרייסן פון דער פאַרכשופטקייט, האָט מיך געפּערלעך גע- רייצט זי אויפצוּוועקן. מיינע נערוון האָבן געצאַפּלט פאַר אומ- געדולד, זי צו זען אַ וואַכע, אַ רעדנדיקע, צו זען זי אַלס ממשותדיק וועזן, נישט בלויז אַ בלאָנדזשענדיקע אין חלומות, און איך האָב געוואָלט פאַר יעדן פּרייז צווינגען איר מטושטש- דיק געניסנדיקן קערפּער צו וואַכקייט. איך האָב זי געריסן צו מיר, איך האָב זי געטרייסלט, איך האָב איינגעקלעמט די ציין אין אירע ליפּן און מיינע פינגער אין אירע אָרעמס, כדי זי זאָל ענדלעך אויפעפענען די אויגן און באַוווּסטזיניק טוען דאָס אַלץ, צו וועלכן עס האָט זי אַצינד בלויז אַ מטושטשדיקער טריב אין איר געטריבן. אָבער זי האָט זיך בלויז געבויגן און געקרעכצט פאַר ווייטיק פון מיין אַרומקלאַמערונג. „מער! מער!“ האָט זי געשטאַמלט מיט אַ ווילדקייט, מיט אַן אומזיניקער ווילדקייט, וועלכע האָט מיך צערייצט און מיך אַליין אַריינ- געבראַכט אין אַן אומזיניקייט. איך האָב געשפּירט, אַז זי איז שוין נאָענט צום אויפוואַכן, אַז די וואַכקייט וויל זיך אַרויס- רייסן פון אונטער ־- פאַרמאַכטע וויעס, וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן אומרויִק צו ציטערן. איך האָב זי אַ ריס געטון צו מיר נענטער, טיפער זיך איינגעגראָבן אין איר, און פּלוצלינג האָב איך דערפילט, ווי איבער איר באַק קייקלט זיך אַראָפּ אַ טרער, וועלכע איך האָב איינגעזויגן אין מיר. וואָס שטאַרקער איך האָב זי געדריקט צו מיר, אַלץ העפטיקער האָט זיך באַ- וועגט איר ברוסט, זי האָט געקרעכצט, אירע גלידער האָבן זיך צונויפגעקורטשעט, גלייך זיי וואָלטן וועלן פונאַנדעררייסן עפּעס אַ געוואַלטיק שטאַרקע זאַך, אַ רייף, וואָס האָט זי אַרומגע- קלאַמערט מיט שלאָף, און פּלוצלינג -- ווי אַ בליץ דורך דער צעשטורמטער וועלט איז עס געווען — איז עפּעס אין איר גע- וואָרן פונאַנדערגעבראָכן. מיטאַמאָל איז זי ווידער פאַרוואַנדלט

געוואָרן אין אַ שווערע, דריקנדיקע משא אין מיינע הענט, אירע ליפּן האָבן זיך אָפּגעריסן פון מיינע, די הענט זענען איר אַראָפּגעזונקען, און ווען איך האָב זי אָנגעלעגט אויפן בעט, איז זי געבליבן ליגן ווי אַ טויטע. איך בין דערשראָקן געוואָרן. נישט ווילנדיק האָב איך זי אָנגערירט און באַטאַפּט אירע אָרעמס און באַקן. זיי זענען געווען אינגאַנצן קאַלט, דערפרוירן, שטיינערנע. בלויז נאָר אויבן ביי די שלייפן האָט שטיל געטיקט דאָס בלוט מיט ציטערנדיקע קלעפּ. ווי מאַרמאָר, ווי אַ סטאַטועֶ איז זי דאָ געלעגן, די באַקן פּייכט פון טרערן, דער אָטעם לייכט-בלאָזנדיק אַרום די אָנגעצויגענע נאָז-פליגל. טיילמאָל פלעגט גיך דורכלויפן איבער איר לייב אַ שטיל ציטערן, אַן אָפּשטאַרבנדיקע כוואַליע פונם צעבראָכענעם בלוט, נאָר די ברוסט האָט זיך געוויגט וואָס אַמאָל שטילער און שטילער. וואָס ווייטער אַלץ מער ענלעך איז זי געוואָרן צו אַ בילד, אַלץ מענטשלעכער און קינדישער, אַלץ העלער און אויסגעליי-טערטער זענען געוואָרן אירע געזיכט-שטריכן. דער קראַמף איז געווען פאַרביי. זי האָט געדרימלט. זי איז געשלאָפן.

איך בין געבליבן זיצן אויפן ברעג פון בעט, ציטערנ-דיק, איינגעבויגן איבער איר. ווי אַ רויק קינד איז זי געלעגן, די אויגן פאַרמאַכט און דאָס מויל אויסגעבויגן אין אַ שטילן שמייכל, וועלכן אַ חלום מסתמא האָט אַרויסגערופן. איך האָב מיך צוגעבויגן צו איר גאַנץ נאָענט, אַז איך האָב געקאָנט זען יעדע באַזונדערע ליניע פון איר פּנים און האָב געפילט דעם הויך פון איר אָטעם אויף מיין באַק, אָבער וואָס נענטער איך האָב מיך צו איר אָנגעבויגן , אַלץ ווייטער און סודותדי-קער איז זי מיר געוואָרן. ווו זענען איצט געווען אירע חושים, די חושים פון דער, וועלכע איז דאָ געלעגן אַ פאַרשטיינערטע, וועלכע דער הייסער שטראָם פון אַ גליענדיקער נאַכט האָט געבראַכט אָנצוטראָגן צו מיר, דעם פרעמדן און איצט ווידער אַרויסגעשליידערט ווי אַ טויטע אויפן ברעג? ווער איז זי גע-ווען, די דאָזיקע פרוי, וואָס איז געלעגן אויף מיינע הענט, פונוואַנען האָט זי זיך גענומען, צו וועמען געהער זי? איך

האָב קיין זאַך נישט געוווּסט וועגן איר און האָב בלויז גע־פילט, אַז מיך בינדט נישט מיט איר קיין שום זאַך. איך האָב זי אָנגעקוקט, מינוטן־לאַנג, איינזאַמע מינוטן, בעת וועלכע ס׳האָט זיך בלויז געהערט דאָס איילנדיקע טיקען פונם זייגער, און איך האָב מיך באַמיט אַרויסצולייענען עפּעס פון איר שטום פּנים, אָבער איך בין קיין זאַך נישט דערגאַנגען. איך האָב חשק געהאַט זי אויפצוּוועקן פונם דאָזיקן משונהדיקן שלאָף דאָ נעבן מיר, אין מיין צימער, שעור נישט אין מיין לעבן שוין, אָבער איך האָב גלייכצייטיק מורא געהאַט פאַר דעם דערוואַכן, פאַר דעם ערשטן בליק פון אירע אויפגע־וואַכטע חושים. און איך בין דעריבער געבליבן זיצן שטיל־שווייגנדיק, אַ שעה אפשר, אָדער צוויי, איינגעבויגן איבערן דאָזיקן שלאָפנדיקן פרעמדן וועזן, און ביסלעכווייז האָט זיך מיר אָנגעהויבן אויסצודאַכטן, אַז דאָס איז גאָר נישט קיין פרוי, קיין מענטש, וועלכן איך האָב דאָ על פּי מקרה באַ־געגנט, נאָר אַז דאָס איז די נאַכט אַליין, דער סוד פון דער לעכצנדיקער, געפּייניקטער נאַטור, וואָס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי ס׳וואָלט דאָ אונטער מיינע הענט געלעגן די גאַנצע הייסע וועלט מיט אירע אָנגעגליטע חושים, גלייך ווי די ערד וואָלט זיך צעבוּנ־טעוועט פון די יסורים און זי פאַר אַ שליח געשיקט פון דער דאָזיקער מאָדנער, פאַנטאַסטישער נאַכט.

הינטער מיר האָט עפּעס אַ קלונג געטון. איך האָב אויפ־געציטערט ווי אַ פאַרברעכער. עס האָט זיך נאָכאַמאָל דער־הערט אַ קלונג אין פענסטער, גלייך אַ ריזעדיקע פויסט וואָלט עס אַ ריס געטון. איך בין אויפגעשפּרונגען. אויף יענער זייט פענסטער איז פאָרגעקומען עפּעס משונהדיקס: אַ פאַרוואַנדלטע נאַכט, נײַ און סכּנותדיק, שוואַרץ־פינקלענדיק און פול מיט ווילדער באַוועגלעכקייט. עס האָט זיך געהערט אַ געברום, אַ מוראדיק גערויש. אָט האָט זיך עפּעס אַ הויב געטון ביז צום שוואַרצן טורם פונם הימל, און אָט וואַרפט עס זיך מיר אַנט־קעגן פון דער נאַכט אַרויס, קאַלט, פייכט, מיט אַ ווילדן

שטויס: דער ווינט. פון דער פינסטערניש איז ער אַרויסגעשפּרונגען, געוואַלטיק און שטאַרק, זיינע פויסטן האָבן געריסן די פענסטער און געשטורעמט דאָס הויז. ווי אַ מוראדיקער תהום האָט זיך די פינסטערניש אַנטפּלעקט, וואָלקנס זענען געקומען אָנצוּלויפן און אין ווילדער איילעניש געוואַקסן אינדערהויך ווי שוואַרצע ווענט, און צווישן הימל און וועלט האָט זיך עפּעס דורכגעטראָגן מיט אַ געוואַלטיק ברומען. די עקשנותדיק־שטיקנדיקע לופט איז אַוועקגעריסן געוואָרן דורך דעם דאָזיקן ווילדן שטראָם, אַלץ האָט זיך פונאַנדערגעפּלייצט, צעגאָסן, באַוועגט, אַ ווילד געיעג האָט זיך אויסגעשפּרייט פון איין עק הימל ביז צום אַנדערן. און די בוימער, די פעסט איינגעוואָרצלטע אין דער ערד, האָבן געקרעכצט אונטער דער אומגעזעענער, ברומענדיקער, פּייַנדיקער בייטש פונם שטורם. און פּלוצלינג האָט אַ שימער געטון אַ ווייסער שניט: אַ בליץ, וואָס האָט דורכגעשפּאָלטן דעם הימל ביז צו דער ערד אַראָפּ. און הינטער אים האָט געקנאַלט דער דונער, גלייך ווי אַלע וואָלקנס וואָלטן מיט אַ קראַכעריי אַראָפּגעפאַלן אין אָפּגרונט אַריין. הינטער מיר האָט זיך עפּעס אַ ריר געטון. זי האָט אויפגעצאַפּלט. דער בליץ האָט אַראָפּגעריסן דעם שלאָף פון אירע אויגן. זי האָט צעטומלט געגלאָצט אַרום זיך. „וואָס איז געשעען", האָט זי אַרויסגעזאָגט, „ווו בין איך?" און איר קול האָט געקלונגען גאָר אַנדערש ווי פריער. עס האָט נאָך געציטערט דערין עפּעס אַ פּחד, אָבער דער טאָן איז איצט געווען קלאָר, ער איז געווען שאַרף און ריין, ווי די נייגעבוירענע לופט. ווידער האָט אַ בליץ זיך אַריינגעשניטן אין די ראַנדן פון דער לאַנדשאַפט: אויף אַ רגע האָב איך דערזען די באַלויכטענע קאָנטורן פון די טענענבוימער, וועלכע דער שטורם האָט געטרייסלט, די וואָלקנס, וואָס זענען ווי ווילדע חיות געלאָפן איבערן הימל, דאָס קאַלך־ווייס באַלויכטענע צימער און איר נאָך ווייסער, בלאַס פּנים. זי איז אויפגעשפּרונגען. זי האָט מיט אַמאָל באַקומען פרייע באַוועגונגען, אַזעלכע ווי איך האָב ביי איר פריער נישט געזען. זי האָט געגלאָצט אויף

מיר אין דער פינסטערניש. און מיר האָט זיך איר בליק אויס־געוויזן שוואַרצער ווי די נאַכט. „ווער זענט איר?.. ווו בין איך?" האָט זי געשטאַמלט און דערשראָקן צוזאַמענגענומען דאָס צעעפנטע קלייד איבער דער ברוסט. איך בין צוגעגאַנגען צו איר נענטער, כדי זי צו באַרויִקן, אָבער זי האָט מיך אויס־געמיטן. „וואָס ווילט איר פון מיר?" האָט זי אויסגעשריגן מיטן גאַנצן כח, בעת איך האָב מיך צו איר דערנענטערט. איך האָב געוואָלט געפינען עפּעס אַ וואָרט, כדי זי צו באַ־רויִקן, עפּעס איר צו זאָגן, אָבער דאָ ערשט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך ווייס נישט איר נאָמען. ווידער האָט אַ בליץ באַלויכטן דאָס צימער. די ווענט האָבן אַ שימער געטון מיט אַ בלענדנדיקער ווייסקייט, ווי זיי וואָלטן מיט פאָספאָר געווען באַשמירט, אַ ווייסע איז זי געשטאַנען נעבן מיר, די אָרעמס מיט פּחד אויסגעשטרעקט, און אין איר איצט שוין וואַכן בליק האָט געשטעקט גרענעצלאָזע שנאה. אומזיסט האָב איך אין דער פינסטערניש, וועלכע האָט זיך אויף אונז אַראָפּגעלאָזט צוזאַמען מיטן דונער, געוואָלט זי אָננעמען, באַרויִקן, איר דערקלערן. זי האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן, אַ פּראַל־אויף געטון די טיר, וואָס אַ נייער בליץ האָט איר געוויזן, און איז אַרויס־געלאָפן. און צוזאַמען מיט דער זיך צוהאַקנדיקער טיר איז קראַכנדיק אַראָפּגעפאַלן אַ דונער, גלייך ווי אַלע הימלען וואָלטן אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלן.

און דערנאָך האָט עס זיך צערוישט. פון אַן אומענד־לעכער הויכקייט האָבן זיך טייכן אַראָפּגעלאָזט, ווי וואַסער־פאַלן, און דער שטורם האָט זיי מיט אַ פליעסקענדיק גערויש געשמיסן הין און הער ווי נאַסע שטריק. טיילמאָל האָט ער אין פענסטער אַריין, ביי וועלכן איך בין געשטאַנען און גע־קוקט, אַ שליידער געטון אַ הויפן אייז־קאַלט וואַסער, אויס־געמישט מיט זיסער, ריחותדיקער לופט, אַזוי אַז מיינע האָר זענען נאַס געוואָרן און איך בין דורכגענומען געוואָרן מיט אַ קאַלטן שוידער. אָבער אַ גליק־געפיל האָט מיך באַהערשט, בעת איך האָב דערשפּירט דעם דאָזיקן ריינעם נאַטור־עלעמענט, מיר

האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך ווי דער בליץ וואָלט אויפגעלייזט די שטיקנדיקע הייסקייט אויך אין מיר און איך בין אימשטאַנד געווען אויסצושרייען פאַר גליק. איך האָב אָן אַלדינג פאַר־געסן, ווערנדיק באַרוישט פון אַן עקסטאַטיש געפיל, אַז איך קאָן ווידער פריי אָטעמען און זיך פילן פריש. און איך האָב איינגעזויגן אין מיר די דאָזיקע קילקייט, ווי די ערד, ווי די גאַנצע וועלט: איך האָב געפילט דעם געבענטשטן ציטער פון דעם דורכגעטרייסלט ווערן, אַזוי ווי די בוימער, וואָס האָבן זיך צישנדיק געבויגן אונטער דער נאַסער רוט פונם רעגן. דעמאָניש שיין האָט אויסגעזען דער ליידנשאַפטלעכער קאַמף פון הימל און ערד, ווי אַ גיגאַנטישע חופה־נאַכט, פון װעלכערס לוסט איך האָב מיטפילנדיק גענאָסן. מיט בליצן האָט דער הימל אַראָפּגידערנדיק אָנגעכאַפּט די ציטערנדיקע ערד, מיט דונערן האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איר, און אין דער דאָזיקער קרעכצנדיקער פינסטערניש האָט זיך געפילט אַ ווילד אַרומנעמען זיך פון הויכקייט און טיפעניש, ווי פון גע־שלעכט מיט געשלעכט. די בוימער האָבן געקרעכצט פאַר באַ־גער און די ווייטקייט האָט זיך צענויפגעפלאָכטן מיט וואָס אַמאָל אַלץ גליענדיקערע בליצן, מען האָט געזעען ווי די הייסע הימל־אָדערן שטייען אָפן, עס האָט פון זיי אַרויסגעשפּריצט און זיך צענויפגעמישט מיט די וואַסערלעך איבער די וועגן. אַלץ האָט געפלאַצט און איז צעשמעטערט געוואָרן. נאַכט און וועלט— אַ וווּנדערלעכער נייער הויך, אין וועלכן ס'איז געווען צענויפ־געמישט דער ריח פון די פעלדער מיטן פייערדיקן אָטעם פון הימל, איז קיל אַריינגעדרונגען אין מיר. די דורך דריי וואָכן צוריקגעהאַלטענע היץ האָט זיך איצט צעבושעוועט אין דעם דאָזיקן קאַמף. און אויך אין מיר האָב איך געפילט אַן אָנגע־שפּאַנטקייט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, גלייך ווי דער רעגן וואָלט אַריינגעדרונגען אין מיינע הויט־עפענונגען, גלייך ווי דער ווינט וואָלט רייניקנדיק דורכגעלופטערט מיין ברוסט און מיט מיינע איבערלעבענישן האָב איך מיך שוין נישט געפילט ווי אַ יחיד, ווי אַ באַזונדער אָפּגעריסן באַשעפעניש, נאָר איך

האָב מיך געפּילט בלויז וועלט, שטורם, שלאַקס-רעגן און נאַכט אין דער שפּע פון דער נאַטור. און דערנאָך, ווען אַלץ האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט, די בליצן האָבן זיך שוין בלויז בלוי און מילד דורכגעשלענגלט איבערן האָריזאָנט. דער דונער האָט נאָר פּאָטערלעך-ברוגז געבּרומט און דאָס רוישן פון רעגן איז געוואָרן ריטמיש אין דעם אָפּגעשוואַכטן ווינט, דעמאָלט איז אויך מיך באַפאַלן אַן אָפּגעשוואַכטקייט און אַ מידקייט. ווי מוזיק האָב איך דערפילט מיינע זיך וויגנדיקע נערוון און אַ חיותדיקע מידקייט האָט זיך צעגאָסן איבער מיינע גלידער. אָ, אַנטשלאָפן ווערן אַצינד צוזאַמען מיט דער נאַטור און דערנאָך אויפוואַכן מיט איר! איך האָב אַראָפּגעצויגן פון זיך די קליידער און זיך אַרייַנגעוואָרפן אין בעט אַריין. דאָרט זענען נאָך געווען ווייכע, פרעמדע פאָרמען. איך האָב זיי אומדייטלעך געשפּירט, די משונהדיקע פּאַסירונג האָט געמאַנט נאָכאַמאָל באַטראַכט צו ווערן, אָבער איך האָב זי שוין אויפגעהערט צו פאַרשטיין. אינדרויסן האָט דער רעגן גערוישט און גערוישט און אָוועקגעשווענקט פון מיר מיינע געדאַנקען. איך האָב אַלדינג שוין געפּילט בלויז ווי אַ חלום. איך האָב כסדר גע-וואָלט זיך עפּעס דערמאָנען פון דעם, וואָס מיך האָט באַגעגנט, נאָר דער רעגן האָט גערוישט און גערוישט, די זאַנפטיקע, קלינגענדיקע נאַכט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וווּנדער-באַרער וויג און איך בין פאַרזונקען געוואָרן אין איר, איינ-דרימלענדיק אין איר דרימל.

צומאָרגנס אינדערפרי, בעת איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָב איך דערזעען פאַר זיך אַ פאַרענדערטע וועלט. קלאָר און מונטער, מיט פעסטע, דייטלעכע ליניעס איז געלעגן אויסגעשפּרייט די לאַנדשאַפט אונטער דעם שפּעדיקן גלאַנץ פון דער זון, און הויך אויבן האָט ווייט און ברייט זיך אויסגע-וועלבט אַ בלויער האָריזאָנט, ווי אַ לייכטנדיקער שפּיגל. די גרענעצן זענען איצט געווען דייטלעך געצויגן, אומענדלעך הויך און ווייט איז געווען אויסגעשפּרייט דער הימל, וועלכער האָט זיך נעכטן אַזוי טיף און חשבדיק געהאַט אַראָפּגעלאָזט

אויף די פעלדער. אַצינד איז ער געווען ווייט, וועלטנווייט און אָן שום צוזאַמענהאַנג ער האָט שוין אין ערגעץ נישט אָנגערירט די דופטנדיקע, לייכט-אָטעמענדיקע, גענעטיקטע ערד, זיין ווייב. אַ בלויער תהום האָט קיל געשימערט צווישן אים און איר, פרעמד און פאַרלאַנגלאָז האָבן זיי געבליקט איינער אויפן אַנדערן, דער הימל און די לאַנדשאַפט.

איך בין אַראָפּגעגאַנגען אין זאַל אַריין. די מענטשן זענען זיך שוין געהאַט צוזאַמענגעקומען. זייער האַלטן זיך איז אַצינד געווען גאָר אַנדערש, ווי אין די שרעקלעכע וואָכן פון דער היץ. אַלץ האָט געלעבט און זיך באַוועגט. זייער געלעכטער האָט געקלונגען קלאָר, די שטימען מעלאָדיש, מעטאַלן. די פריערדיקע שווערקייט, וואָס האָט זיי באַדריקט, איז איצט געווען פאַרשוווּנדן, די שטיקנדיקע באַנד, וואָס האָט זיי גע-האַט אַרומגעפלאָכטן, איז געווען צעריסן. איך האָב מיך אַני-דערגעזעצט צווישן זיי, אָן שום פיינטלעכקייט, און עפּעס אַ מין נייגיריקייט אין מיר האָט געזוכט אויף יענע, וועמעס בילד איז שוין כמעט ווי אָפּגעמעקט געווען אין מיין זכרון. און ווירקלעך, ביים דערבייאיקן טיש, צווישן פאָטער און מוטער, איז געזעסן יענע, וואָס איך האָב געזוכט. זי איז געווען מונטער, אירע שולטערן האָבן זיך לייכט באַוועגט, און איך האָב זי געהערט לאַכן, קלינגענדיק און זאָרגלאָז. איך האָב זי נייגיריק אַרומגענומען מיטן בליק. זי האָט מיך נישט באַמערקט. זי האָט דערציילט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט איר פאַרשאַפט אַ הנאה, ווארום צווישן די ווערטער האָט זיך אַריינגעפּערלט אַ קינדיש געלעכטער. ענדלעך האָט זי צופעליק געוואָרפן אַ בליק אויך אויף מיר, און ביים דאָזיקן דורכלויפנדיקן בליק האָט זיך איר געלעכטער נישט ווילנדיק איבערגעריסן. זי האָט מיך אָנגעקוקט שאַרפער. זי האָט אויסגעזען אויף עפּעס זיך צו חדושן, די ברעמען האָבן זיך הויך פאַרצויגן, איר אויג האָט מיך שטרענג און געשפּאַנט געפאָרשט און איר פנים האָט ביס-לעכווייז באַקומען אַן אָנגעשטרענגטן אויסזען, גלייך זי וואָלט דורכויס וועלן אָן עפּעס זיך דערמאַנען און קאָן נישט. איך

בין געבליבן זיצן פול מיט דערוואַרטונג, דעם בליק אָנגע־שפּיצט אין אירן, צי ס׳וועט זיך נישט באַווייזן עפּעס אַ סמן פון צעטראָגנקייט אָדער פאַרשעמטקייט אין איר פּנים, אָבער אין אַ רגע אַרום האָט זי שוין געקוקט ערגעץ אַנדערש. אַ מינוט שפּעטער האָט זיך איר בליק ווידער צוריקגעקערט, ווי וועלנדיק פעסטשטעלן. ער האָט נאָכאַמאָל געפּאָרשט מיין פּנים. אַ סעקונדע בלויז, אַ לאַנגע אָנגעשטרענגטע סעקונדע, האָב איך געפילט זיין האַרטן, שטעכיקן, מעטאַלענעם אַריינדרינגען אין מיר, אָבער באַלד האָט איר באַרואיקט אויג מיך אָפּגע־לאָזט און לויט דער אומגעצווונגענער מונטערקייט פון איר בליק, לויט דעם לייכטן, כמעט פריילעכן קער פון איר קאָפּ האָב איך געשפּירט, אַז וואַכערהייט געדענקט זי מיך שוין אינגאַנצן נישט, אַז די שייכות צווישן אונז איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט דער מאגישער נאַכט־פינסטערניש. מיר זענען ווידער איינער צום אַנדערן געווען פרעמד און וויט, אַזוי ווי הימל און ערד. זי האָט גערעדט צו אירע עלטערן, זאָרגלאָז געוויגט מיט די שלאַנקע מיידלשע אַקסלען, און בעת זי האָט געשמייכלט האָבן אירע ציין מונטער געגלאַנצט אונטער די שמאָלע ליפּן, פון וועלכע איך האָב ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק געטרונקען דעם דורשט און די היץ פון אַ גאַנצער וועלט.

די פּאָלגנדיקע נאָטיצן זענען געפונען געוואָרן אין אַ פאַרחתמעטן פּאַקעט אינם שרייבטיש פון דעם באַראָן פרידריך מיכאַעל פאָן ר...., וועלכער איז אין האַרבסט פון יאָר 1914 אומגעקומען אין דער שלאַכט ביי ראַוואַרוסקאַ אַלס עסטרייכי־שער רעזערוו־אָבער־לייטענאַנט ביי אַ דראַגונער־רעגימענט. היות לויטן טיטל און נאָך אַן איבערפלעכלעכן דורכקוקן די דאָזיקע כּתבים האָט זיך דער פאַמיליע פונם פאַרשטאָרבענעם אויסגעוויזן, אַז דאָס איז בלויז אַ ליטעראַרישע אַרבעט פון זייער קרוב, האָבן זיי מיר איבערגעגעבן די דאָזיקע נאָטיצן דורכצוקוקן צו־גלייך מיטן רעכט זיי צו פאַרעפנטלעכן. איך פערזענלעך האַלט די דאָזיקע בלעטער בשום אופן נישט פאַר קיין אויסגעטראַכטע דערציילונג, נאָר פאַר אַ ווירקלעכע, אין אַלע פּרטים אמתע אי־בערלעבעניש פון דעם אומגעקומענעם און איך פאַרעפנטלעך, פאַרבאָרגנדיק בלויז דעם שרייבערס נאָמען, זיין אינערלעכע זעלבסט־אַנטפּלעקונג אָן שום ענדערונג אָדער הוספה.

*

היינט אינדערפרי איז מיר פלוצלינג איינגעפאַלן דער גע־דאַנק, אַז איך זאָל מיר פאַר זיך אַליין אויפשרייבן די איבערלע־בעניש פון יענער פאַנטאַסטישער נאַכט, כּדי צו האָבן פאַר זיך די גאַנצע פּאַסירונג אין איר נאַטירלעכן סדר און קענען וואַרפן אַן איבערבליק אויף דער גאַנצער זאַך. און פון יענער אומגע־ריכטער סעקונדע אָן פיל איך אַן אומדערקלערלעכן דראַנג, פאַר מיר אַליין צו שילדערן יענע פּאַסירונג אין געשריבענעם וואָרט, הגם איך צווייפל, צי איך וועל בכּח זיין אויסצומאָלן

אפילו אומגעפער די אויסטערלישקייט פון יענע געשעענישן. מיר פעלט די מינדסטע אַזוי גערופענע קינסטלערישע באַגאַבונג, איך פאַרמאָג נישט קיין שום רגילות אין ליטעראַרישע ענינים, און חוץ עטלעכע קאַטאָוועסדיקע שריפטן, וואָס איך האָב פאַר־פאַסט נאָך אין טערעזיאַנום, האָב איך קיינמאָל נישט געפּרוּווט מײַנע כּחות אין שריפטשטעלעריי, אַזוי למשל ווייס איך אַפילו נישט, צי ס'איז פאַראַן אַזאַ מין באַזונדערע דערלערנבאַרע טעכניק, מיט דער הילף פון וועלכער מ'זאָל קענען פאַרבינדן דעם פאַרלויף פון די אויסערלעכע געשעענישן מיט זייער אינ־צײַטיקער אינערלעכער אָפּשפּיגלונג. איך בין אויך מסופק, אויב איך בין אימשטאַנד תּמיד צוצופּאַסן צום זין דאָס ריכטיקע וואָרט, צום וואָרט דעם ריכטיקן זין און אויף אַזאַ אופן אַרויס־באַקומען יענעם גלייכגעוויכט, וואָס איך שפּיר תּמיד אומבאַוווּסט־זיניק אַרויס, בעת איך לייען אַ גוטן שרייבער. אָבער איך שרייב דאָך די דאָזיקע שורות בלויז נאָר פאַר מיר אַליין, לחלוטין נישט, כּדי פאַרשטענדלעך צו מאַכן פאַר אַנדערע אַזעלכעס, וואָס איך אַליין קאָן עס מיר קוים דערקלערן. די דאָזיקע שורות זענען בלויז אַ פּרוּוו, אין אַ געוויסן זין אָפּצופּטרן זיך ענדלעך פון אַ געשעעניש, וואָס באַשעפטיקט מיך אָן אויפהער און האַלט מיך אין אַ שמערצלעך - קוועלנדיקער צערייצקייט, איך וויל עס אויסרדרן, אַוועקשטעלן עס פאַר מיר און פון אַלע זייטן באַטראַכטן.

איך האָב וועגן דער דאָזיקער פּאַסירונג קיינעם פון מיי־נע פרײַנט נישט דערציילט, טאַקע צוליב יענעם טעם, וואָס איך וואָלט נישט אימשטאַנד געווען פאַרשטענדלעך צו מאַכן פאַר זיי דעם עצם פון דער זאַך, און חוץ דעם אויך צוליב אַ געוויי־סער שעמעוודיקייט, וואָס אַזאַ אין פלוג געצומען צופעליקער ענין האָט מיך אַזוי דערשיטערט און דורכגענומען. ווארום אייגנטלעך איז די גאַנצע זאַך נישט מער ווי אַ קליינע איבער־לעבונג. אָבער בעת איך שרייב איצט אויף דאָס דאָזיקע וואָרט, הויב איך שוין אָן צו באַמערקן, ווי שווער עס איז פאַר אַ נישט־געאיבטן, צוצוקלייבן ביים שרייבן די ווערטער אין זייער

ריכטיקער באַדייטונג און וואָס פאַר אַ צווייַדייטיקייט, וואָס פאַר אַ מיספאַרשטענדניש־מעגלעכקייט עס איז שכיח ביים איינפאַכסטן אויסדרוק. ווארום ווען איך רוף אָן מיין איבערלעבונג אַ „קליינע", מיין איך דאָס נאַטירלעך בלויז אין רעלאַטיוון זין, אין קעגנזאַץ צו די געוואַלטיקע דראַמאַטישע געשעענישן, וועלכע האָבן אַן איינפלוס אויפן גורל פון גאַנצע פעלקער, און פון דער אַנדע־רער זייט מיין איך עס אויך אין זין פון צייט, ווייל די גאַנצע פאַסירונג שפילט זיך אָפּ אין אַ משך פון קנאַפּע זעקס שעה. פאַר מיר אָבער האָט די דאָזיקע — אין אַלגעמיינעם זין קליי־נע, אומבאַדייטנדיקע און נישט וויכטיקע — איבערלעבונג באַ־דייט אַזוי אָן אַ שעור פיל, אַז נאָך היינט — פיר חדשים נאָך יענער פאַנטאַסטישער נאַכט — גלי איך נאָך אינגאַנצן דערפון און איך מוז אָנשטרענגען אַלע מיינע גייסטיקע כחות, כדי דאָס אין מיר צו האַלטן. יעדן טאָג, יעדע שעה חזר איך מיר אי־בער אַלע יענע פרטים, ווארום די דאָזיקע איבערלעבעניש איז אין אַ געוויסער מאָס געוואָרן דער ווענד־פונקט פון מיין גאַנ־צער עקזיסטענץ. אַלץ, וואָס איך טו און רעד האָט אומבאַ־וווסטזיניק אַ שייכות מיט איר, מיינע געדאַנקען זענען פארנומען בלויז מיט דעם כסדרדיקן איבערחזרן די פלוצלינגע פאַסירונגען, כדי דורך דעם דאָזיקן איבערחזרן צו באַקומען די זיכערקייט, אַז איך האָב זי אין מיין באַזיץ. און איצט איז מיר אויך מיט־אַמאָל קלאָר געוואָרן אַ זאַך, פון וועלכער איך האָב מיט צען מינוט צוריק, בעת איך האָב גענומען די פעדער, נאָך נישט געהאַט קיין קלאָרע אַנונג: אַז איך שרייב מיר אויף די דאָזיקע איבערלעבעניש נאָר דערפאַר, כדי זי צו האָבן פאַר מיר פעסט און פיקסירט, כדי זי נאָכאַמאָל דורכצושפּילן און גלייכצייטיק זי גייסטיק אַרומצונעמען. עס איז אינגאַנצן פאַלש, נישט אמת, וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז איך וויל זיך פון איר אָפּ־פטרן דערמיט, וואָס איך וועל זי אויפשרייבן, פאַרקערט, איך וויל דאָס צו־שנעל איבערגעלעבטע האָבן פאַר מיר נאָך לעבע־דיקער, אַוועקשטעלן עס נעבן מיר אָנגעפּולט מיט אַ וואַרמען אָטעם, כדי צו קענען עס תמיד אַרומנעמען מיט די געדאַנקען.

אָ, איך האָב גאָרנישט קיין מורא, אַז איך קאָן אַפּילו אויף איין רגע פאַרגעסן יענעם הייסן נאָכמיטאָג, יענע פאַנטאַסטישע נאַכט, איך דאַרף נישט קיין סימן, קיין מיילן־שטיינער, כּדי אין זכּרון צוריקצוגיין טריט נאָך טריט אויפן וועג פון יענע שעהן: ווי אַ נאַכט-וואַנדלער טרעף איך צו יעדער צייט, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, צוריק אין יענע סביבה און איך זע יעדן פּרט מיט יענעם קלאָרן בליק, אויף וועלכן ס'איז פעיק בלויז דאָס האַרץ און נישט דער וועכער זכּרון.

איך וואָלט דאָ געקאָנט גאַנץ גענוי אויפצייכענען אויפן פּאַפּיר די ליניעס פון יעדן איינציקן בלעטל אין דער פרי־לינגדיק באַגרינטער לאַנדשאַפט, איצט שוין אין האַרבסט שפּיר איך נאָך גאַנץ פריש דאָס ווייכע שטויביקע רויכערן זיך פון דעם קאַשטאַנען־בליאונג; דעריבער, ווען איך באַשרייב נאָכאַמאָל יענע שעהן, טו איך דאָס נישט אויס מורא, זיי צו פאַרלירן, נאָר אויס פרייד, זיי ווידער צו געפינען. און ווען איך מאָל מיר איצט אויס לויט אַ גענויעם סדר די פּאַסירונגען פון יענער נאכט, וועל איך דעם דאָזיקן סדר צוליב מוזן מיך באַהערשן, וואָרום שטענדיק, ווי נאָר איך הויב אָן צו טראַכטן פון די פּרטים, שטראָמט אַרויס פון מיין געפיל אַן עקסטאַז, אַ מין שכּרות נעמט מיך אַרום, און איך מוז די דאָזיקע בילדער איינ־ציקווייז און פּאַמעלעך אַרויסרופן אין מיין זכּרון, כּדי זיי זאָלן זיך נישט צונויפמישן אין אַ פילפאַרביקן מיש־מאַש. איך לעב נאָך אַלץ איבער מיט אַ ליידנשאַפטלעכן ברען דאָס איבערגעלעבטע, יענעם טאָג, יענעם 7־טן יוני פון 1913, ווען איך האָב מיר אין מיטאָגצייט גענומען אַ פיאקער...

אָבער איך שפּיר, אַז איך מוז מיך ווידער אָפּשטעלן, ווייל שוין ווידער באַמערק איך מיט שרעק די צוויי־שאַרפיקייט, די פילדייטיקייט פון אַן איינציק וואָרט. אַצינד, בעת מיר קומט אויס צום ערשטן מאָל עפּעס צו דערציילן לויט אַ סדר, באַמערק איך ערשט, ווי שווער ס'איז אַרומצונעמען אין אַ פעסטער פאָרם יענץ גליטשיקע, וואָס דאָס לעבן אַנטהאַלט אין זיך. אָט האָב איך נאָר וואָס „איך" אויפגעשריבן, איך האָב געזאָגט, אַז איך

7־טן יוני פון 1913 אין מיטאָגצייט האָב איך מיר גענומען אַ פּיאַקער. אָבער דאָס דאָזיקע וואָרט איז שוין אַ נישט־דייטלעכקייט, ווארום יענער „איך״ פון דעמאָלט, פון 7־טן יוני, בין איך שוין לאַנג נישט, הגם פון דעמאָלט זענען ערשט פאַרביי נישט מער ווי פיר חדשים און הגם איך ווין נאָך אין דער דירה פון דעם דעמאָלטיקן „איך״ און זיץ און שרייב ביי זיין שרייבטיש מיט זיין פעדער און מיט זיין אייגענער האַנט. פון יענעם דעמאָלטיקן מענטש בין איך, און גראָד דורך יענער איבערלעבעניש, אינגאַנצן אָפּגע־שיידט. איך זע אים אַצינד פון אַ זייט, אינגאַנצן פרעמד און קאַלט, און איך קאָן אים שילדערן, ווי אַ חבר פון די קינדער־יאָרן, ווי אַ קאָלעגע, ווי אַ פריינט, וועגן וועלכן איך ווייס פיל ממשותדיקס, נאָר איך אַליין בין שוין לגמרי נישט יענער. איך וואָלט געקאָנט וועגן אים רעדן, קריטיקירן אָדער פאַראורטיילן, נישט פילנדיק כלל דערביי, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט צו מיר אַ שייכות.

דער מענטש, וואָס איך בין דעמאָלט געווען, האָט זיך זייער ווייניק אונטערשיידט, סיי אויסערלעך, סיי אינערלעך פון דער גרעסטער טייל פון די, וואָס געהערן צו זיין געזעלשאַפט־קלאַס, וועלכע מען איז געוווינט, באַזונדערס ביי אונז אין ווין, צו באַצייכנען מיטן נאָמען „גוטע געזעלשאַפט״. דאָס ווערט אַרויסגערעדט אָן אַ באַזונדערן שטאָלץ, נאָר פשוט ווי אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע זאַך. איך בין געווען אין זעקס און דרייסיקסטן לעבנסיאָר, מיינע עלטערן זענען פרי געשטאָרבן און האָבן מיר קורץ פאַר מיין פּוליעריק ווערן איבערגעלאָזט אַ פאַרמעגן, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאַנץ גענוגנד, כדי מיר אינגאַנצן צו פאַרשפּאָרן טראַכטן וועגן פאַרדינסט און קאַריערע. און אויף אַזאַ אופן איז מיר אומגעריכטערהייט אַוועקגענומען געוואָרן די דאגה וועגן מיין צוקונפט, וואָס האָט מיך דעמאָלט שטאַרק באַ־אומרויקט. איך האָב דאַן גראָד פאַרענדיקט מיינע אוניווערזיטעט־סטודיעס און באַדאַרפט מיר אויסוויילן עפעס אַ באַרוף. און וואַרשיינלעך וואָלט איך, אַ דאַנק אונזערע פאַמיליען־באַציאונגען און צוליב מיין שוין פרי־אַנטשטאַנענע נייגונג צו אַ רויקער און

צוריקגעהאַלטענער עקזיסטענץ, אויסגעוויילט די מלוכה־דינסט, ווען נישט דאָס פאַרמעגן פון מיינע עלטערן, וואָס איז מיר צוגעפאַלן אַלס איינציקן יורש און האָט מיך מיטאַמאָל פּאַרזי־כערט מיט אַן אומאָפּהענגיק לעבן אָן אַרבעט, אַפילו אין די ראַמען פון ווייטגייענדיקע לוקסוס־פאַרלאַנגען. קיין כבוד־זוכער בין איך קיינמאָל נישט געווען, האָב איך דעריבער באַ־שלאָסן, פריער זיך צוצוקוקן עטלעכע יאָר צום לעבן און וואַרטן, ביז עס וועט מיך ציען, זיך אויסצוזוגעפינען עפּעס אַ געביט צו אַרבעטן. עס איז אָבער געבליבן ביים דאָזיקן צוקוקן זיך און וואַרטן, ווארום אַזוי ווי איך האָב קיין שום אויסערגעווענלעכעס נישט באַגערט, האָב איך מיך געפילט אינגאַנצן באַפרידיקט אין דעם ענגן קרייז פון מיינע פאַרלאַנגען; די ווייכע און ליידנ־שאַפטלעכע שטאָט ווין, וועלכע האָט, ווי קיין שום אַנדערע, דערפירט דאָס שפּאַצירן גיין, דאָס לײדיקגייערישע באַטראַכטן, דאָס עלעגאַנט־זיין שעור נישט צו אַ קינסטלערישע מדרגה, כמעט געמאַכט דערפון אַ לעבנס־צוועק, האָט גורם געווען, איך זאָל אָן מיין פּלאַן וועגן אַ ווירקלעכע טעטיקייט אינגאַנצן פאַר־געסן. איך האָב געהאַט אַלע באַפרידיקונגען, וועלכע ס'קאָן זיך ווינטשן אַן עלעגאַנטער, אדעליקער, פאַרמעגלעכער, שיינער און דערצו נאָך נישט קיין כבוד־זוכערישער יונגערמאַן. די נישט געפערלעכע געשפּאַנטקייט פון שפּיל, פון געיעג, רעגלמעסיקע אָפּפרישונג דורך רייזעס און אויספלוגן, און אין קורצן האָב איך אָנגעהויבן וואָס אַמאָל מער צו פלעגן די דאָזיקע צוקוקער־עקזיסטענץ מיט אַ באַוווסטזיניקער זאָרגפעלטיקייט און קינסטלע־רישער נייגונג. איך האָב געזאַמלט זעלטענע גלעזער, נישט אַזוי ווייט צוליב אַן אינערלעכער ליידנשאַפט, ווי אויס צופרידנקייט, וואָס איך וועל ביי אַ טעטיקייט, וועלכע פאָדערט נישט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג, קענען דערגרייכן געניטקייט און קענטע־ניש אין אַ געוויסן געביט. איך האָב אויסגעצירט מיין וווינונג מיט אַ באַזונדערן מין איטאַליענישע באַראָק־גראַווירן און מיט לאַנדשאַפט־בילדער אין שטייגער פון קאַנאַלעטאָ, וואָס שוין דאָס אויסזוכן זיי ביי די אַלטוואַרג־הענדלער אָדער אויפקויפן אויף

די ליציטאַציעס האָט באַדייט אַ געזיסע, אָבער נישט געפּערלעכע שפּאַנונג. טייל זאַכן בלויז פּלעג איך טון אויס נייגונג, אָבער תּמיד מיט געשמאַק. זעלטן־ווען פּלעג איך פעלן ביי גוטער מו־זיק און אין די אַטעליעס פון אונזערע מאַלער. ביי פּרויען האָט מיר נישט געפעלט קיין דערפאָלג, אויך דאָ האָב איך מיר דורך דעם געהיימען זאַמלערישן חשק, וועלכער איז אַ סימן פון אינערלעכער אומטעטיקייט, צונויפגעזאַמלט אַ סך אָנגענעמע שעהן, וואָס זענען כּדאַי באַהאַלטן צו ווערן אין זכרון און אַזוי בין איך ביסלעכווייז פון אַ בלויזן געניסער געשטיגן צו דער מדרגה פון אַ מבין. בכלל האָב איך דורכגעלעבט אַ סך זאַכן, וועלכע האָבן מיר אויף אַן אַנגענעמען אופן אויסגעפּולט דעם טאָג און געשאַפן ביי מיר די עמפּינדונג, אַז מיין עקזיסטענץ איז אינהאַלטרייך, און איך האָב אָנגעהויבן וואָס אַמאָל מער ליב צו קריגן די דאָזיקע לוילעכע, אַנגענעמע אַטמאָספערע פון אַ יוגנט, וואָס איז גלייכצייטיק לעבהאַפטיק און דאָך קיינמאָל נישט דערשיטערט, וועלכע פאַרמאָגט שוין כּמעט נישט קיין נייע פאַרלאַנגען, ווארום אין דער נישט פאַרשטערטער רויקייט, וואָס האָט אָנגעפּולט מיינע טעג, זענען די קלענסטע זאַכן אימ־שטאַנד געווען מיר צו פאַרשאַפן פרייד. אַ גוט צוגעקליבענער קראַוואַט האָט מיך שוין געקאָנט דערפרייען, אַ שיין בוך, אַן אויטאָמאָביל־אויספלוג, אָדער אַ גוט־פאַרבראַכטע שעה מיט אַ פרוי האָט מיך שוין גאָר אינגאַנצן באַגליקט. אַ גאָר באַזונדערע צופרידנהייט האָט מיר פאַרשאַפט דאָס, וואָס מיין לעבנסשטייגער האָט אין קיין שום פּרט נישט געצויגן אויף זיך קיין באַזונ־דערע אויפמערקזאַמקייט מצד דער געזעלשאַפט, אָט פונקט אַ שטייגער ווי אַ גוט געמאַכטער ענגלישער אַנצוג. איך מיין, אַז איך בין אומעטום געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט, איך בין גע־ווען באַליבט און גערן געזען, און דער רוב פון מיינע באַקאַנ־טע האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ גליקלעכן מענטש.

איך ווייס שוין אַצינד נישט צו זאָגן, צי יענער מענטש פון דעמאָלט, וועלכן איך באַמי מיך צו שילדערן, האָט אַליין אויך זיך געפילט פאַר אַ גליקלעכן, אַזוי ווי ס'האָבן אים די

אַנדערע געהאַלטן; ווארום איצט, בעת יעדעס געפיל פון יענער איבערלעבעניש האָט פאַר מיר אַ סך גרעסערע און וויכטיקערע באַדייטונג, ווייזט זיך מיר אויס כמעט פאַר אוממעגלעך צו מאַכן אַן אָפּשאַצונג פון די פריערדיקע דעראינערונגען. דאָך קאָן איך מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אומגליקלעך האָב איך מיך צו יענער צייט בשום אופן נישט געפילט, ווארום כמעט קיינמאָל זענען מיינע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען צום לעבן נישט געבליבן אומדערפילט און אומבאַפרידיקט. אָבער גראָד דערפאַר, ווייל איך בין צוגעוווינט געוואָרן צו באַקומען פון גורל אַלצדינג, וואָס איך האָב נאָר פאַרלאַנגט און עס איז מיר נישט געבליבן קיין זאַך מער צו פאָדערן, גראָד דערפאַר איז ביסלעכווייז אַנטשטאַנען אין מיר אַ געוויסער דוחק אין אָנגעשטרענגטקייט, אַ מין נישט-לעבעדיקייט אין לעבן גופא. אין טייל מאָמענטן פון האַלב-דערוואַכנדיקן באַוווסטזיין האָט זיך דעמאָלט מטושטשדיק געוועקט אין מיר אַ פאַרלאַנג: דאָס איז אייגנטלעך נישט געווען קיין פאַרלאַנג, נאָר אַ פאַרלאַנג נאָך פאַרלאַנגען, אַ חשק, שטאַרקער, אומגעצוימטער, ערגייציקער, אומבאַפרידיקטער צו באַגערן, מער צו לעבן און אפשר אויך צו ליידן. איך האָב מיט דער הילף פון אַ צופיל שכלדיקער טעכניק באַזייטיקט פון מיין עקזיסטענץ יעדן ווידערשטאַנד, און גראָד דאָס דאָזיקע פעלן פון אַ ווידערשטאַנד האָט אָפּגעשוואַכט מיין לעבנסקראַפט. איך האָב באַמערקט, אַז איך באַגער וואָס אַמאָל ווייניקער, וואָס אַמאָל שוואַכער, אַז אין מיין געפיל איז אַנטשטאַנען עפּעס אַ מין פאַרגליווערטקייט, אַז איך — דאָס וועט אפשר זיין דער בעסטער אויסדרוק — לייד אויף אַ פסיכישע אימפּאָטענץ, אויף אַן אוממעגיקייט צו אַ ליידנ-שאַפטלעכן באַהערשן דאָס לעבן. תחילת האָב איך דאָס דאָזיקע מאַנקאָ באַמערקט דורך קליינע סמנים. עס איז מיר געוואָרן קשה, וואָס איך האָב אָנגעהויבן וואָס אַ מאָל עפטער צו פעלן אין טעאַטער און אויף געוויסע אינטערעסאַנטע צונויפקומענישן, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער געזעלשאַפט; וואָס איך באַשטעל ביכער, וועלכע מ׳האָט מיר געלויבט און לאָז זיי דערנאָך וואָכן לאַנג ליגן אויפן שרייבטיש נישט אויפגעשני-

טענערהייט; וואָס, הגם איך פאַרנעם זיך מעכאַניש ווייטער מיטן זאַמלען מיינע זעלטענע חפצים און קויף איין גלעזער און אַנטיקן, לאָז איך זיי דערנאָך ליגן אין אומאָרדנונג און אַז איך באַקום אומגעריכטערהייט עפּעס אַ זעלטן, לאַנג-געזוכט חפץ, פאַרשאַפט עס מיר שוין נישט קיין באַזונדערע פרייד.

נאָר אַ גאָר קלאָרן באַגריף וועגן דער דאָזיקער פּאַראַי-באַרגייענדיקער און לייכטער אָפּגעשוואַכטקייט פון מיין אינערלעכער אָנשטרענגונגס-קראַפט האָב איך ערשט באַקומען ביי אַ באַשטימטער געלעגנהייט, וועלכע איך דערמאָן זיך נאָך אַצינד גאַנץ דייטלעך. איך בין אויף דער זומער-צייט געהאַט געבליבן אין ווין. דאָס איז אויך שוין געווען צוליב יענער מערקווירדי-קער פוילקייט, וועלכע פילט נישט קיין באַדערפעניש צו עפּעס נייעס. פלוצלינג האָב איך פון אַ קוראָרט דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ פרוי, מיט וועלכער איך בין זינט דריי יאָר געווען אין אינטימע באַציאונגען און וועגן וועלכער איך האָב אַפילו אויפריכטיק געמיינט, אַז איך האָב זי ליב. אין בריוו, וועלכער איז באַשטאַנען פון פערצן אויפגערעגט-באַשריבענע זייטלעך, האָט זי מיר מיטגעטיילט, אַז זי האָט זיך דאָרט אין די לעצטע וואָכן באַקענט מיט אַ מענטש, וועלכער איז פאַר איר געוואָרן אַלץ, זי וועט מיט אים האַרבסט-צייט חתונה האָבן און צווישן אונז מוזן די פריערדיקע באַציאונגען אויפהערן. די צייט, וואָס זי האָט מיט מיר צוזאַמען פאַרבראַכט, דערמאָנט זי אָן חרטה, זאָגאַר מיט אַ גליק-געפיל, דער געדאַנק וועגן מיר באַגלייט זי אַצינד אין איר נייעם חתונה-בונד, ווי דאָס ליבסטע פון איר פאַרגאַנגענעם לעבן, און זי האָפט, אַז איך וועל איר פאַר דעם דאָזיקן פלוצלינגדיקן באַשלוס מוחל זיין. נאָך דער דאָזיקער זאַכלעכער מיטטיילונג האָט זי אינם דאָזיקן אויפגערעגטן בריוו מיך אָנגעהויבן הייס צו באַשווערן, אַז איך זאָל אויף איר נישט זיין אין כעס און מיר נישט נעמען שטאַרק צום האַרצן דעם דאָזיקן פלוצלינגדיקן אָפּזאָג, אַז איך זאָל נישט פּרוּוון דווקא זי אָפּצוהאַלטן פון איר באַשלוס, אָדער אַ נאַרישקייט קייגן מיר אַליין צו באַגיין. מיט יעדער שורה איז דער טאָן געוואָרן אַלץ

היציקער: איך זאָל בײַ אַ בעסערער געפינען אַ טרייסט, איך זאָל איר באַלד שרײַבן, ווארום זי איז אין שרעק, ווי אַזוי איך וועל די דאָזיקע ידיעה אויפנעמען. און גאָר צום סוף האָט זיך נאָך געפונען אַ צושריפט, אין איילעניש מיט אַ בלײַפעדער אויפגעשריבן: „באַגײַ נישט קײַן נאַרישקייט, פאַרשטײ מיך, זײַ מיר מוחל!"

איך האָב איבערגעלייענט דעם דאָזיקן בריוו. צוערשט איבערראַשט פון דער ידיעה, און דערנאָך, דורכבלעטערנדיק אים נאָכאַמאָל, איז צו מײַן איבערראַשונג צוגעקומען אַ געוויסע פאַרשעמטקייט, וועלכע איז שנעל אויסגעוואַקסן צו אַן אינערלעכער שרעק. ווארום אין מיר האָט זיך נישט דערוועקט קײַן שום סימן פון די אַלע שטאַרקע און גלײַכצײַטיק נאַטירלעכע עמפינדונגען, וועלכע מײַן געליבטע האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. איך האָב נישט געפילט קײַן שום ווייטיק, לײַענענדיק די דאָזיקע ידיעה, בין אויף איר נישט אין כּעס געווען און האָב קײַן אײן סעקונדע להלוטין נישט אַ טראַכט געטון צו באַגײן עפּעס אַ געוואַלט-טאַט קעגן איר אָדער קעגן מיר. און די דאָזיקע קאַלטקייט פון געפיל, וואָס איך האָב באַמערקט אין מיר, איז געווען צו משונהדיק, אַז איך האָב נישט געזאָלט דערשראָקן ווערן דערפון. עס פאַרלאָזט מיך אַ פרוי, וועלכע האָט יאָרן מיט מיר פאַרבראַכט, וועמעס וואַרעמער, עלאַסטישער קערפּער האָט זיך דעם מײַניקן איבערגעגעבן, וועמעס אָטעם ס'האָט זיך אין פאַרלויף פון גאַנצע נעכט מיט מײַנעם צונויפגעמישט, און אין מיר רירט זיך קײַן זאַך נישט, קײַן שום זאַך אין מיר שטעלט זיך נישט אַנטקעגן, עס באַוועגט מיך גאָרנישט, צו וועלן זי צוריק געווינען, אין מײַן געפיל קומט נישט פאָר קײַן שום זאַך פון דעם אַלעם, וואָס דער ריינער אינסטינקט פון דער דאָזיקער פרוי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך אָנצוטרעפן בײַ אַווירקלעכן מאַן. אין דער דאָזיקער רגע איז פאַר מיר צום ערשטן מאָל געוואָרן קלאָר, ווי ווײַט ס'איז דערגאַנגען דער פאַרגליווערונג-פּראָצעס אין מיר, איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי איך וואָלט מיך

געגליטשט איבער אַ פליסנדיק, גלאַט וואַסער, נישט זייענדיק אין ערגעץ איינגעפעסטיקט, איינגעוואורצלט; איך האָב גאַנץ קלאָר דערפילט, אַז די דאָזיקע קאַלטקייט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס טויטס, מתימדיקס, הגם נאָך נישט באַהויכט מיטן פוילן אָטעם פון צעפאַלעניש, אָבער דאָך איז עס שוין אַ רעטונגלאָזע פאַר־גליווערטקייט, אַ גרויזאַם־קאַלטע געפיללאָזיקייט, דאָס איז אַלזאָ יענע מינוט, וואָס קומט אָן פאַר דעם אמתן, קערפּערלעכן אָפּ־שטאַרבן, פאַר דעם אויסערלעך־קענטיקן פאַרגיין. פון יענעם עפּיזאָד אָן האָב איך מיך און די דאָזיקע משונהדיקע געפיל־פאַרגליווערטקייט אין מיר אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צו באַאָבאַכטן, אַזוי ווי אַ קראַנקער זיין קראַנקהייט. בעת ס'איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן מיינס אַ פריינט און איך בין נאָכגעגאַנ־גען הינטער זיין ארון, האָב איך מיך איינגעהאָרכט אין מיר, צי עס דערוועקט זיך ביי מיר אַ טרויער, צי עס דערגרייכט צו מיין באַוווסטזיין עפּעס אַ געפיל, אַז דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז מיר נאָענט געווען פון די קינדער־יאָרן אָן, איז איצט פאַר מיר שוין אויף אייביק פאַרלוירן. אָבער אין מיר האָט זיך קיין זאַך נישט באַוועגט, איך בין מיר אַליין פאָרגעקומען, גלייך איך וואָלט געווען פון גלאָז, דורך וועלכן מ'זעט בלויז זאַכן, וואָס געפינען זיך אָבער נישט אין מיר גופא, נאָר ערגעץ אין דרויסן. און וויפיל איך האָב מיר נישט די מי געגעבן ביי דער דאָזי־קער געלעגנהייט און אויך ביי פאַרשידענע אַנדערע, זיך צו צווינגען עפּעס צו פילן, איז עס פאַרבליבן אָן שום אָפּקלאַנג אין יענער אינערלעכער פאַרגליווערטקייט. מענטשן האָבן מיך פאַרלאָזן, פרויען זענען געקומען און אַוועק, און איך האָב דאָס אַלץ געשפירט כמעט נישט אַנדערש, ווי עס שפירט איינער, זיצנדיק אין שטוב, דעם רעגן איבער די שויבן. צווישן מיר און דעם דירעקטן געפיל האָט זיך געפונען עפּעס ווי אַ גלעזערנע וואַנט, וועלכע איך בין מיט מיין ווילן נישט אימשטאַנד געווען צו צעברעכן.

הגם איך האָב דאָס אַלץ קלאָר עמפינדן, האָט מיר דאָס דאָזיקע באַוווסטזיין דאָך נישט פאַרשאַפט קיין איבעריק גרויסע

עגמת נפש, ווארום, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, פלעג איך גלייכגילטיק אויפנעמען אַפילו אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו מיר אַליין. אַפילו צו ליידן דער־פון האָב איך שוין נישט פאַרמאָגט גענוג געפיל. איך האָב מיך צופרידנגעשטעלט דערמיט, וואָס דער דאָזיקער נשמה־דעפעקט איז אויסערלעך געווען אַזוי ווייניק קענטיק, ווי די קערפּערלעכע אימפּאָטענץ ביי אַ מאַן, וועלכע ווערט ערשט אַנטפּלעקט אין דער אינטימער סעקונדע, און אָפּטמאָל, געפינענדיק זיך אין געזעל־שאַפט, פלעג איך דורך אַ קינסטלעכן אופן מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ ליידנשאַפטלעכן באַוווּנדערער, פון אַ זייער לעבהאַפטן מענטש, כדי צו פאַרהוילן, ווי גלייכגילטיק און אָפּגעשטאָרבן איך האָב מיך אינערלעך געפילט. אויסערלעך האָב איך ווייטער גע־פירט דאָס אַלטע אנגענעמע, פרייע לעבן, נישט ענדערנדיק דערין קיין זאַך; וואָכן און חדשים זענען לייכט פאַרבייגעפלויגן און פאַמעלעך זיך אָנגעזאַמלט אין יאָרן. איינמאָל אין אַ פרי־מאָרגן האָב איך דערזעען אין שפּיגל אַ גרויען שטרייף האָר אויף מיינע שלייפן און האָב דערשפירט, אַז מיין יוגנט קלויבט זיך פּאַמעלעך אַריבער אין אַן אַנדערע וועלט. נאָר דאָס, וואָס אַנ־דערע האָבן אָנגערופן יוגנט, איז אין מיר שוין לאַנג געווען פאַרביי. און דעריבער האָט דאָס דאָזיקע געזעגענען זיך מיט איר נישט באַזונדערס ווי געטון, וואָרום אַפילו מיין אייגענע יוגנט האָב איך נישט איבעריק ליב געהאַט. דאָס לגמרי אָפּגע־טויטע געפיל אין מיר איז אַפילו צו מיר אַליין געווען גלייכ־גילטיק.

דורך דער דאָזיקער אינערלעכער אָפּגעשטאָרבנקייט זענען מיינע טעג געוואָרן וואָס אַמאָל מער איינטעניק, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער פאַרשידנקייט פון די באַשעפטיקונגען און געשעענישן; זיי זענען אָנגעקומען בלאַסע איינער נאָכן אַנדערן, געוואַקסן און פאַרגעלט געוואָרן, ווי די בלעטער אויף אַ בוים. און גאַנץ געוועגלעך, אָן שום באַזונדערס, אָן דעם מינדסטן פאָרגעפיל, האָט זיך אויך אָנגעהויבן יענער טאָג, וועלכן איך וויל מיר אַליין נאָכאַמאָל שילדערן. איך בין דעמאָלט דעם 7־טן

יוני פון יאָר 1913 אויפגעשטאַנען אַ ביסל שפּעטער ווי תּמיד, אויס געוווינהייט צו דעם נאָך פון די קינדער־ און שול־יאָרן פֿאַרבליבענעם יום־טוב־געפֿיל צום זונטיקדיקן טאָג. איך האָב מיך געבאָדן, איבערגעלייענט די צייטונג, געבלעטערט ביכער, דערנאָך, פֿאַרפּירעריש צוגעצויגן פון דעם זומערדיקן טאָג, וואָס האָט שמייכלענדיק אַריינגעדרונגען צו מיר אין צימער, האָב איך מיך געלאָזט גיין שפּאַצירן. איך בין לויט מיין געוווינטן שטייגער דורכגעגאַנגען איבערן גראַבנקאָרסאָ, באַגריסנדיק זיך מיט באַקאַנטע און באַפריינדטע מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט און פון צייט צו צייט מיט עמעצן פון זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצן שמועס. דערנאָך בין איך אַוועק צו פריינט אויף מיטאָג. נאָך מיטאָג האָב איך אויסגעמיטן יעדע געזעלשאַפט, ווארום איך האָב באַזונדערס ליב געהאַט אין די זונטיק־טעג איבערצולאָזן זיך עטלעכע פרייע שעהן, וועלכע איך פלעג אויסניצן לויט דער צופעליקער שטימונג מיינער, אָדער לויט ווי עס איז מיר גראד געווען באַקוועם, אָדער לויט אַ וועלכן ס'איז צופעליקן איינפאַל. בעת איך בין, צוריקגייענדיק פון מיינע פריינט, דורכגעגאַנגען איבער דער רינג־גאַס, האָט די שיינקייט פון דער מיט זון באַגאָסענער שטאָט מיר פאַרשאַפט אַ גרויסע הנאה און איך האָב מיך געפרייט מיט איר זומערדיקער אויסגעצירטקייט. די מענטשן האָבן אַלע אויסגעזעען פריילעך און עפּעס אַזוי ווי פאַרליבט אין דער יום־טובדיקער פאַרשידנפאַרביקייט פון די גאַסן. מיר האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ סך איינצלהייטן און פאַר אַלעם די בוימער, וואָס האָבן, ברייט באַוואַקסענע מיט פרישן גרינס, זיך דערהויבן פון דעם אַספאַלט אַרויס. הגם איך פלעג דאָ כמעט יעדן טאָג פאַרבייגיין, האָט דאָך דער דאָזיקער יום־טובדיקער מענטשן־שטראָם פלוצלינג באַקומען אין מיינע אויגן דאָס אויסזעען פון אַ וווּנדער און איך האָב נישט ווילנדיק דערפילט אַ פאַרלאַנג נאָך אַ סך גרינס, נאָך העלקייט און פאַרביקייט. מיר איז געקומען אויפן זכרון דער פּראַטער, ווו עס שטייען איצט, סוף פרילינג און אָנהויב זומער, די שווערע בוימער, ווי ריזיקע גרין געקליידטע לאַקאַיען

רעכטס און לינקס פון דער הויפּט־אַלעע, דורך וועלכער עס פליען פאַרביי וואָגנס הין און צוריק און האַלטן אומבאַוועג־לעך אויסגעשטרעקט ווייסע בינטלעך בליאונג פאַר די פאַרביי־גייענדיקע עלעגאַנט־אויסגעפּוצטע מענטשן. זייענדיק תּמיד גע־ווינט זיך נאָכצוגעבן דעם מינדסטן פאַרלאַנג, האָב איך צוגע־רופן דעם ערשטן פיאַקער, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אויפן וועג און אויך זיין פראַגע אים אָנגעוויזן אַלס ציל דעם פּראַ־טער. „צום געוועט־לויף־פּלאַץ, הער באַראָן, נישט אמת?״ האָט ער געענטפערט מיט אַ הכנעהדיקער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. דאַן האָב איך מיך ערשט דערמאנט, אַז עס באַדאַרף הייגט פאָר־קומען אַ זייער עלעגאַנטער געוועט־לויף, אויף וועלכן די גאַנצע ווינער גוטע געזעלשאַפט האָט זיך באַשטעלט איינער מיטן אַנדערן. משונהדיק, האָב איך מיר געטראַכט, איינזעצנדיק זיך אין וואגן, ווי האָט עס צוריק מיט עטלעכע יאָר גאָר געקאָנט געמאָלט זיין, אַז איך זאָל אַזאַ טאָג פאַרשפּעטיקן אָדער פאַר־געסן! און אַזוי ווי אַ קראַנקער. ביי וועלכן מ׳רירט אָן די ווונד, האָב איך אין דעם דאָזיקן פאַרגעסן ווידער דערשפּירט די גאַנצע פאַרגליווערטקייט און גלייכגילטיקייט, אין וועלכער איך בין פאַרזונקען געוואָרן.

די הויפּט־אַלעע איז שוין געווען כמעט ליידיק, בעת מיר זענען אַהין אָנגעקומען, דער געוועט־לויף האָט זיך שוין מסתּמא לאַנג אָנגעהויבן, וואָרום מיר האָבן שוין נישט אָנגעטראָפן אויף דעם איילנדיקן געפּאָרעריי פון עלעגאַנטע קאַרעטן, וואָס מען זעט געוויינלעך ביי אַזאַ געלעגנהייט, בלויז עטלעכע פיאַקערס האָבן אין איילעניש זיך געטראָגן איבער דער אַלעע מיט אַ הויך קלאַפּעריי פון די פערדישע קלאָען. דער קוטשער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר פון זיין זיץ־פּלאַץ און געפרעגט, אויב ער זאָל שנעל פאָרן, נאָר איך האָב אים געהייסן, די פערד לאָזן גיין פּאַמעלעך, וואָרום עס האָט מיך גאָרנישט געאַרט, אויב איך וועל קומען שפּעט. שוין צופיל געוועט־לויפן האָב איך געזעען און אויך די מענטשן דערביי, אַז עס האָט נאָך געזאָלט ביי מיר וויכטיק זיין דאָס קומען פּינקטלעך צום אָנ־

הויב פון געוועט־לויף. איך האָב ליבער געוואָלט, שאָקלענדיק זיך אינם ווייכן געזעס פון וואָגן, פילן איבער זיך די מילד־רוישנדיקע לופט, ווי דעם ים אויפן דעק פון אַ שיף און רויק באַטראַכטן די שיינע, ברייט־צעוואַקסענע קאַשטאַנען־ביימער, וואָס פלעגן טיילמאָל צוואַרפן דעם שמייכלערישן ווארמען ווינט עט־לעכע בליאונג־געהענגלעך, וועלכע ער פלעגט דאַן לייכט אונ־טערכאַפּן און אַרומיאָגן, איבערלאָזנדיק זיי דערנאָך אין דער אַלעע ווי ווייסע שניי־ברעקלעך. עס איז געווען אַנגענעם, זיך צו לאָזן אַזוי וויגן און פילן דעם פרילינג מיט פאַרמאַכטע אויגן, צו עמפינדן, ווי דו ווערסט אַזוי אָן שום אָנשטרענגונג געטראָגן וואָס אַמאָל ווייטער: אייגנטלעך האָט עס מיר לייד געטון, בעת דער וואָגן איז צוגעקומען און זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינפאָר אין פּראָווידענוי. איך וואָלט ליבער מיך געווען צוריקגעקערט און ווייטער זיך געלאָזט וויגן פונם ווייכן, זו־מערדיקן טאָג. נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט, דער וואָגן האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעשטעלט ביים לויף־פּלאַץ. אַ פּאַרטויבט ברויזן האָט מיר אַ שלאָג געטון אַנטקייגן. ווי ים־גערויש האָט עס פאַרטויבט און הויל אָפּגעהילכט הינטער די טריבונעס, נאָך איידער איך האָב געזען דעם צעטראָגענעם המון, פון וועלכן דאָס דאָזיקע פאַרשטיקטע גערויש האָט זיך געטראָגן. און נישט ווילנדיק האָב איך מיך דערמאָנט אָן אָסטענדע, בעת מען שפּאַצירט אַרויף פון דעם אונטערשטן שטאָט־טייל דורך די קליינע זייטנגאַסן; מען דערפילט דאַן דעם זאַלציקן און שאַרפן ווינט און מ׳הערט א פאַרטויבט גערויש, נאָך איידער עס ווייזט זיך פאַרן בליק די ברייטע גרוי־שוימיקע אויבערפלאַך מיט אי־רע דונערנדיקע כוואַליעס. אַ געוועט־לויף האָט גראָד געמוזט זיין אין גאַנג, נאָר צווישן מיר און דעם פעלד, איבער וועלכן די פערד זענען איצט געפלויגן, האָט זיך געפונען אַ פילפאַרביקער, טומלענדיקער, ווי דורך אַן אינערלעכן שטורם הין און הער זיך טרייסלענדיקער וואָלקן: דער המון צוקוקער און שפּילער. איך האָב נישט געקאָנט זעען די לויף־ליניע, נאָר אינם רעפּ־לעקס פון דער וואָס אַמאָל וואַקסנדיקער צעטראָגנקייט האָב איך

געשפּירט יעדע ספּאָרטלעכע פּאַזע. די רײַטער האָבן זיך שוין מסתּמא געהאַט אַרויסגעלאָזט צום לויף, דער קנויל האָט זיך אודאי שוין געהאַט פונאַנדערגעטײלט און בלויז נאָר עטלעכע רײַטער האָבן נאָך משמעות געפּירט צווישן זיך אַ קאַמף פאַר דער מײַסטערשאַפט, וואָרום שוין האָבן זיך אַרויסגעריסן פאַר־שידענע געשרײַען און אויפגערעגטע אויסרופן פון דעם המון מענטשן, וואָס האָבן סודותפול מיט־איבערגעלעבט די אַלע פאַר מיר נישט זעבאַרע באַוועגונגען פונם געיעג. לויט דער ריכ־טונג פון זייערע קעפּ האָב איך געשפּירט דעם בויג־פונקט, צו וועלכן די רײַטער מיט זייערע פערד האָבן געמוזט האָבן דער־גרייכט, לויפנדיק איבער דעם לענגלעכן, אָוואַלן, גראָז־באַוואַק־סענעם ערד־פּאַס, וואָרום דער גאַנצער מענטשן־כאַאָס האָט זיך מיטאַמאָל צונויפגעדרענגט און צוזאַמענגעשמאָלצן אין איין איינ־ציקן אויסגעשטרעקטן האַלז, וועלכער איז געווען געווענדט צו אַ פאַר מיר נישט זעבאַרן פּונקט. און אינם דאָזיקן איינציקן אָנגעשטרענגטן האַלז האָבן געברומט טויזנטער פאַרשטיקטע קולות פון אַ וואָס אַמאָל מער וואַקסנדיקער כוואַליע. און די דאָזיקע כוואַליע איז כּסדר געשטיגן און געוואַקסן, זי האָט שוין אָנגעפולט דעם גאַנצן חלל ביז אַרויף צום גלײַכגילטיקן בלויען הימל. איך האָב מיך צוגעקוקט צו עטלעכע פּנימער. זיי זענען געווען אויסגעקרומט, ווי פון אַן אינערלעכן קראַמף. די אויגן פאַרגליווערט און פינקלענדיק, די ליפּן פאַרביסן, די קינבאַק גיריק אויסגעשטעלט פאָרויס, די נאָזלעכער אָנגעבלאָזן, ווי בײַ פערד. אַ שפּאַסיק און צוגלײַכער צײַט שוידערהאַפטיק געפיל האָט מיך אַרומגענומען, בעת איך האָב אַ ניכטערער באַטראַכט די דאָזיקע אַלע פאַרשכורטע מענטשן. נעבן מיר איז געשטאַ־נען אויף אַ שטול אַן עלעגאַנט געקליידטער מענטש, זײַן פּנים האָט געהאַט אַ פײַנעם אויסזען, נאָר איצט האָט ער געליאַרמט, גלײַך עס זאָל האָבן אין אים אַרײַן עפּעס אַ שד, ער האָט געפּאָכט מיטן שטעקן אין דער לופטן, ווי ער וואָלט עמעצן געטריבן פאָרויס, זײַן גאַנצער קערפּער האָט לײַדנשאַפטלעך נאָכגעמאַכט — דאָס האָט אויסגעזען אומבאַשרײַבלעך לעכערלעך

פאַר אַ צוקוקער — די באַוועגונג פון אַ שנעל רייטן. ער האָט אָן אויפהער געשאָקלט מיט די פיס איבער דער שטול, גלייך ער זאָל זיי האָבן שטעקן אין טריט־האַלטערס פון אַ זאָטל, די רעכטע האַנט האָט כסדר געטרייסלט מיטן שטעקן אין דער לופטן, ווי מיט אַ שפּיץ־רוט, די לינקע האָט קראַמפּהאַפטיק צו־נויפגעדריקט אַ ווייס צעטל. און די דאָזיקע ווייסע צעטלען האָבן אָנגעהויבן וואָס אַמאָל מער אַרומצופלאַטערן אין דער לופט, זיי האָבן אויסגעזעען ווי שטיקער שוים איבער דער דאָזיקער צעשטורמטער כוואַליע, וואָס איז מיט רעש כסדר געוואַקסן. אַצינד האָבן מסתמא עטלעכע פערד זיך געמוזט געפינען נאָענט פונאַנאַנדער ביי דעם בויג־פונקט, וואָרום דאָס גאַנצע געטומל האָט זיך מיטאַמאָל צונויפגעגאָסן אין צוויי, דריי, פיר איינצלנע נעמען, וואָס די באַזונדערע מענטשן־גרופּן האָבן אָן אויפהער אויסגעשריגן, אַזוי ווי מלחמה־אויסרופן און עס האָט זיך גע־דאַכט, אַז די דאָזיקע געשרייען זענען ווי אַ לופט־קלאַפּע פאַר זייער משוגעתדיקער צעווילדעוועטקייט.

איך בין געשטאַנען צווישן דעם דאָזיקן געפּילדער קאַלט ווי אַ פעלז אין ברויזנדיקן ים און איך ווייס נאָך היינט גענוי צו זאָגן, וואָס איך האָב אין יענער מינוט עמפּינגדן. קודם כל דאָס לעכערלעכע פון די אַלע קאַריקאַטורהאַפטע גרימאַסן, דאַן אַן איראָנישע פאַראַכטונג צו דעם פּעבלדיקן געפּילדער. אָבער איך האָב געפילט נאָך עפּעס, אין וועלכן איך האָב מיך אָן חשק געמוזט מודה זיין — עפּעס אַ מין קנאהדיקן פאַרלאַנג נאָך אַזאַ אויפגערייצטקייט, נאָך אַזאַ העפטיקער ליידנשאַפט, נאָך דעם לעבן וואָס איז געווען אינם דאָזיקן פאַנאַטיזם. וואָס מוז אַזעל־כעס געשען, האָב איך מיר געטראַכט, אַז איך זאָל קענען ווערן אַזוי אויפגעטרייסלט, אַזוי פיבערדיק געשפּאַנט, אַז מיין קערפּער זאָל ווערן אַזוי גליענדיק, מיין קול זאָל זיך מיר אָן מיין ווילן אַרויסרייסן פונם מויל? איך האָב מיר נישט געקאָנט פאָרשטעלן קיין שום סומע, וואָס דער פאַרלאַנג זי צו פאַר־מאָגן זאָל אימשטאַנד זיין מיך אַזוי פונאַנדערצעפלאַקערן, קיין שום פּרוי, וואָס זאָל מיך אַזוי פיל רייצן, קיין שום זאַך, וואָס

זאָל בכח זיין מיך אַרויסצוררייסן פון דער פאַרגליווערטקייט און פונאַנדערצעבלאָזן אין מיר אַזאַ פייער! ווען מען זאָל אויף מיר פלוצלינג אָנשטעלן אַ פיסטאָלעט, וואָלט מיין האַרץ נישט גע־קלאַפּט אַזוי ווילד, ווי ס'האָט געקלאַפּט ביי די דאָזיקע טויזנטער מענטשן אַרום מיר צוליב אַ ביסל געלט. נאָר אַצינד האָט אַ פערד מסתמא געמוזט זיין נאָענט ביים לויף־ציל, וואָרום מיטאַמאָל האָט זיך פון דעם טומל אַרויס געהערט אַן איינציקער, וואָס אַמאָל שאַרפער ווערנדיקער געשריי פון טויזנטער שטימען, וואָס האָט ווי אַ שטאַרק אָנגעצויגענע סטרונע אויסגעקלונגען אַ באַ־שטימטן נאָמען און באַלד איז דאָס דאָזיקע געשריי אויך אַזוי מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן. די מוזיק האָט אָנגעהויבן צו שפּילן, דער המון האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט. דער לויף איז געווען געענדיקט, דער קאַמף אַנטשיידן, די שפּאַנונג האָט זיך אויפגעלייזט, איבערלאָזנדיק בלויז שוואַכע סמנים פון דער פרי־ערדיקער צעטראָגנקייט. די מאסע, וואָס איז נאָך ערשט נישט לאַנג געווען אַ ברענענדיקער קנויל פון ליידנשאַפטן, איז זיך איצט פונאַנדערגעפאַלן אין אַ סך באַזונדערע לויפנדיקע, לאַכנ־דיקע, שמועסנדיקע מענטשן. פון הינטער דער מאַסקע פון ליידנ־שאַפט זענען ווידער אַרויסגעשוומען רויקע פנימער; אויס דעם כאַאָס פון שפּיל, וואָס האָט אויף סעקונדן לאַנג צונויפגעשמאָלצן די דאָזיקע טויזנטער מענטשן אין איין איינציקן גליענדיקן הויפן, האָבן זיך ווידער אויסגעטיילט געזעלשאַפטלעכע גרופּעס, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען, פונאַנדערגעגאַנגען, מענטשן, וועלכע איך האָב געקענט און וועלכע האָבן זיך מיט מיר געגריסט, פרעמדע, וואָס האָבן זיך קעגנזייטיק קאַלט־העפלעך אָנגעקוקט און באַטראַכט. די פרויען האָבן פאָרשנדיק באַטראַכט די נייע טואַלעטן איינע ביי דער אַנדערער, די מענער האָבן געוואָרפן באַגערלעכע בליקן, ס'האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַר־שפּרייטן יענע גרויס־וועלטלעכע נייגעריקייט, וואָס איז די אייגנטלעכע באַשעפטיקונג פון צו אַלעב גלייכגילטיקע מענטשן. מען האָט נאָכגעזוכט, געציילט, נאָכגעפאָרשט, ווער עס געפינט זיך און ווי אַזוי מ'איז געקליידט. די אַלע מענטשן, ווי נאָר זיי

האָבן דערוואַכט פונם טומל, האָבן שוין מער נישט געוווסט, צי דאָס דאָזיקע שפּאַצירנדיקע צווישנשפּיל אָדער דאָס שפּיל אַליין איז דער צוועק פון זייער געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענקום.

איך בין אַרומגעגאַנגען צווישן דעם דאָזיקן לייכטן גע־פּילדער, באַגריסט און געענטפערט אויף באַגריסונגען, אַ צו־פרידענער איינגעאָטעמט — עס איז דאָך געווען די אַטמאָספער פון מיין עקזיסטענץ — דעם ריח פון פּאַרפום און עלעגאַנץ, וואָס האָט אַרומגעשוועבט איבער דעם דאָזיקן קאַליידאָסקאָפּישן מיש־מאַש, און מיט מער הנאה נאָך דאָס לייכטע, קילע ווינטל, וואָס איז געקומען פון די פּראַטער־ראָנקעס, פונם זומערדיק דורכגעוואַרעמטן וואַלד און פון צייט צו צייט געוואָרפן זייגע כוואַליעס צווישן די מענטשן און ווי ליידנשאַפטלעך־שפּילנדיק באַרירט דעם וויסן מושלין פון די פרויען־קליידער. עטלעכע באַקאַנטע האָבן געוואָלט פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס. דיאַנע, די שיינע יוישפּילערין האָט פאַרבעטעריש אַ שאָקל געטון צו מיר מיטן קאָפּ פון אַ קייגנאיבערדיקער לאָזשע אַרויס, נאָר איך בין צו קיינעם נישט צוגעגאַנגען. איך האָב נישט געהאַט קיין אינטערעס צו שמועסן מיט עמעצן פון די דאָזיקע גרויסוועלטיקע מענטשן, ס'איז מיר געווען לאַנגווייליק, אין זיי זיך אַליין אָנ־צושפּיגלען, איך האָב בלויז געוואָלט באַטראַכטן דאָס שוישפּיל, די זינלעך־צעפלאַקערטע צערייצקייט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די מענטשן אין דער שעה פון שפּאַנונג (ווארום די צערייצקייט פון אַנדערע איז גראַד פאַר גלייכגילטיקע דאָס אַנגענעמסטע שוישפּיל). עטלעכע שיינע פרויען זענען פאַרבייגעגאַנגען, איך האָב פרעך, אָבער אָן אינערלעכן באַגער, געקוקט אויף זייערע בריסטן, וואָס האָבן ביי יעדן טריט געציטערט אונטער דעם דינעם שטאָף און האָב אין מיר אַריין געשמייכלט פון זייער האַלב־פיינלעכער, האַלב צופרידענער פאַרלעגנהייט, בעת זיי האָבן זיך געפילט אַזוי תאוהדיק אָפּגעשאַצט און פרעך, ביז אונטער די קליידער, דורכגעדרונגען פון די בליקן. אין דער אמתן האָט מיך קיין איינע נישט גערייצט, איך האָב בלויז געפילט אַ מין הנאה, צו מאַכן פאַר זיי דעם אָנשטעל, דאָס שפּיל מיט די בע־

דאַנקען, מיט זייערע געדאַנקען, האָט מיר פאַרשאַפט פרייד. דער חשק זיי קערפערלעך צו באַרירן, דאָס פילן אין די אויגן דעם מאַגנעטישן ציטער האָט מיר פאַרשאַפט אַ מין הנאה; וואָרום פונקט אַזוי ווי ביי יעדן אינערלעך קאַלטן מענטש איז אייגנטלעך מיין עראָטישער גענוס באַשטאַנען אין דעם, אויפצוּוועקן ביז אַנדערע וואַרעמקייט און אומרו, אנשטאט מיך אַליין צו דערהיצן, איך האָב ליב געהאַט צו פילן בלויז דעם וואַרעמען האַוך, וואָס די געגנוואַרט פון פרויען לייגט אַרויף אויף דער זיכלעכקייט, נישט דאָסווירקלעכע דערהיצן זיך, אַ גערייצטקייט בלויז, אָבער נישט קיין צערייצטקייט. אַזוי בין איך אויך דאָסמאָל דורכגעגאַנגען דעם שפּאַציר-פלאַץ, האָב אויפגעכאַפּט בליקן, צוריקגעגעבן זיי לייכט ווי פעדער-באַלן, גענומען גענוס, כלל נישט נעמענדיק, באַרירט פרויען, כלל נישט אָנרירנדיק זיי, בלויז נאָר לייכט אָנגעוואַרמט דורך דער לוילעכער ליידנשאַפט פון שפּיל.

אָבער אויך דאָס האָט מיך באַלד אָנגעהויבן צו לאַנגווייליקן. עס זענען פאַרבייגעגאַנגען כסדר דיזעלבע מענטשן, איך האָב שוין געקענט אויסנווייניק זייערע באַוועגונגען. נישט ווייט פון מיר איז געשטאַנען אַ שטול, איך האָב מיך אַנידערגעזעצט. אין די אַרומיקע גרופּעס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן אומרויקע באַוועגונג, די דורכגייער האָבן זיך וואָס אַמאָל האַסטיקער אָנגעשטויסן איינער אָן אַנדערן; ס׳האָט משמעות זיך ווידער געזאָלט אָנהויבן אַ נייער לויף. מיך איז דאָס גאָרנישט אָנגעגאַנגען, איך בין מיר געזעסן באַקוועם און עפּעס אַזוי ווי פאַרזונקען אונטער די רעדלעך רויך פון מיין ציגאַרעט, וועלכע האָבן זיך ווייס-קרייזלענדיק געהויבן צום הימל, ווערנדיק וואָס אַמאָל העלער און העלער, ביז זיי זענען ענדלעך צעגאַנגען געוואָרן ווי קליינע ווייסע וואָלקנס אין דער פרילינג-בלויקייט. אין דער דאָזיקער רגע האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אומגעוועגלעכע, יענע איינציקע איבערלעבעניש, וואָס איז נאָך היינט משפּיע אויף מיין לעבן. איך קאָן גאַנץ גענוי פעסטשטעלן דעמדאָזיקן אויגנבליק, ווייל גראָד האָב איך דאַן צופעליק אַ קוק געטון

אויפֿן זייגער: די ווייזערס האָבן זיך גראָד צונויפֿגעטראָפֿן און איך האָב געקוקט אויף זיי מיט אַ גלייכגילטיקער נייגעריקייט, ווי זיי האָבן איין סעקונדע לאַנג צוגעדעקט איינער דעם אַנדערן. עס איז געווען פֿופֿצן מינוט נאָך דריי אין יענעם נאָכמיטאָג פֿון 7־טן יוני 1913. איך האָב אַלזאָ אַזוי געקוקט, דעם ציגאַרעט אין האַנט, אויף דעם ווייסן ציפֿערבלאַט, אינגאַנצן אַריינגעטון אין דער דאָזיקער קינדישער און לעכערלעכער באַטראַכטונג, מיטאַמאָל האָב איך דערהערט גאַנץ נאָענט הינטער מיין רוקן אַ הויך געלעכטער פֿון אַ פֿרוי, אַ שאַרף, צערייצט געלעכטער, אַזעלכעס, וואָס מיר געפֿעלט ביי פֿרויען, יענץ געלעכטער, וואָס שפּריצט אַרויס גאַנץ וואַרם און איבערגעשראָקן אויס דעם הייסן פֿלאָנטער פֿון דער זינלעכקייט. נישט ווילנדיק האָט זיך מיין קאָפּ אויסגעבויגן אויף צוריק, איך האָב שוין געוואָלט אָנקוקן די פֿרוי, וועמעס הויכער זינלעכקייט־אויסדרוק האָט זיך אַזוי פֿרעך אַריינגעריסן אין מיין זאָרגלאָזער טרוימערײַ, ווי אַ פֿינקלענדיקער ווייסער שטיין אין אַ פֿאַרדומפּענעם, שליימיקן טייך, — אָבער פּלוצלינג האָב איך מיך אָפּגעהאַלטן. אַ מערקווירדיקער חשק צום גייסטיקן שפּיל, צו אַ קליינעם, נישט־געפֿערלעכן פּסיכאָלאָגישן עקספּערימענט, יענער חשק, וואָס פֿלעגט מיך אָפֿט באַפֿאַלן, האָט מיך אויך איצט געצווּנגען זיך אָפּצוהאַלטן. איך האָב נאָך נישט געוואָלט אָנקוקן די דאָזיקע לאַכנדיקע פֿרוי, עס האָט מיך גערייצט, איך זאָל צוערשט אין אַ תשוקהדיק געפֿיל באַשעפֿטיקן מיין פֿאַנטאַזיע מיט דער דאָזיקער פֿרוי, זי מיר פֿאָרצושטעלן, אויסצומאָלן מיר איר פּנים, איר מויל, איר האַלז, איר נאַקן, אירע בריסטן — אויסצומאָלן מיר פֿונם דאָזיקן געלעכטער אַ גאַנצע, אַ לעבעדיקע, אָטעמענדיקע פֿרוי.

זי איז אַצינד אַפּנים געשטאַנען גאָר נאָענט הינטער מיר. דאָס געלעכטער איז איבערגעגאַנגען אין אַ שמועס. איך האָב מיך נייגעריק איינגעהערט. זי האָט גערעדט מיט אַ לייכטן אונגאַרישן אַקצענט, זייער שנעל און באַוועגלעך, ברייט אויסציענדיק די וואָקאַלן ווי אין געזאַנג. עס איז מיר געקומען אין

קאַפּ אַריין אַ שפּאַסיקער איינפאַל, צוצוטראַכטן די געשטאַלט לויט דעמדאָזיקן שמועס און אויסצומאָלן מיר אַ פאַנטאַזיע־בילד אין ווי ווייט מעגלעך רייכע פאַרבן. איך האָב זי מיר פאָרגע־שטעלט מיט שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן, אַ ברייט, זינלעך מויל מיט גאַנץ ווייסע שטאַרקע ציין, אַ שמאָלע קליינע נאָז, אָבער מיט שאַרף־אויפשפּרינגענדיקע ציטערנדיקע נאָז־פליגלען. אויף דער לינקער באַק האָב איך איר אַרויפגעלייגט אַ שיינ־קייט־פלאַסטערל, אין דער האַנט אַריין האָב איך איר געגעבן אַ שפּיץ־רוט, מיט וועלכער זי האָט זיך בשעתן לאַכן לייכט געקלאַפּט איבער די פיס. זי האָט גערעדט און גערעדט. און איר יעדעס וואָרט האָט צו מיין בליץ־שנעל געשאַפענעם פאַנ־טאַזיע־בילד צוגעגעבן עפּעס אַ נייעם פּרט: אַ קליינע מיידלשע ברוסט, אַ טונקל - גרין קלייד מיט אַ שיעף אַריינגע־שטעקטער ברילאַנטענער בראָש, אַ העלער הוט מיט אַ ווייסער פעדער. דאָס בילד איז געוואָרן וואָס אַמאָל דייטלעכער, און באַלד האָב איך געשפּירט די דאָזיקע פרעמדע פרוי, וועלכע איז אומזעבאַר פאַר מיר געשטאַנען הינטער מיין רוקן, ווי אויף אַ פּליטע אין מיין אויג־אַפּל. נאָר איך האָב מיך נישט געוואָלט אומקוקן, עס האָט מיך געצויגן, דאָס דאָזיקע פאַנטאַזיע־שפּיל ווייטער צו טרייבן, עפּעס אַ מין שטילער תאווה־ציטער האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער דרייסטער טרוימעריי, איך האָב פאַר־מאַכט ביידע אויגן, אין דער זיכערקייט, אַז ווען איך וועל די אויגן־הייטלעך עפענען און אַ קוק טון אויף איר, וועט דאָס אי־נערלעך געשאַפענע בילד איגגאַנצן שטימען מיט דעם אויסערלעכן.

אין דער דאָזיקער רגע איז זי אַרויסגעטרעטן פאָרויס. נישט־ווילנדיק האָב איך געעפנט די אויגן — און מיך געערגערט. איך האָב אינגאַנצן געטראָפן דערנעבן, אַלץ איז געווען אַנדערש, עפּעס ווי אויף להכעיס פּונקט קאַפּויר צו מיין פאַנ־טאַזיע־בילד. זי איז נישט געווען אָנגעטון אין קיין גרין, נאָר אין אַ ווייס קלייד, זי איז נישט געווען שלאַנק, נאָר דיקלעך און ברייטביייניק, אויף איר פולער באַק האָט זיך נישט געזען אין ערגעץ דאָס אויסגעחלומטע שיינקייט־פלאַסטערל, די האָר

האָבן, אַנשטאט שוואַרץ, רויטלעך־בלאָנד אָפּגעלויכטן פון אונ־
טער דעם העלם־פּאַרמיקן הוט. קיין איינציקער פּרט, וואָס איך
האָב מיר געהאַט פאַרגעשטעלט, האָט זיך נישט געפּאַסט צו
איר בילד. אבער די דאָזיקע פרוי איז געווען שיין, אַרויסרופּע־
ריש שיין, הגם איך האָב מיך באַמיט, פילנדיק זיך געקרענקט
אין דער נאַרישער אַמביציע פון מיין פּסיכאָלאָגיע־איינרעדעניש,
נישט מודה צו זיין אין דערדאָזיקער שיינקייט. איך האָב זי
אָנגעקוקט כמעט מיט שנאה; אָבער נישט געקוקט אויף מיין
אינערלעכער עקשנות, האָב איך דאָך דערפילט דעם שטאַרקן
זינלעכן רייץ, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון דער דאָזיקער
פרוי, דאָס באַגערלעכע, דאָס חיהשע, וואָס האָט אזוי אַרויס־
רופעריש געדרייצט אין דער מאַסיווער און צו גלייכער צייט צאַר־
טער רחבותדיקייט פון איר ווּעזן. זי האָט אַצינד ווידער הויך גע־
לאַכט, ס'האָבן זיך באַוויזן אירע פעסטע, ווייסע ציין און איך
האָב געמוזט מודה זיין, אַז דאָס דאָזיקע הייסע זינלעכע געלעכ־
טער האַרמאָנירט אינגאַנצן מיט דער שפּעדיקייט, וואָס שטעקט
אין איר ווּעזן; אַלדינג אין איר איז געווען אַזוי היציק און
אַרויסרופעריש, דער גוט געפּאָרמטער בוזעם, די בשעתן לאַכן
פאָרויס אַרויסגערוקטע קינבאַק, דער שאַרפער בליק, די פיין־
געשניצטע נאָז, די האַנט, וואָס האָט פעסט געדריקט דעם שירם
צו דער ערד. דאָ איז געווען דער ווייבלעכער עלעמענט, סטיכיי־
שע קראַפט, באַוווּסטזיניקער, דורכדרינגענדיקער רייץ, די פאַר־
קערפּערונג פון תאוה. נעבן איר איז געשטאַנען אַן עלעגאַנטער,
אַ ביסל אָפּגעלעבטער אָפיציר און עפּעס אַריינגערעדט אין איר
מיט אַ שאַרפער באַטאָנונג. זי האָט אים אויסגעהערט, געשמייכלט,
געלאַכט, זיך געשפּאַרט מיט אים, אָבער זי האָט דאָס אַלץ גע־
טון ווי כלאחר יד, ווארום אין דערזעלבער צייט האָט זי מיט
ציטערנדיקע נאָז־פליגל אַרומגעבלאָנדזשעט מיטן בליק איבער
אַלעמען: זי האָט איינגעזויגן אין זיך די אויפמערקזאַמקייט, די
שמייכלען, די בליקן פון יעדן, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען און
עפּעס אַזוי ווי פון דער גאַנצער מאַסע מענלעכעס, וואָס האָט
זיך געפונען אַרום. איר בליק האָט אָן אויפהער אַרומגעבלאָנ־

דושעט, אַט האָט ער זיך דורכגעטראָגן פֿאַרביי דער לאַנגער רייע פֿון טריבונעס און פּלוצלינג מיט אַ פֿריינטלעכן אויסדרוק אָפּגעענטפֿערט אויף אַ באַגריסונג, באַלד ווידער — אין דערזעלבער צייט, וואָס זי האָט כּסדר שמייכלענדיק זיך איינגעהערט צום אָפּיציר — האָט ער זיך אַוועקגעגליטשט דאָ אויף רעכטס, דאָ אויף לינקס. בלויז מיך, ווייל איך בין געווען פֿאַרשטעלט דורך איר באַגלייטער זײַן האָב זיך געפֿונען אויסערן שטרייף, וועלכן זי האָט געקאָנט אַרומנעמען מיטן בליק, האָט זי נאָך אַלץ נישט באַמערקט. דאָס האָט מיך געערגערט. איך בין אויפֿגעשטאַנען — זי האָט מיך נישט געזען. איך האָב מיך צוגערוקט נענטער — נאָר גראד האָט זי ווידער ארויפגעבליקט צו די טריבונעס. דאַן בין איך אַנטשלאָסן צוגעגאַנגען צו איר. אויפֿגעהויבן דעם הוט פֿאַר איר באַגלייטער און איר פֿאָרגעלייגט מיין שטול. זי האָט מיך אָנגעקוקט דערשטוינט, איבער אירע אויגן האָט זיך דורכגעטראָגן אַ שמייכלענדיקער גלאַנץ און אירע ליפּן האָבן מיט אַן אָנגענעמען אויסדרוק זיך אויסגעבויגן אין אַ שמייכל. דאַן האָט זי קורץ געדאַנקט און גענומען די שטול, נישט זעצנדיק זיך אויף איר. זי האָט בלויז לייכט אָנגעשפּאַרט איר פֿולן, ביז צום עלנבויגן אַנטבלויזטן אָרעם אויף דעם אָנלען, אויסנוצנדיק דערביי די לייכטע אויסבויגונג פֿון איר קערפּער, כּדי בולטער אַרויסצוווייזן זיינע פֿאָרמען.

דער פֿאַרדרוס צוליב מיין פֿאַלשער פּסיכאָלאָגיע איז שוין לאַנג געווען פֿאַרשוואונדן, מיך האָט בלויז געהייצט דאָס שפּיל מיט דערדאָזיקער פֿרוי. איך האָב מיך צוריקגעצויגן צו דער וואַנט פֿון דער טריבונע, פֿונוואַנען איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט זי פֿריי און אומבאַמערקטערהייט צו באַטראַכטן. איך האָב מיך אָנגעלעהנט אויף מיין שטעקן און געזוכט מיט די אויגן די איריקע. זי האָט דאָס באַמערקט און האָט זיך עטוואָס אויסגעדרייט אַנטקייגן מיר, אָבער אויף אַזאַ אופֿן, אַז די דאָזיקע באַוועגונג זאָל אויסזעען ווי אַ גאַנץ צופֿעליקע. זי האָט נישט אָפּגעשטויסן מיינע בליקן, טיילמאָל אָפּגעענטפֿערט מיט אַ בליק, אָבער אַ גאָרנישט צוזאָגנדיקן. אירע אויגן האָבן אָן אויפֿהער געבלאָנ־

דזשעט אַרום, זיי האָבן אַלץ באַרירט, אָבער קיין זאַך נישט אָנגענומען פעסט — בין איך געווען דער איינציקער. ווענען זיי האָבן באַגעגענענדיק צוגעוואָרפן אַ שטראַלנדיק שמייכעלע, אָדער האָט זי עס יעדן איינעם געגעבן? איך האָב דאָס נישט געקאָנט דערגיין און גראָד דידאָזיקע נישטזיכערקייט האָט מיך געררייצט. אין די סעקונדן, בעת איר בליק האָט אויף מיר ווי אַ בלינצלדיק פּייערל אַ שטראַל געטון, האָט ער אויסגעזעען אַ סך־צוזאָגעריש, אָבער מיט די זעלבע שטאָל־גלאַנציקע אויג־אַפּלען האָט זי אויך אָן שום אונטערשייד אָפּגעענטפערט אויף יעדן אַנדערן בליק, וואָס איז איר אַנטקייגנגעקומען, אַזוי זיך, בלויז אויס קאָקעטער פרייד זיך צו שפּילן, אין דערזעלבער צייט אָבער האָט זי אויף קיין איינציקער סעקונדע נישט אָפּגעלאָזט די כלומרשטע אויפמערקזאַמקייט צום שמועס פון איר באַגלייטער. עפּעס אַ מין בלענדנדיקע פרעכהייט האָט געשטעקט אין די דאָזיקע ליידנשאַפטלעכע חנדלעך, אַ מייסטערווערק פון קאָקעטעריע אָדער אַ זיך אויסגיסנדיקער איבערפלוס פון זינלעכקייט. נישטווילנדיק האָב איך געמאַכט אַ טריט נענטער. איך בין אָנגעשטעקט געוואָרן פון איר קאַלטער פרעכהייט. איך האָב איר שוין מער נישט אַריינגעקוקט אין די אויגן, נאָר פּאַמעניש זי אָנגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ, אַראָפּגעריסן פון איר מיטן בליק די קליידער און זי געשפּירט אַ נאַקעטע. זי האָט נאָכגעפאָלגט מיין בליק, נישט פילנדיק זיך אויף אַ האָר באַליידיקט, מיט די מויל־ווינקלען האָט זי געשמייכלט צום פלוידערנדיקן אָפיציר, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז דאָס דאָזיקע פאַרשטייענדיקע שמייכעלע איז געווען אַ באַשטעטיקונג אויף מיין כונה. און בעת איך האָב דאַן אָנגעשטעלט די אויגן אויף איר פוס, וואָס האָט צאַרט אַרויסגעקוקט פון אונטער דעם ווייסן קלייד, האָט זי נאָכלעסיק אַראָפּגעלאָזט איר בליק ווי נאָכקאָנטראָלירנדיק. דערנאָך אין אַ רגע שפּעטער האָט זי כלומרשט צופעליק אויפגעהויבן דעם פוס און אים אַרויפגעשטעלט אויף דעם שטאַפּל פון דער שטול, אַזוי אַז איך האָב דורך דעם אונטערגעהויבענעם קלייד געזען די זאָקן ביז די קני, גלייכצייטיק אָבער האָט

איר שמייכל צום באַגלייטער אָנגעהויבן זיך אויסצוווייזן עפּעס ווי איראָניש אָדער בייזוויליק. ס'איז געווען קענטיק, אַז זי שפּילט מיט מיר פּונקט אַזוי קאַלט, ווי איך מיט איר, און איך האָב מיט אַ שנאה־געפיל געמוזט באַוווּנדערן די ראַפינירטע טעכ־ניק פון איר דרייסטקייט, וואָרום אין דערזעלבער צייט, בעת זי האָט מיט אַ פאַלשער סודותדיקייט אַרויסגעוויזן פאַר מיר די זינ־לעכקייט פון איר קערפּער, האָט זי זיך שמייכלעריש געטוּ־ליעט צו דעם פליסטערן פון איר באַגלייטער, זי האָט געגעבן און גענומען איינצייטיק און ביידע זאַכן בלויז נאָר שפּילנדיק זיך. אייגנטלעך בין איך געווען פאַרביטערט, וואָרום איך האָב פיינט געהאַט ביי אַנדערע גראָד דאָס דאָזיקע מין פון קאַלטער אין פאַרביסן - אויסגערעכנטער זינלעכקייט, ווייל איך האָב גוט געפילט די בלוטשענדערישע קרובהשאַפט פון איר מיט מיין אייגענער געפיללאָזיקייט. אָבער נישט קוקנדיק דערויף בין איך געווען אויפגערייצט, מער אפשר דורך האַס, ווי דורך באַגער־לעכקייט. איך בין פרעך צוגעגאַנגען נענטער און ברוטאַל זי דורכגעדרונגען מיט מיינע בליקן. „איך וויל דיך, דו שיינע חיה", האָבן מיינע נישט־פאַרהוילענע זשעסטן אויסגעדרוקט, און נישט ווילנדיק האָבן זיך אַפּנים מיינע ליפּן געמוזט באַוועגן, ווייל זי האָט אַ שמייכל געטון מיט אַ לייכטער פאַראַכטונג, אָפּ־ווענדנדיק פון מיר דעם קאָפּ, און אַראָפּגעלאָזט דאָס קלייד אי־בער דעם אָפּגעדעקטן פוס. אָבער אין אַ רגע אַרום האָבן אירע שוואַרצע אויג־אַפּלען ווידער פינקלענדיק געוואַנדערט אַהער און אַהין. עס איז געווען גאַנץ קלאָר, אַז זי איז פּונקט אַזוי קאַלט ווי איך און שטייט אין דעם פּרט נישט אָפּ פון מיר, אַזוי אַז מיר האָבן ביידע קאַלט געשפּילט יעדער מיט דעם אַנדערנס היץ, וועלכע איז ערשט אַליין אויך נישט געווען מער, ווי אַן אָנגעמאָלט פייער; עס איז אָבער געווען שיין צו קוקן דערויף און אַנגענעם זיך צו שפּילן דערמיט אין אַ הייסן, שטיקנדיקן טאָג.

פלוצלינג אָבער איז פאַרלאָשן געוואָרן די געשפּאַנטקייט אין איר פּנים, דער פינקלענדיקער גלאַנץ איז אויסגעגאַנגען, אַרום דעם ערשט נאָר־וואָס שמייכלענדיקן מויל האָט זיך באַ־

חיזן אַ קליין קנייטשעלע פון אומצופרידנקייט. איך האָב נאָכ־
געפאָלגט די ריכטונג פון איר בליק: אַ נידעריקער, דיקער הער,
פון וועלכן די קליידער האָבן אַראָפּגעהאנגען אין ברייטע פאַלדן,
האָט מיט שנעלע טריט זיך דערנענטערט צו זיי. זיין פּנים און
שטערן, וועלכן ער האָט נערוועז געווישט מיט אַ טאַשנטיכל,
איז געווען פייכט פון צעטראָגנקייט. דער הוט, וועלכן ער האָט
אין איילעניש מסתּמא קרום אָנגעטון אויפן קאָפּ, האָט ביי די
זייטן געלאָזט זען אַ גרויסן פליך (נישט ווילנדיק איז מיר
איינגעפאַלן, אַז אויב ער זאָל דעם הוט אַראָפּנעמען, וואָלט
מען דערזען דיקע שווייס־טראָפּנס אויף זיין קאָפּ, און דער־
דאָזיקער מענטש איז מיר באַלד געווען עקלדיק). אין דער
האנט, אויף וועלכער עס האָט זיך געזען אַ רינג, האָט ער
געהאַלטן אַ גאַנצן הויפן מיט צעטעלעך. ער האָט שווער געאָ־
טעמט פאַר אויפרעגונג, און נישט וואַרפנדיק אַפילו קיין בליק
אויף זיין פרוי, האָט ער זיך גלייך געווענדט הויך אויפן קול
אויף אונגאַריש צום אָפיציר. איך האָב גלייך דערקענט אין אים
אַ פאַנאַטיקער פונם רייט־ספאָרט, עפּעס אַ מין פערד־הענדלער
פון דער בעסערער קאַטעגאָריע, פאַר וועלכן דאָס שפּיל איז
דער איינציקער עקסטאז, דאָס פיינע סוראָגאַט פון דערהויבנ־
קייט. זיין פרוי האָט אים אַצינד אודאי געמוזט מאַכן עפּעס אַ
באַמערקונג (זי איז אַפּנים געווען זשענירט צוליב זיין געגנוואַרט
און האָט זיך געפילט געשטערט אין איר עלעמענטאַרער זיכער־
קייט), ווייל ער האָט זיך, אפּנים אויף איר באַפעל, צורעכט
געמאַכט דעם הוט, אַ לאַך געטון צו איר מיט אַ פריילעך געלעכטערל און
מיט אַ גוטמיטיקער צערטלעכקייט געקלאַפּט איר אויף די אַקסלען. זי
האָט מיט כּעס הויך פאַרצויגן די ברעמען, אַ צערייצטע פון איר מאַנס
אינטימקייט, וואָס איז איר פיינלעך געווען אין אָפיצירס געגנ־
וואַרט, אָדער נאָך מער אפשר אין מיינער. ער האָט זיך ווייזט
אויס אַנטשולדיקט, ווידער געזאָגט צום אָפיציר אויף אונגאַריש
עטלעכע ווערטער, אויף וועלכע יענער האָט אָפּגעענטפערט מיט
אַ העפלעכן שמייכל, דערנאָך האָט ער צערטלעך, אָבער אַ ביסל
הכנעהדיק זי אָנגענומען פאַרן אָרעם. איך האָב געשפּירט, אַז

זי שעמט זיך פאַר אונז מיט זיין אינטימקייט און איר דערני־
דערונג האָט מיר פאַרשאַפט אַ הנאה צוזאַמען מיט אַ געמישט
געפיל פון שפּאָט און עקל. אָבער זי האָט זיך באַלד ווידער
באַהערשט, און אין דער צייט, וואָס זי האָט זיך ווייך צוגעטוּ־
ליעט צו זיין אָרעם, האָט זיך איר בליק איראָניש אַריבערגע־
גליטשט צו מיר, גלייך ער וואָלט זאָגן: „זעסט, ער האָט מיך,
און נישט דו". מיך האָט פאַרדראָסן און געעקלט צוזאַמען.
אייגנטלעך האָב איך מיך געוואָלט אויסדרייען צו איר מיטן
רוקן און אַוועקגיין, כדי איר צו ווייזן, אַז אַ פרוי פון אַזאַ
נישטיקן אויסגעפּאַשעטן נפש אינטערעסירט מיך נישט מער. נאָר
דער רייץ איז פאָרט געווען צו שטאַרק. איך בין געבליבן.
אין דער זעלבער רגע האָט זיך געלאָזט הערן דער שניידיק־
שאַרפער סיגנאַל צום אָנהויב פון לויף, און די גאַנצע פלוי־
דערנדיקע, גרויע, געדיכטע מאַסע איז פלוצלינג ווי אויפגע־
טרייסלט געוואָרן. זי האָט ווידער אַ שטראָם געטון פון אַלע
זייטן אין אַ טומלענדיקן מיש־מאַש פאָרויס צו דער באַריערע.
איך האָב מיך געמוזט אין אַ געוויסער מאָס אָנשטרענגען, כדי
נישט מיטגעריסן צו ווערן, וואָרום איך האָב געוואָלט גראָד אין
טומל בלייבן נאָענט נעבן איר, אפשר וועט זיך מאַכן עפּעס אַ
געלעגנהייט צו אַן אַנטשיידענעם בליק, אַ שטאַרקער באַרירונג,
עפּעס אַ פלוצלינגער פרעכהייט, וואָס איך האָב נאָך געווּ נישט
געוווּסט, און איך האָב מיך עקשנותדיק געשטופּט צווישן די איילנ־
דיקע מענטשן פאָרויס צו איר. אין דעם אויגנבליק האָב איך
מיך גראָד אָנגעטראָפן מיט איר דיקן מאַן, וואָס האָט זיך גע־
שטופּט פונקט מיר אַנטקייגן, משמעות כדי צו פאַרכאַפּן אַ גוטן
פלאַץ נעבן דער טריבונע, און אַזוי אַרום האָבן מיר זיך ביידע
צוזאַמענגעשטויסן, יעדער פון אַן אַנדערן באַגער געטריבן, מיט
אַזאַ אימפּעט, אַז זיין הוט איז אַראָפּגעפלויגן אויף דער ערד
און די צעטלען, וואָס זענען לייכט געווען באַהאַפטן צום הוט,
זענען זיך צעפלויגן אין אַ ברייטן בויגן און אַנידערגעפאַלן אויף
דער ערד ווי רויטע, בלויע, געלע און ווייסע שמעטערלינגען.
אויס רגילות האָב איך מיך געוואָלט אַנטשולדיקן, נאָר עפּעס אַ

בייזער חילן האָט מיר פאַרשלאָסן די ליפּן, פאַרקערט: איך האָב אָנגעשטעלט אויף אים אַ קאַלטן בליק מיט אַ שטילער פרעכער און באַליידיקנדיקער פּראָוואָקאַציע. אין זיינע אויגן האָט אויף אַ סעקונדע אויפגעפלאַקערט אַ ווילדער, אָבער פּחדנות־דיק צוריקגעהאַלטענער כעס, וועלכער איז אָבער באַלד שרע־קעוודיק צערונען געוואָרן אונטער מיין בליק. מיט אַן אומבאַ־שרייבלעכן, כמעט רירנדיקן פּחד האָט ער מיר אַ רגע לאַנג אַריינגעקוקט אין די אויגן, דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעדרייט. אָבער ער האָט זיך משמעות פּלוצלינג דערמאָנט אָן זיינע צעט־לען און זיך אַראָפּגעבויגן, כדי זיי צוזאַמען מיטן הוט אויפצו־הויבן פון דער ערד. די פרוי, וואָס האָט געהאַט אָפּגעלאָזט זיין אָרעם, האָט מיט אַ פאַרפלאַמט פנים פון אויפרעגונג גע־קוקט אויף מיר מיט אַ דורכשפּיזנדיקן בליק: איך האָב געזען מיט אַ מין הנאה, אַז זי וואָלט גרייט געווען מיך צו שלאָגן. נאָר איך בין געבליבן שטיין גאַנץ קאַלט און גלייכגילטיק און האָב שמייכלענדיק צוגעקוקט, נישט רירנדיק זיך צוצוהעלפן, ווי איר דיקער מאַן האָט זיך שווער אָטעמענדיק געבויגן און ארומ־געקראָכן פאַר מיינע פיס, כדי זיינע צעטלען צוזאַמענצוקלויבן. דער קראַגן איז אים ביים איינבויגן זיך ווייט אַוועקגעשטאַנען, ווי די פעדערן ביי אַן אויפגעבלאָזענער הון, אַ גראָבער פלייש־פאַלד האָט זיך אים אַרויפגעגליטשט ביז צום נאַקן. ער האָט אַסטמאַטיש געאָטעמט ביי יעדן בויג. זעענדיק אים אַזוי שווער אָטעמען, איז מיר נישט־ווילנדיק געקומען אין קאָפּ אַריין אַן אומאַנשטענדיקער און נישט געשמאַקער געדאַנק, איך האָב מיר אים פאָרגעשטעלט אין זוגדיקן יחוד מיט זיין פרוי, און צעלאָזן ווערנדיק דורך דערדאָזיקער פאָרשטעלונג, האָב איך איר אַריינ־געשמייכלט גלייך אין פנים אַריין, אויף וועלכן ס'האָט זיך אָפּ־געשפּיגלט אַ ווילדער, קוים איינגעהאַלטענער צאָרן. זי איז גע־שטאַנען, איצט שוין אַ בלאַסע און אומגעדולדיקע און קוים קענענדיק זיך באַהערשן — ענדלעך האָב איך ביי איר פאָרט אַרויסגעריסן אַן אמתדיק, אַ ווירקלעך געפיל: שנאה, ווילדן צאָרן! איך האָב חשק געהאַט, אַז דידאָזיקע רשעותדיקע סצענע

זאָל זיך ציען ביז אין דער אומענדלעכקייט; מיט אַ קאַלטער
הנאה האָב איך צוגעקוקט, ווי ער מאַטערט זיך, כּדי זײַנע
צעטלען שטיק נאָך שטיק צונויפצוקלײַבן. אין דער קעל בײַ מיר
איז געזעסן עפּעס אַ מין לצנישער טײַוול, וואָס האָט זיך גע-
שטיקט פון לאַכן און איז גרייט געווען אַרויסצופּלאַצן מיט
אַ הויך געלעכטער — עס האָט זיך מיר געגלוסט פונאַנדערצו-
לאַכן, אָדער מיטן שטעקן אַ קיצל טון די דאָזיקע ווייכע אַרומ-
פויזענדיקע פלייש-מאַסע. איך קאָן מיך נישט דערמאָנען, אַז
איך זאָל אַמאָל האָבן געווען אַזוי דורכגעדרונגען מיט אַזאַ
רשעותדיקער בייזקייט, ווי אין די דאָזיקע מינוטן, בעת איך
האָב טריומפירט מיט דער דערנידערונג פון דער דאָזיקער פרעך-
שפּילנדיקער פרוי. ענדלעך אָבער האָט דער אומגליקלעכער צו-
זאַמענגעקליבן אַלע זײַנע צעטלען. בלויז איינער, אַ בלויער
צעטל איז געהאַט אַוועקגעפלויגן אַ ביסל ווייטער און איז גע-
לעגן נישט ווייט פון מיר אויף דער ערד. ער האָט זיך
אַ שווער-אָטעמענדיקער געדרייט אויף אַלע זייטן, געזוכט מיט
זײַנע קורצזיכטיקע אויגן — די ברילן האָבן זיך אים אַראָפּגע-
גליטשט אויפן סאַמע שפּיץ פון דער פאַרשוויצטער נאָז — און
מײַן קונדסעשע רשעות האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן אויגנבליק,
כּדי צו פאַרלענגערן זײַן לעכערלעכע אָנשטרענגונג: ווילנלאָז
אונטערגעבנדיק זיך עפּעס אַ מין ייִנגלשע צעלאָזנקייט, האָב
איך שנעל אַ רוק געטאָן דעם פוס פאָרויס און אים אַרויפגע-
שטעלט אויפן צעטל, אַזוי אַז ער האָט אים בײַ דער בעסטער
מי נישט געקאָנט געפינען, אַזוי לאַנג ווי עס וועט מיר געפעלן
אים צו לאָזן זוכן. און ער האָט עקשנותדיק געזוכט און גע-
זוכט, ער האָט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערגעציילט, אָפּ-
כאַפּנדיק פון צייט צו צייט דעם אָטעם, די פאַרשידנפאַרביקע
טאָוולענע צעטלען: סאיז געווען קענטיק, אַז איינער — דער,
וואָס אונטער מײַן פוס! — פעלט אים נאָך און ער האָט שוין
ווידער געוואָלט אינמיטן דעם וואָס אַמאָל מער וואַקסנדיקן טומל
אָנהויבן ווייטער צו זוכן, זײַן פרוי אָבער, וואָס האָט מיט
אַ פאַרביסענעם אויסדרוק זיך געמאַכט נישט באַמערקן מײַן

חוזקדיקן בליק מן הצד, האָט שוין מער נישט געקאָנט באַהערשן איר צארנדיקע אומגעדולד. „לאַיאָס!" האָט זי אים פּלוצלינג אַ רוף געטאָן באַפעלעריש, און ער איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ פערד, וואָס האָט דערהערט די טראָמפּייט. ער האָט נאָכאַמאָל געוואָרפן אַ זוכנדיקן בליק אויף דער ערד — איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי דער פאַרבאָרגענער צעטל אונטער מיין טריט וואָלט מיך געקיצלט, און איך האָב קוים געקאָנט באַהערשן מיין חשק זיך פונאַנדערצולאַכן — דערנאָך האָט ער זיך געהאָרכזאַם אומגעקערט צו זיין פרוי, וועלכע האָט אים מיט אַ כּלומרשטער איילעניש געטון אַ צי אַוועק פון מיר אינם וואָס אַמאָל שטאַרקער ברויזנדיקן טומל אַריין.

איך בין געבליבן שטיין אין דעם מינדסטן חשק זיי נאָכצוגיין. דער עפּיזאָד איז פאַר מיר געוועזן געענדיקט, דאָס געפיל פון יענער עראָטישער שפּאַנונג איז אַנגענעם צערונען געוואָרן און אַריבערגעגאַנגען אין אַ מונטערער שטימונג, די גאַנצע צערייצטקייט האָט זיך פון מיר אָפּגעטון און ס'איז דערפון מער נישט געבליבן, ווי אַ געזונטע זאַטקייט נאָך דער פּלוצלינג אויפגעפלאקערטער רשעות, אַ פרעכע, כּמעט צעלאָזענע זעלבסטצופרידנקייט מיט דער געלונגענער שטיפעריי. פאָרנט האָבן די מענטשן זיך געשטופּט אין ענגשאַפט, די צעטראָגנקייט האָט ווידער אָנגעהויבן צו וואַקסן און ווי אַ שמוציקע, שוואַרצע כוואַליע האָט זיך אַלץ געריסן פאָרויס צו דער באַריערע, נאָר איך האָב אַפילו נישט אַהינגעקוקט, עס האָט מיך שוין געלאַנגווייליקט. און איך האָב שוין געטראַכט אַריינצוגיין אין דעם קייגאיבערדיקן קאַפעהויז, אָדער אַהיימצופאָרן. אָבער ווי נאָר איך האָב געמאַכט אַ טריט פאָרויס, האָב איך דערזעען דעם בלויען צעטל, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד. איך האָב אים אויפגעהויבן און לייכט געהאַלטן צווישן די פינגער, נישט ווייסנדיק וואָס מיט אים צו טון. אין פלוג איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, איך זאָל אים צוריק אָפּגעבן „לאַיאָסן", וואָס דאָס קאָן דינען פאַר אַן אויסגעצייכנטער געלעגנהייט, זיך צו באַקענען מיט זיין פרוי; באַלד אָבער האָב איך

באַמערקט, אַז זי אינטערעסירט מיך שוין בכלל נישט, אַז די קורץ־דויערנדיקע היץ, וואָס האָט אויף מיר אַ הויך געטון פון דער דאָזיקער באַגעגעניש, איז שוין לאַנג אָפּגעקילט און פאַר־שלונגען געוואָרן דורך מיין אַלטער גלייכגילטיקייט. מער ווי דעם דאָזיקן קעמפנדיקן, באַגערנדיקן בליקן־אויסטויש האָב איך פון לאַיאָסעס פרוי נישט פאַרלאַנגט — דער אויסגעפּאַשעטער מאַן איז מיר געווען צו איבלדיק, אַז איך זאָל קאָנען האָבן עפּעס בשותפות מיט אים — דעם נערוון־ציטער האָב איך שוין געהאַט, אַצינד האָב איך בלויז געפילט אַ קאַלטע נייגיריקייט, אַ הנאהדיקע באַרויקונג.

די שטול איז נאָך דאָ אַזוי געשטאַנען פון פריער, אליין און פאַרלאָזן. איך האָב מיך ברייט אנידערגעזעצט און פאַררויכערט אַ ציגאַרעט. פאַר מיר האָט זיך ווידער צעפלאַקערט די ליידנ־שאַפט, נאָר איך האָב מיך שוין אַפילו נישט צוגעהערט: איבער־געחזרטע זאַכן האָבן מיך נישט גערייצט. איך האָב רויק צוגע־קוקט צום אויפשטייגנדיקן רויך און געטראַכט וועגן דער מעראַ־נער גילף־פּראַמענאַדע, ווו איך בין מיט צוויי חדשים צוריק גע־זעסן און אַראָפּגעקוקט אין דעם שפּריצנדיקן וואַסערפאַל. עס האָט דאָרט אויסגעזעען פּונקט אַזוי ווי דאָ: אויך דאָרט האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן אַ מעכטיק, וואָס אמאָל וואַקסנדיק גערויש, וועלכעס האָט נישט געוואַרמט און נישט געקילט, אויך דאָרט האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ זינלעכער ליאַרם אין אַ שווייגנדיק בלויער לאַנדשאַפט אַריין. נאָר ענדלעך האָט די ליידנשאַפטלעכ־קייט פון שפּיל דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט; איבער דער שוואַרצער ברויזנדיקער מענטשן־כוואַליע האָט ווידער אָנגעהויבן צו פליען אַ שוים פון שירעמס, היטן, געשרייען און טאַשנטי־כער; ווידער האָבן זיך די קולות אויסגעמישט מיטאַנאַנדער, ווידער האָט אַ ציטער געטון אַ געשריי — אַצינד אָבער שוין מיט אַן אַנדערן קלאַנג — פון דעם המונס ריזן־מויל אַרויס. איך האָב געהערט אַ נאָמען אויסשרייען, טויזנטער, צענטויזנטער מאָל, ברילנדיק, דורכדרינגלעך, עקסטאַטיש, פאַרצווייפלט: „קרעסי! קרעסי! קרעסי!“ און ווידער זענען די דאָזיקע געשרייען פּלוצ־

לינג, ווי אַ געפּלאַצטע סטרונע, איבערגעריסן געוואָרן (ווי דאָס
איבערחזרן מאַכט אַפילו די ליידנשאַפט איינטעניק!). די מוזיק
האָט אָנגעהויבן שפּילן, דער המון האָט זיך פונאַנדערגעשאָטן.
ס'האָבן זיך באַוויזן פּליטעס מיט די נומערן פון די זיגער.
נישט ווילנדיק האָב איך אַ קוק געטון אַהין. אויפן ערשטן פּלאַץ
האָט געפינקלט אַ זיבן. איך האָב מעכאַניש אַ בליק געוואָרפן
אויף דעם בלויען צעטל צווישן מיינע פינגער, אָן וועלכן איך
האָב שוין געהאַט כמעט פאַרגעסן, אויך אויף אים איז געווען אַ זיבן.

נישט ווילנדיק האָב איך מיך געמוזט פונאַנדערלאַכן. דער
צעטל האָט געוווּנען. דער אָרעמער לאַיאָס האָט גוט איינגע-
שטעלט. האָב איך נאָך הייסט עס מיט מיין רשעות דעם דיקן
מאַן אויסגעבערענגט געלט: מיין צעלאָזענע שטימונג האָט זיך
מיטאַמאָל ווידער צוריקגעקערט, עס האָט מיך אינטערעסירט צו
וויסן, וויפיל מיין אייפערזיכטיקע אינטערווענץ האָט אים היזק
געמאַכט. איך האָב מיך איצט צום ערשטן מאָל גענויער צו-
געקוקט צום בלויען שטיקל טאָוול: עס איז געווען אַ צוואַנציק-
קראָנענדיקער צעטל, און לאַיאָס האָט איינגעשטעלט אויף „זיג".
דאָס האָט שוין געקאָנט אויסמאַכן אַ נישקשהדיקע סומע. נישט
לאַנג טראַכטנדיק, פאָלגנדיק דעם נייגעריקייט-קיצל, האָב איך
מיך געלאָזט דורך דעם איילנדיקן המון שטופּן אין דער ריכ-
טונג צו די קאַסעס. מען האָט מיך אַריינגעפּרעסט אין איינע
פון די רייען, איך האָב אַנידערגעלייגט דעם צעטל, און גלייך
האָבן מיר צוויי ביינערדיקע, איילנדיקע הענט, וואָס דאָס פּנים
פון זייער באַזיצער איז געווען פאַרבאָרגן הינטערן פענסטערל,
דערלאַנגט ניין צוואַנציק-קראָנען-אַסיגנאַציעס אויף דעם מאַר-
מאָרנעם ברעטל.

אין דער דאָזיקער רגע, בעת מען האָט פאַר מיר אַני-
דערגעלייגט דאָס געלט, אמתדיק געלט, בלויע אַסיגנאַציעס, איז
מיר מיטאַמאָל דאָס געלעכטער געבליבן שטעקן אין דער קעל.
מיך האָט גלייך אַרומגענומען עפּעס אַן אומאַנגענעם געפיל.
איך האָב נישט ווילנדיק אַ ציי געטון צוריק די הענט, כדי נישט
אָנצורירן דאָס פרעמדע געלט. איך וואָלט שוין געווען באַשטאַ-

נען איבערצולאָזן די בלויע אָסיגנאַציעס אויפן קאַסע־ברעטל, נאָר הינטער מיר האָבן זיך שוין די מענטשן אומגעדולדיק גע־שטופּט, כדי צו באַקומען אויסגעצאָלט זייער געווינס. איך האָב דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי מיט אַ פּיינלעך געפּיל צוצונעמען מיט די זיך מאָוסנדיקע פינגער־שפּיצן די אַסיגנאַציעס: ווי בלויע פלאַמען האָבן זיי מיר אַ ברי געטאָן אין דער האַנט, וועלכע איך האָב נישט־ווילנדיק אַוועקגעשטרעקט פון זיך, גלייך ווי אויך די האַנט, וואָס האָט די אַסיגנאַציעס אָנגע־רירט, געהערט נישט צו מיר. איך האָב פּלוצלינג דערפילט דאָס פּאַטאַלע פון דער סיטואַציע. געגן מיין ווילן איז פון דעם שפּאַס אַרויסגעקומען עפּעס אַזעלכעס, וואָס באַדאַרף זיך מיט אַן אָרנטלעכן מענטש, אַ דזשענטעלמען, אַ רעזערוו־אָפיציר נישט טרעפן, און איך האָב נישט געקאָנט פועלן ביי מיר אָנצורופן עס ביים אמתן נאָמען. וואָרום דאָס איז נישט געווען קיין פּאַר־שוויגן, נאָר תחבולהדיק אויסגענאַרט, אָדער גאַנץ פּשוט געגנבעט געלט.

אַרום מיר האָבן געזשומעט און גערוישט שטימען, מענטשן האָבן זיך געשטופּט און געשטויסן פון און צו די קאַסעס. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען אומבאַוועגלעך מיט דער אויסגעשטרעק־טער האַנט. וואָס זאָל איך טון? תחילת איז מיר איינגעפאַלן אַ פּשוטער אויסוועג: אויפצוזוכן דעם אמתן געווינער, זיך אַנט־שולדיקן און אים צוריקגעבן דאָס געלט. אָבער עס האָט נישט געטויגט אַזוי, שוין צוליב דער געגנוואַרט פון יענעם אָפיציר. איך בין דאָך אַליין געווען אַ רעזערוו־לייטענאַנט, און דאָס מודה זיין זיך אין אַזאַ זאַך, וואָלט מיך באַלד געקאָסט מיין שאַר־זשע; וואָרום אויב איך זאָל אַפילו האָבן געפונען דעם צעטל, איז אָבער דאָס איינקאַסירן דאָס געלט שוין געווען אַ נישט־אנשטענדיקע האַנדלונג. דאַן איז מיר איינגעפאַלן. אַז איך זאָל נאָכגעבן דעם אינסטינקט, וואָס האָט געציטערט אין מיינע פינ־גער: איך זאָל די אַסיגנאַציעס צעקוועטשן און אַוועקוואַרפן, נאָר אויך דאָס וואָלט לייכט געקאָנט באַמערקט ווערן צווישן דעם מענטשן־המון און דערצו נאָך אויסזעען פּאַרדעכטיק. איך האָב

אָבער בשום אופן נישט געוואָלט אפילו קיין איין רגע האַלטן ביי מיר דאָס פרעמדע געלט, אָדער אַריינלייגן עס אין בריוו־טאַש, כדי שפּעטער עמעצן אַוועקצושענקען: דאָס אָרנטלעכקייט־געפיל, וואָס איז אין מיר פון קינדווייז אָן איינגעפלאַנצט געוואָרן, אַזוי ווי דאָס באַדערפעניש צו ריינע וועש, האָט דערוועקט אין מיר אַן עקל צו דער מינדסטער באַרירונג מיט די דאָזיקע אַסיגנאַציעס. אַוועק, נאָר פּטור ווערן פונם דאָזיקן געלט, האָט מיך געבערענט אַ געדאַנק, אַוועק, נאָר אַוועק ערגעץ־ווו, אַוועק! איך האָב מיך נישט ווילנדיק אומגעקוקט, און בעת איך האָב אַזוי אין מיין אומבאַהאָלפנקייט געוואָרפן אַ בליק אַרום, צי ס'געפינט זיך נישט ערגעץ אַ באַהעלטעניש, אַ פריי, נישט באַוואַכט אָרט, האָט זיך מיר אַ וואָרף געטון אין די אויגן, ווי די מענטשן האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן שטופּן צו די קאַסעס, איצט אָבער מיט געלט־אַסיגנאַציעס אין די הענט. און עס איז מיר איינגעפאַלן אַ דערלייזנדיקער געדאַנק: צוריקצוּוואַרפן דאָס געלט דעם בייזן צופאַל, וועלכער האָט עס מיר געגעבן, ווידער עס אַריינצושליידערן אין דעם זולל־וסובאדיקן תהום, וועלכער האָט אַצינד גיריק געשלונגען די זילבערנע מטבעות און די אַסיגנאַציעס פון די נייע איינשטעלונגען — יאָ, דאָס איז דער ריכטיקער אויסוועג, די אמתע דערלייזונג. איך האָב מיך געלאָזט ווילד לויפן און זיך אָנגעשלאָסן צו די, וואָס האָבן זיך געשטופּט צו דער קאַסע. בלויז צוויי מענטשן זענען נאָך געווען פאַר מיר, דער ערשטער איז שוין געשטאַנען ביים טאָטאַליזאַטאָר און עס איז מיר פּלוצלינג געקומען אויפן געדאַנק, אַז איך ווייס אַפילו נישט אָנצורופן אַ נאָמען פון אַ פערד, אויף וועלכן איינצושטעלן. איך האָב מיך גיריק איינגעהערט צו דעם גערייד אַרום מיר. „איר שטעלט איין אויף ראַוואַכאָל?" האָט עמעצער געפרעגט. „אודאי אויף ראַוואַכאָל", האָט אים דער אַנדערער געענטפערט. „איר מיינט, אַז טעדי האָט נישט קיין שאַנסן צו געווינען?" „טעדי? בשום אופן נישט. ער האָט אין ערשטן געיעג פולשטענדיק פאַרפּירט. ער האָט אויסגעזעען ווי חוזק".

איך האָב געשלונגען די ווערטער ווי אַ דורשטיקער. הייסט עס, אַז טעדי איז שלעכט, טעדי וועט זיכער נישט געווינען. איך האָב גלייך באַשלאָסן איינצושטעלן אויף אים. איך האָב אַ שליידער געטון דאָס געלט, אָנגערופן דעם נאָמען, וואָס איך האָב נאָר־וואָס געהערט, און אַ האַנט האָט מיר צוריק אַרויסגעוואָרפן צעטלען. איך האָב אַצינד מיטאַמאָל געהאַט אין דער האַנט ניין רויט־ווייסע טאָוולען אנשטאָט דעם פריערדיקן איינעם. דאָס איז נאָך אַלץ געווען אַ פיינלעך געפיל, נאָר דאָך, ס'האָט שוין נישט געברענט אַזוי אויפרייצנדיק, אַזוי דער־נידערנדיק, ווי דאָס קנאַקנדיקע מזומן־געלט.

איך האָב מיך ווידער דערפילט לייכט, כמעט זאָרגלאָז: אַצינד איז דאָס געלט געווען פאַרטון. דאָס פיינלעכסטע פון דער דאָזיקער פאַסירונג איז געווען באַזייטיקט און דער גאַנצער ענין איז צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּאַס, פּונקט ווי אין אָנהויב. איך האָב מיך ווידער אַוועקגעזעצט נאַכלעסיק אויף דער שטול. פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און רויק געבלאָזן פאַר זיך דעם רויך. אָבער איך האָב נישט געקאָנט לאַנג איינזיצן, איך בין אויפגעשטאַנען, אַרומגעגאַנגען הין און הער, זיך ווידער אַנידערגעזעצט. מאָדנע: מיט דער צופרידענער טרוימערײַ איז געווען אויס. עפּעס אַ מין נערוועזיטעט האָט זיך פאַרקליבן אין מיינע גלידער. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז דאָס שטאַמט פון דעם נישט־ניחאדיקן געפיל, וואָס איך קאָן מיך דאָ צווישן המון פאַרבייגייענדיק אָנטרעפן מיט לאַיאָסן און זיין פרוי; אָבער ווי אַזוי וועט זיי איינפאַלן, אַז די גייע בילעטן זענען געקויפט פאַר זייער געלט! אויך דער טומל פון די מענטשן האָט מיר נישט געשטערט, פאַרקערט, איך האָב גענוי אַכטונג געגעבן, צי זיי שטופּן זיך שוין נישט ווידער פאָרנט־צו! יאָ, איך האָב מיך אַפילו געכאַפּט, ווי איך שטעל מיך כסדר אויף, כדי אַ קוק צו טון אויף דער פאָן, וועלכע ווערט תמיד אַרויס־געהאַנגען ביים אָנהויב פון געיעג. הייסט עס, אַז דאָס איז גע־ווען — אומגעדולד, אַ צאַפּלענדיק, אינערלעך פיבער פון דער־וואַרטונג, אַז דער לויף זאָל זיך שוין אָנהויבן, אַז דער דאָזי־

קער נישט־ניחאדיקער ענין זאָל שוין אַמאָל אַ סוף נעמען.

אַ יינגל איז פאַרבייגעלאָפן מיט אַ געיעג־צייטונג. איך האָב אים אָפּגעשטעלט, געקויפט דאָס פּראָגראַם און אָנגעהויבן נאָכצוזוכן צווישן די אין אַ פּאַר מיר פרעמדן זשאַרגאָן געשריי־בענע ווערטער און סמנים, ביז איך האָב אויסגעפונען טעדין, דעם נאָמען פון זיין זשאקיי, דעם אייגנטימער פון דער שטאַל און די קאָלירן רויט־ווייס. אָבער פאַרוואָס האָט מיך דאָס אַלץ אַזוי אינטערעסירט? אַ צערייצטער האָב איך צוזאַמענגעדריקט דאָס בלאַט אין דער פויסט און עס אַוועקגעוואָרפן. איך בין אויפגעשטאַנען, זיך ווידער געזעצט. מיר איז עפּעס פּלוצלינג הייס געוואָרן, איך האָב מיר געמוזט מיטן טיכל אָפּווישן דעם פייכטן שטערן, און דער קראגן האָט מיך געדריקט. דער לויף וויל זיך נאָך אַלץ נישט אָנהויבן.

ענדלעך האָט דער גלאָק אָנגעהויבן צו קלינגען, די מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטון פאָרויס, און אין דער דאָזיקער רגע האָב איך דערשפירט מיט שרעק, ווי דאָס דאָזיקע קלינגען האָט אויך מיך גלייך ווי אַ וועקער אַ ריס־אויף געטון ווי פון עפּעס אַ שלאָף. איך בין אויפגעשפרונגען פון דער שטול אַזוי האַסטיק, אַז זי איז אומגעפאַלן, און גיריק געאיילט — ניין, איך בין געלאָפן — פאָרויס, די בילעטן פעסט איינגעפרעסט צווישן די פינגער, צוזאַמען מיטן גאַנצן המון, גלייך ווי איך וואָלט געווען געטריבן פון אַ ווילדער מורא, אַז איך וועל צו שפּעט קומען און עפּעס זייער וויכטיקס פאַרזוימען. מיר איז נאָך געלונגען זיך צו דערשלאָגן, ברוטאַל אָפּשטופנדיק אין אַ זייט די מענטשן, צו דער פאָדערשטער באַריערע און האָב אָן שום צערמאָניעס אַ ריס געטון צו מיר אַ שטול, וואָס אַ דאַמע האָט נאָר־וואָס געוואָלט נעמען. פון איר דערשטוינטן בליק האָב איך גלייך דערפילט מיין גאַנצע טאַקטלאָזיקייט און משוגעתדיקע ווילד־קייט — דאָס איז געווען מיינע אַ גוטע באַקאַנטע, די גרעפין ר., וואָס האָט אויף מיר אַ קוק געטון מיט צאָרנדיק פאַרצויגענע ברעמען — נאָר אויס חרפּה און עקשנות האָב איך מיך גע־מאַכט קאַלט אַוועקקוקן, בין אַ־ויפגעשפרונגען אויף דער שטול,

כּדי צו קענען זעען דעם פּלאַץ.
ווייט אין באַגרינטן פעלד, אויף דעם אָפּלויף־פּלאַץ, איז געשטאַנען אַ קליין הייפל אומרויקע פערד, וואָס זענען קוים מיט מי איינגעהאַלטן געוואָרן אין דער ליניע דורך די קליינע זשאָקייען, וואָס האָבן אויסגעזעען אין זייערע פאַרביקע בגדים ווי לצים. איך האָב מיך באַמיט צו דערקענען מיין זשאָקיי, נאָר מיין בליק איז געווען אומגעניט, און עס האָט מיר עפּעס אַזוי הייס און מאָדנע געפינקלט פאַר די אויגן, אַז איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן די קאָליר־פּלעקן די רויט־ווייסע פאַרב. אין דערזעלבער רגע האָט דער גלאָק געקלונגען צום צווייטן מאָל, און ווי זיבן פאַרשידנפאַרביקע פיילן פון איין בויגן אַרויס, האָבן זיך די פערד אַ לאָז געטון איבערן גרינעם וועג. עס וואָלט געמוזט אויסזעען ווונדערלעך, ווען מ׳זאָל אַזוי רויק און בלויז עסטעטיש גענומען באַטראַכטן, ווי די שמאָל־אויסגעצויגענע חיות האָבן זיך אַ לאָז געטון לויפן אין גאַלאָפּ און, קוים אָנרירנדיק די ערד, זיך עלאַסטיש גע־טראָגן איבער דעם גרינעם באָדן; אָבער איך האָב גאָרנישט געשפּירט פון דעם אַלעם, איך האָב בלויז געמאַכט פאַרצווייפלטע פּרוּוון צו דערקענען מיין פערד און מיין זשאָקיי און האָב מיך פּשוט פאַרשאָלטן, וואָס איך האָב נישט מיטגענומען קיין לאָר־נעט. וויפיל איך האָב מיך נישט געבויגן און פאָרויסגעשטרעקט, האָב איך דאָך נישט געזעען מער ווי פיר, פינף פאַרשידנפאַר־ביקע ווערעמלעך, צונויפגעשמאָלצן אין אַ פליענדיקער קנויל; בלויז נאָר די פאָרם האָב איך געזעען ביסלעכווייז זיך פאַרענ־דערן, דאָס קליינע הייפל האָט ביים וועג־אויסבויג זיך אויסגע־צויגן ווי אַ קלין, דער שפּיץ איז געפלויגן פאָרויס, בשעת פון הינטן האָבן שוין עטלעכע אָנגעהויבן הינטערשטעליק צו בלייבן. דאָס געיעג איז געוואָרן שאַרף: דריי אָדער פיר פון די אין גאַלאָפּ אויסגעצויגענע פערד האָבן זיך ווי פּאַפּירענע פּאַסן פלאַך צוזאַמענגעקלעבט, אַמאָל האָט איינס, אַמאָל האָט דאָס אַנ־דערע זיך אַ רוק געטון אויף איין טריט פאָרויס. און נישט ווילנדיק האָב איך מיך אויסגעבויגן מיטן גאַנצן קערפּער, גלייך

װי איך װאָלט דורך דער דאָזיקער נאָכאַמענדיקער, על־אַסטישער, ליידנשאַפטלעך־אָנגעשטרענגטער באַװעגונג געקאָנט פאַרשטאַרקן און שנעלער מאַכן זייער לויף.

אַרום מיר איז די אָנגעשטרענגטקייט געװאַקסן. עטלעכע געניטע האָבן מסתּמא שוין בײַ דער אויסבויג־ליניע דערקענט די קאָלירן, װאָרום פון דעם מטושטשדיקן טומל האָבן אַצינד אָנגעהויבן זיך אַרויסצורייסן נעמען װי שאַרפע ראַקעטן. נעבן מיר איז געשטאַנען איינער מיט װילד אויסגעשטרעקטע הענט, און בשעת עפּעס אַ פערדס קאָפּ האָט זיך אַ רוק געטון פאָרויס, האָט ער אָנגעהויבן צו טופּען מיט די פיס און געשריגן מיט אַן אָפּשטויסנדיקער, שאַרפער און טריומפירנדיקער שטים: „ראַװאַ־כאָל! ראַװאַכאָל!" איך האָב דערזעען, אַז אויף דעם זשאָקיי פונם דאָזיקן פערד שימערן בלויע קליידער און עס איז מיך באַפאַלן אַ כּעס, װאָס נישט מיין פערד װעט זיגן. דאָס שאַרפע געבערום „ראַװאַכאָל! ראַװאַכאָל!" פון דעם אָפּשטויסנדיקן נפש נעבן מיר איז מיר געװאָרן װאָס אַמאָל אומדערטרעגלעכער; עס האָט אין מיר געקאָכט פאַר כּעס, איך האָב חשק געהאַט צו דערלאַנגען אים מיט דער פויסט אין דעם אויפגעריסענעם שװאַרצן לאָך פון זיין שרייענדיק מויל, איך האָב געציטערט פאַר צאָרן, ס'האָט מיך געפיבערט, איך האָב געפילט, אַז אָט־אָט קאָן איך אָפּטון עפּעס אַן אומזיניקע זאַך. נאָר דאָ האָב איך דערזעען, װי אַן אַנדער פערד דערנענטערט זיך צום ערשטן. אפשר איז דאָס טעדי, אפשר, אפשר — און די דאָזיקע האָפ־נונג האָט מיך אויפסניי אָנגעפולט מיט מוט. און באמת, מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די האַנט, װאָס האָט זיך איצט אויפ־געהויבן איבערן זאָטל און שנעל זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויף דעם פערדס רוקן, שימערט מיט אַ רויטער קאָליר. ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז טאַקי ער, ס'מוז זיין ער, ס'מוז, ס'מוז! נאָר פאַרװאָס טרייבט ער נישט זיין פערד פאָרויס, דער טויגעניש? נאָך אַמאָל מיט דער בייטש! נאָך אַמאָל! איצט, איצט איז ער שוין גאָר נאָענט! אַצינד בלויז נאָך איין שפּאַן. פאַרװאָס ראַװאַכאָל? ראַ־װאַכאָל? ניין. נישט ראַװאַכאָל! טעדי! טעדי!

פאָרווערטס, טעדי! טעדי!

פלוצלינג האָב איך מיך האַסטיק אַ ציי געטון צוריק. וואָס— וואָס קומט דאָ פאָר? ווער האָט דאָ אַזוי געשריגן? ווער ליאַרמט דאָ „טעדי! טעדי!״? איך אַליין האָב עס אַזוי געשריגן. און אינמיטן מיין צעהיצטקייט האָב איך מיך דערשראָקן פאַר מיר אַליין. איך האָב מיך געוואָלט איינהאַלטן, זיך באַהערשן, אינמיטן דעם פיבער איז אויף מיר פלוצלינג אָנגעפאַלן אַ בושה. אָבער איך האָב נישט געקאָנט אַוועקרייסן די בליקן, וואָרום דאַרט האָבן די ביידע פערד געקלעבט נעבנאַנאַנדער, און דאָס פערד, וואָס האָט זיך געהאַלטן נעבן ראַוואַכאָל, נעבן דעם פאַרשאָלטענעם, מיט פייערדיקן צאָרן פון מיר געהאַסטן ראַוואַ־כאָל, האָט טאַקע געמוזט זיין טעדי, וואָרום אַרום מיר האָבן זיך שוין געריסן הויכע קולות פון אַנדערע מענטשן, אין אַ שאַרף־גרילצנדיקן דיסקאנט: „טעדי! טעדי!״ און דאָס דאָזיקע געשריי האָט מיך, דעם אויף אַ רגע אויפדערוואַכטן, ווידער אַ ריס געטון אין דער ליידנשאַפט אַריין. ער וועט, ער מוז גע־ווינען, און אָט האָט זיך איצט טאַקי הינטער דעם אַנדערן פליענדיקן פערד אַ גליטש געטון פאָרויס א קאָפּ, אויף איין שפאַן בלויז, און איצט שוין אויף צוויי, אַצינד, אַצינד זעט מען שוין דעם האַלז — אין דער דאָזיקער רגע האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער גלאָקן־קלונג, און באַלד האָט אַרויסגעפּלאַצט אַן איינציקער געשריי פון שמחה, פון פאַרצווייפלונג און צאָרן. א סעקונדע לאַנג האָט דער קלאַנג פונם פאַרהערלעכטן נאָמען אָנ־געפולט דעם בלויען הימל ביז ארויף צום געוועלב. דערנאָך איז ער אנטשוויגן געוואָרן, און פון ערגעץ האָט זיך דער־הערט אַ גערויש פון מוזיק.

א דערהיצטער, אינגאנצן אַ פייכטער, מיט אַ קלאפנדיק הארץ בין איך צוריק אראָפּ פון דער שטול. איך האָב מיך גע־מוזט אנידערזעצן אויף א רגע, אזוי צעטומלט בין איך געווען פון באגייסטערונג און צעטראָגנקייט. מיך האָט ארומגענומען אזא עקסטאַז, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געפילט, אַ זינ־לאָזע פרייד, וואָס דער צופאל האָט זיך אזוי שקלאפיש אונ־

טערגעוואָרפן מיין פארלאנג; אומזיסט האָב איך מיר אליין גע־
וואָלט איינרעדן, אז איך האָב גאָרנישט געהאט קיין באגער,
דאָס דאָזיקע פערד זאָל אצינד געווינען, און אז איך וואָלט
צופרידענער געווען, ווען דאָס געלט וואָלט פארשפּילט געוואָרן.
איך האָב עס אָבער מיר אליין נישט געגלויבט און באלד האָב
איך דערפילט א שרעקלעך ציען אין מיינע אברים, עס האָט
מיך מאגיש געריסן ערגעץ־ווו, און איך האָב געוווּסט, ווהין
עס טרייבט מיך: איך האָב געוואָלט דעם זיג זען, אים שפּירן,
אים אָנטאפּן, געלט, א סך געלט. איך האָב געוואָלט שפּירן די
בלויע קנאקנדיקע אסיגנאציעס צווישן מיינע פינגער און דאָס
צאפּלען פון די נערוון. עפּעס אַ פרעמדער, בייזער חשק
האָט מיך באַהערשט, און קיין שום בושה איז נישט אימ־
שטאנד געווען אים גובר צו זיין. און ווי נאָר איך האָב מיך
אויפגעהויבן פון דער שטול, האָב איך געאיילט, געלאָפן צו
דער קאסע. גאנץ ברוטאל, מיט פונאנדערגעשפּרייטע עלנבויגנס
האָב איך מיך אריינגעשטופּט צווישן די ווארטנדיקע ביים קאסע־
פענסטערל און אומגעדולדיק אָפּגעשטויסן מענטשן אן א זייט,
אלץ צוליב דעם געלט, בלויז נאָר, כדי דאָס געלט ממשותדיק
צו דערפילן. „גראָבער יונג!" האָט א ברום געטון הינטער מיר
עמעצער פון די אָפּגעשטופּטע; איך האָב עס געהערט, אָבער איך האָב
גאָרנישט געטראכט אים אָפּצוענטפערן, איך האָב געציטערט פון
אן אומבאגרייפלעכער, קראנקהאפטיקער אומגעדולד. ענדלעך איז
אָנגעקומען מיין ריי, מיינע הענט האָבן גיריק אָנגענומען א בלוי
פעקל באנקנאָטן. איך האָב געציילט ציטערנדיק און גלייכצייטיק
באגייסטערט. עס איז געווען זעקס הונדערט און פערציק קראָנען.

איך האָב זיי האסטיק א ריס געטון צו מיר. מיין ער־
שטער געדאנק איז געווען: אצינד ווייטער שפּילן, נאָך מער גע־
ווינען, א סך מער. ווו האָב איך דאָס אָבער אהינגעטון מיין
געיעג־צייטונג? אך, אוועקגעוואָרפן אין צעטומלטקייט! איך האָב
מיך אומגעקוקט, א נייע צו קויפן. דאָ האָב איך אָבער צו מיין
אומבאשרייבלעכער שרעק דערזעען, ווי אלע ארום מיר הויבן
זיך פּלוצלינג אָן פונאנדערצוגיין און לאָזן זיך צום ארויסגאנג,

די קאסעס האָבן זיך פאַרמאַכט, די פריער פלאַטערנדיקע פאָן איז צוריק אראָפּגעלאָזט געוואָרן. דאָס שפּיל איז געווען געענ־דיקט. דאָס איז געווען דער לעצטער לויף. א סעקונדע לאַנג בין איך געבליבן שטיין א פאַרגליווערטער. דערנאָך האָט מיך ארומגענומען א כעס, גלייך ווי מ׳וואָלט מיר אַן עולה געטון. איך האָב נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס אַצינד, בעת אַלע מיי־נע נערוון זענען אָנגעצויגן און ציטערן, דאָס בלוט ברויזט אין מיר אַזוי הייס, ווי שוין יאָרן לאַנג נישט, זאָל זיך מיטאַמאָל אַלץ ענדיקן. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, וואָס איך האָב געפרוווט קינסטלעך אויפצוהאַלטן אין מיר די האָפנונג, איינ־רעדנדיק זיך, אַז דאָס איז מסתמא נאָר אַ טעות, וואָרום דער פאַרשידנפאַרביקער, זיך שטופּנדיקער המון האָט וואָס אַמאָל שנעלער און שנעלער פאַרלאָזט דעם פּלאַץ. שוין האָט זיך באַ־וויזן דער גרינער גלאַנץ פונם צעטרעטענעם גראָז צווישן די איינצלנע איבערגעבליבענע. ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן צו פילן די לעכערלעכקייט פון מיין אָנגעשטרענגט וואַרטן, איך האָב דעריבער גענומען מיין הוט — דעם שטעקן האָב איך אַפּנים פון צעטראָגנקייט געלאָזט שטיין ביים דריי־סלופּ — און מיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. אַ דינער, קנעכטיש אראָפּ־כאַפּנדיק דאָס היטל פון קאָפּ, איז מיר אַנטקעגנגעשפּרונגען, איך האָב אים אָנגערופן דעם נומער פון מיין פיאַקער, ער האָט אים אויסגעשריגן איבערן פּלאַץ דורך זיין דורכגעהוילטער פויסט און באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּעריי פון די אָנקומענדיקע פערד. איך האָב געהייסן דעם קוטשער פּאַמעלעך פאָרן איבער דער הויפּט־אַלעע. וואָרום גראַד אַצינד, בעת די אויפגעברויזטקייט האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך איינצושטילן אין מיר, האָב איך געפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג, נאָך אַמאָל דורכצולעבן אין געדאַנק די גאַנצע סצענע.

אין דעם אויגנבליק איז צוגעפאָרן אַן אַנדערער פיאַקער; נישט ווילנדיק האָב איך סתם אַזוי אַ קוק געטון אַהין און באַלד זיך אָפּגעקערט. דאָרט איז געזעסן די פרוי מיט איר שווער־לייביקן מאַן. זיי האָבן מיך נישט באַמערקט. נאָר אויף מיר

איז מיטאַמאָל אָנגעפאַלן עפּעס אַן איבלדיק געפיל, גלייך ווי מ'זאָל מיך האָבן געכאַפּט ביי עפּעס. און איך האָב חשק געהאַט אַ געשריי צו טון צום קוטשער, ער זאָל אַ טרייב טון די פערד, כּדי וואָס גיכער זיך צו דערווייטערן פון זייער שכנות.

דער פּיאַקער האָט זיך אויף זיינע גומי־רעדער ווייך געגליטשט צווישן די פיל אַנדערע וועגנס, וואָס האָבן זיך ווי בלומען־שיפלעך, אָנגעפולטע מיט אַ פיל־פאַרביקער לאַדונג פון פרויען, שאָקלענדיק פאַרבייגעטראָגן ביי די גרינע ברעגעס פון דער קאַשטאַנען־אַלעע. די לופט איז געווען ווייך און זיס. פון צייט צו צייט האָט זיך שוין דורכגעטראָגן אַ לייכטער דופט פון דער פריער אָוונט־קילקייט. נאָר דאָס פריערדיקע אַנגענעם־טרוימערישע געפיל האָט זיך שוין נישט צוריקגעקערט: די באַגעגעניש מיט דעם דורך מיר באַשווינדלטן האָט איבערגעלאָזט ביי מיר אַ פיינלעך געפיל. אויף מיין צעהיצטער ליידנשאַפט האָט מיטאַמאָל אַ בלאָז געטון ווי עפּעס אַ קאַלטער לופט־צוג, וואָס רייסט זיך אַריין דורך אַ שפּאַרע. איך האָב אַצינד ניכטערנערהייט נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט די גאַנצע סצענע און האָב מיך אַליין נישט געקאָנט פאַרשטיין: איך, אַ דזשענטעלמען, אַ רעזערוו־אָפיציר, אַ בכבודיקער מענטש, האָב אָן שום נויט צוגענומען געפונען געלט און עס אַריינגעלייגט צו מיר אין בריוו־טאַש, דערצו נאָך האָב איך דאָס געטון מיט אַ גיריקער פרייד, מיט אַ חשק, וואָס קאָן מיט קיין זאַך נישט אַנטשולדיקט ווערן. איך, וואָס בין נאָך מיט אַ שעה צוריק געווען אַן אנשטענדיקער, פיינער מענטש, האָב גערגנבעט. איך בין אַ גנב. און עפּעס ווי זיך אַליין איבערצושרעקן, האָב איך מיר האַלב אויפן קול אַרויסגעזאָגט די מיינונג וועגן זיך. בעת דער וואָגן איז אַזוי פּאַמעלעך געפאָרן, האָב איך, נישטווילנדיק צופּאַסנדיק זיך צום ריטם פון די קלאַען־קלעפּ, אַרויסגערעדט: „גנב! גנב! גנב!"

אָבער מאָדנע, ווי זאָל איך באַשרייבן, וואָס דאַן איז געשען. עס איז עפּעס אַזוי אומדערקלערלעך, אַזוי משונהדיק, און דאָך ווייס איך, אַז דאָס אַלץ איז נישט מיינס קיין פאַלש פאַנ־טאַזיע־בילד. יעדע רגע פון מיין געפיל, יעדער ציטער פון

מיין געדאַנק אין יענע אויגנבליקן איז פּאַר מ״ר קלאָר מיט אַזאַ איבערנאַטירלעכער דייטלעכקייט, ווי קיין שום איבערלעבונג פון מיינע זעקס און דרייסיק יאָר, און דאָך פאַרמאָג איך קוים די דרייסטקייט איבערצוגעבן דעם דאָזיקן אבסורדישן פּרטים־סדר, ראָס דאָזיקע משונהדיקע וואַקלעניש פון מיין געפיל, נאכמער — איך ווייס נישט, אויב ס׳געפינט זיך אַזאַ דיכטער אָדער פּסיכאָ־לאָג, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין דאָס אַלץ לאָגיש צו דערקלערן. איך קאָן נאָר בלויז אויפצייכנען די פּרטים, גאַנץ געַנוי, לויט דעם סדר, ווי זיי זענען פאָרגעקומען. אַלזאָ: איך האָב מיר געזאָגט „גנב, גנב, גנב״. דערנאָך איז אָנגעקומען אַ זייער מאָדנער, עפּעס ווי אַ פּוסטער אויגנבליק, אַן אויגנבליק, אין וועלכן ס׳איז גאָרנישט פאָרגעקומען, אין וועלכן — אָך, ווי שווער עס איז דאָס דאָזיקע אויסצודריקן — אין וועלכן איך האָב מיך בלויז צוגעהאָרכט, אין זיך אליין זיך אַריינגעהאָרכט. איך האָב מיך געהאַט אויפגעפּאָדערט, אָנגעקלאָגט, האָט אַצינד דער אָנגעקלאָגטער באַדאַרפט ענטפערן דעם ריכטער. איך האָב מיך אַלזאָ צוגעהאָרכט און — גאָרנישט איז געשען. דער בייטשן־שמיץ פונם וואָרט „גנב״, פון וועלכן איך האָב דערוואַרט, אַז איך וועל אויפציטערן און אריינפאַלן אין אַ גרענעצלאָזער, אין אַ צעטרעטנדיקער בושה, האָט אין מיר קיין זאַך נישט אויפגעוועקט. איך האָב געדולדיק געוואַרט עטלעכע מינוטן, דאַן האָב איך מיך עפּעס אַזוי ווי נענטער צוגעבויגן צו מיר אַליין— וואָרום איך האָב גאַנץ גוט געשפּירט, אַז אונטער דעם דאָזיקן עקשנותדיקן שווייגן וועקט זיך עפּעס — און זיך איינגעהאָרכט מיט אַ פיבערהאַפטער דערוואַרטונג אויף דעם זיך־פאַרזוימענדיקן אָפּקלאַנג, אויף דעם געשריי פון עקל, פון צאָרן, פון פאַרצווייפ־לונג, וואָס מוז נאָך דעם דאָזיקן זיך־אַליין באַשולדיקן אָנקומען. און ווידער איז קיין זאַך נישט פאָרגעקומען. ס׳האָט זיך קיין זאַך נישט אָנגערופן. איך האָב מיר נאָכאַמאָל געזאָגט דאָס וואָרט „גנב״, „גנב״, אַצינד שוין גאַנץ הויך אויפן קול, כדי ענדלעך אויפצוּוועקן אין מיר דאָס שווער־העריקע, דאָס געליימטע געוויסן. און עס איז ווידער נישט געקומען קיין ענטפער.

און פלוצלינג — גלייך ווי מיין מח וואָלט באַשטראַלט געוואָרן מיט אַ שאַרף בליץ־ליכט פון באַוווסטזיין, אַזוי ווי איינער צינדט אָן אַ שוועבעלע און באַלייכט אַ פינסטערן תהום — האָב איך דערפילט, אַז בלויז געוואָלט זיך שעמען האָב איך, אָבער זיך נישט געשעמט. פאַרקערט, איך האָב זיך גאָר אין יענעם תהום געפילט עפּעס געהיימניספול שטאָלץ, זאָגאַר באַגליקט פון דער דאָזיקער נאַרישער טאַט.

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? איך האָב מיך גע־ווערט, איצט שוין באמת דערשרעקנדיק זיך פאַר מיר אַליין, געגן דעם דאָזיקן אומגעריכטן געדאַנק, אָבער צו האַסטיק, צו ווילד האָט אויפגעבּרויזט אין מיר דאָס דאָזיקע געפיל. ניין, דאָס איז נישט געווען קיין בושה, קיין פאַרדרוס, קיין עקל צו זיך אליין אָט יענץ געפיל, וואָס האָט אַזוי וואַרם אויפגעבּרויזט אין מיין בלוט — דאָס איז געווען פרייד, פאַרשפּורטע פרייד, וואָס האָט אין מיר אויפגעפלאַקערט און געפינקלט מיט העלע פלאַ־מען פון ווילדער צעלאָזנקייט, וואָרום איך האָב געשפּירט, אַז אין יענע מינוטן בין איך צום ערשטן מאָל נאָך אַזוי פיל יאָרן באמת געווען אַ לעבעדיקער מענטש, אַז מיין געפיל איז בלויז געווען געליימט, אָבער נישט אָפּגעשטאָרבן און אַז ערגעץ אונ־טער דער פאַרשאָטענער אויבערפלאַך פון מיין גלייכגילטיקייט האָבן נאָך סודותפול געשלאָגן יענע הייסע קוואַלן פון ליידנ־שאַפט און אַצינד, באַרירט פונם צופאַלס צויבער־שטעקעלע, האָבן זיי אַ שפּריץ געטון הויך ביז צו מיין האַרץ. הייסט עס אַז אויך אין מיר, אינם דאָזיקן שטיק אָטעמענדיקן וועלטאַל, גליט נאָך יענער סודותדיקער וווּלקאַנישער קערן, וועלכער שטעקט אין אלעם ערדישן, יענער קערן, וואָס רייסט זיך טייל מאָל אַרויס אויף דער אויבערפלאַך דורך ווירבלענדיקע אויס־בּרוכן פון ליידנשאַפטלעכע באַגערן; הייסט עס, אַז אויך איך לעב, אויך איך בין אַ לעבעדיקער מענטש מיט בייזע און הייסע באַגערן. אין מיר איז עפּעס אַ טיר אויפגעריסן געוואָרן דורכן שטורם פון דער דאָזיקער ליידנשאַפט, אַ תהום האָט זיך צעעפנט טיף אין מיר, און איך האָב אַראָפּגעקוקט מיט אַ הנאהדיקן

קאָפּ־שווינדלען אין דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן תהום אין מיר, וואָס האָט מיך צוגלייכער צייט אָנגעפילט מיט שרעק און גליק. און ביסלעכווייז — אין דער צייט, וואָס דער וואָגן האָט מיין אין חלומות פאַרזונקענעם קערפּער פּאַמעלעך געטראָגן דורך דער בירגערלעך־געזעלשאַפטלעכער וועלט — האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזט, שטאַפּל נאָך שטאַפּל, אין דער טיפעניש פון דעם מענטשלעכן אין מיר, איך האָב מיך געלאָזט גאַנץ אַליין איבער דעם דאָזיקן שטילן תהום־שטעג, בלויז נאָר באַלויכטן דורך דעם הויך־דערהויבענעם העלן פאקל פון מיין פּלוצלינג אָנגעצונדענעם באַוווסטזיין. און אין דער צייט, וואָס ארום מיר האָט געברויזט די כוואַליע פון טויזנטער לאַכנדיקע און פּלוידערנדיקע מענטשן, האָב איך געזוכט אין מיר מיך, דעם פאַרלוירענעם מענטשן און האָב שוין לאַנג פאַרגאַנגענע יאָרן ווידער געפונען אויף דעם מאַגישן שטעג פון דערינערונג. פון די פאַרשטויבטע און מטושטש געוואָרענע בילדער פון מיין לעבן זענען פּלוצלינג אויפגעשווו־מען שוין לאַנג פאַרגעסענע זאַכן. איך האָב מיך דערמאנט, אַז איך האָב שוין איינמאָל, זייענדיק נאָך אין שול, צוגעגנבעט ביי אַ חבר אַ טאַשנמעסערל און מיט דער זעלבער טייוולאָנישער פרייד צוגעקוקט, ווי ער זוכט עס אַרום. אומעטום און פרעגט אַלעמען אויס. עס איז מיר מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן דער סודותדיקער ציטער פון טייל סעקסועלע שעהן, עס איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז מיין ליידנשאַפט איז בלויז געווען פאַר־קריפּלט, צעטרעטן דורך געזעלשאַפטלעכע השגות, דורך דעם הערשער־אידעאַל פון דזשענטעלמייט — און אַז אין מיר אָבער, גאַנץ טיף אין מיר, אונטער פאַרשאָטענע ברונעמס און קאַנאַלן שלאָגן הייסע שטראָמען פון לעבן, פּונקט אַזוי ווי ביי אַלע אַנדערע. אָ, איך האָב שטענדיק געלעבט, אָבער איך האָב נישט געוואַגט צו לעבן, איך האָב מיך איינגעשרומפּן און באַהאַלטן פאַר מיר אַליין: אַצינד אָבער האָט די צוזאַמענגעדריקטע קראַפט אויפגעריסן, דאָס לעבן, דאָס רייכע, דאָס אומגעהויער געוואַל־טיקע האָט מיך איבערגעוועלטיקט, און איך האָב דערפילט, אַז איך בין נאָך באַהעפט דערין; מיט דער פריידיקער פאַרבליפט־

קייט פון אַ פרוי, וואָס דערשפירט צום ערשטן מאָל אין זיך ראָס קינד צאַפּלען, האָב איך עמפּינדן אין מיר דאָס שפּראָצן פון דעם ווירקלעכן — ווי זאָל איך עס אַנדערש אָנרופן — פון דעם אמתן, פון דעם אומפאַרשטעלטן לעבן, איך האָב גע־פילט — איך שעם זיך פּשוט, אַזאַ וואָרט אויפצושרייבן — אַז איך, דער אָפּגעשטאָרבענער מענטש, הויב אָן מיטאַמאָל ווידער צו בליען, אַז דורך מיינע אָדערן שטראָמט רויט און אומרויק בלוט, אַז מיין געפיל הויבט ביסלעכווייז אָן זיך פונאַנדערצע־שפּרייטן און איך וואַקס אויס צו אַן אומבאַקאַנטער צייטיקער פּרי פון זיסקייט אָדער ביטערניש. דאָס טאַנהייזער־נס איז מיט מיר געשעען אין מיטן העלן טאָג אויף אַ געיעג־פּלאַץ, צווישן טומל פון טויזנטער ליידיקגייערישע מענטשן: איך האָב ווידער אָנגעהויבן צו פילן, דער פאַרדאַרטער שטאַם האָט ווידער אָנ־געהויבן צו גרינען און אַרויסלאָזן קנאָספּעס.

פון אַ פאַרבייפאָרנדיקן וואָגן אַרויס האָט עפּעס אַ הער צו מיר געגריסט און אויסגערופן — איך האָב אַ פּנים תחילת נישט באַמערקט זיין גריסן — מיין נאָמען. איך האָב אויפגע־ציטערט אַ ברוגזער, אַ בייזער, וואָס איך בין געשטערט גע־וואָרן אינמיטן דעם דאָזיקן זיס־טריפנדיקן צושטאַנד, אינמיטן דעם טיפסטן חלום, וואָס איך האָב ווען עס איז איבערגעלעבט. נאָר דער בליק, וואָס איך האָב געוואָרפן אויף דעם גריסנדיקן, האָט מיך אינגאַנצן אַוועקגעריסן פון מיר אַליין: דאָס איז געווען מיין פריינט אַלפאָנס, אַ ליבער שול־חבר און איצט אַ פּראָקוראָר. מיטאַמאָל איז מיר דורכגעלאָפן אַ ציטער: דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט דיך אזוי ברידערלעך באַגריסט, האָט אַצינד צום ערשטן מאָל אַ מאַכט איבער דיר. ער וואָלט באַלד געקריגן רשות איבער דיר, ווי באַלד ער וואָלט געוווּסט דיין פאַרברעך. ווען ער זאָל וויסן וועגן דיין טאַט, וואָלט ער דיך געמוזט אַרויסשלעפּן פונם דאָזיקן וואָגן, אַוועקנעמען פון דער וואַרעמער בירגערלעכער עקזיסטענץ און אַראָפּשטויסן אויף דריי אָדער פינף יאָר אין דער פאַרשטיקטער וועלט הינטער קראַטן־פענסטער, צום פּסולת פון לעבן, צו די אַנדערע גנבים,

וואָס נאָר די בייטש פון דחקות האָט זיי אַריינגעטריבן אין יענע שמוציקע חדרים. אָבער דער דאָזיקער פחד האָט בלויז נאָר איין רגע לאַנג מיט אַ קעלט מיך אָנגעכאַפּט ביים געלענק פון מיין ציטערנדיקער האַנט, בלויז אויף איין רגע האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס האַרץ־שלאָגן — דערנאָך איז אויך דער דאָזיקער געדאַנק צעשמאָלצן געוואָרן אין אַ הייס געפיל, אין אַ פאַנטאַסטישן, עזותדיקן שטאָלץ, וועלכער האָט איצט גאוהדיק און שעור נישט מיט חוזק באַטראַכט אַלע מענטשן אַרום. ווי קאַלט וואָלט געוואָרן אויף אייערע ליפּן, האָב איך מיר געטראַכט, דער זיסער חברישער שמייכל, מיט וועלכן איר האָט מיך ווי אייערס געלייכן באַגריסט, ווען איר זאָלט האָבן אַן אַנונג וועגן מיר! ווי בלאָטע־ברעקלעך וואָלט איר אָפּגעטרייסלט מיין גרוס מיט אַ זיך מאוסנדיקער געערגערטער האַנט. אָבער נאָך איידער איר פאַרשטויסט מיך, האָב איך אייך שוין פאַרשטויסן: היינט נאָכמיטאָג האָב איך מיך אַרויסגעריסן פון אייער קאַלטער טרוקענער וועלט, אין וועלכער איך בין געווען אַ ראָד, וואָס האָט קלאַנגלאָז פונקציאָנירט אין דער גרויסער מאַשין, וואָס באַוועגט זיך אין איר אַקס און דרייט זיך נוצלאָז אַרום זיך אַליין — איך בין אַראָפּגעפאַלן אין אַ תהום, וועלכן איך קען נישט, אָבער אין דער דאָזיקער איינער שעה בין איך געווען לעבעדיקער, ווי אין אַלע יענע גלעזערנע יאָרן אין אייער קרייז. איך געהער שוין נישט מער צו אייך, איך געפין מיך אַצינד ערגעץ־וווּ אין דרויסן, אויף אַ הויכקייט אָדער אין אַ טיפעניש, אָבער בשום אופן שוין נישט אויפן פלאַכן ברעג פון אייער בירגערלעכן ווױלשטאַנד. צום ערשטן מאָל האָב איך דערפילט דאָס גאַנצע עשירות פון פאַרלאַנגען, סיי גוטע סיי בייזע, וואָס שטעקט אינם מענטש, אָבער איר וועט קיינמאָל נישט וויסן, וווהין איך האָב דערגרייכט. איר וועט מיך קיינמאָל נישט קענען: מענטשן, וואָס ווייסט איר פון מיין סוד!

איך בין נישט אימשטאַנד אויסצודריקן, וואָס איך האָב געפילט אין יענער שעה, בעת איך, אַן עלעגאַנט געקליידטער דזשענטעלמאַן, בין דורכגעפאָרן צווישן די רייען פון וואָגנס

מיט . אַ קאַלטן אויסדרוק אויפן פּנים גריסנדיק און צוריקענט־
פערנדיק אויף באַגריסונגען. וואָרום אין דערזעלבער צייט, וואָס
מיין מאַסקע, דער אויסערלעכער, דער פריערדיקער מענטש, האָט
נאָך געפּילט און דערקענט פּנימער, האָט אינעווייניק אין מיר
געראַשט אַזאַ שכרותדיקע מוזיק, אַז איך האָב מיר געמוזט אַ כּח
אָנטון, כּדי נישט אויסצושרייען עפּעס פונם דאָזיקן שטורמישן
געטומל. איך בין געווען אַזוי פול מיט געפיל, אַז די דאָזיקע
אינערלעכע איבערגעלאַדנטקייט האָט מיך פיזיש געקוועלט, און
איך האָב געמוזט פונקט ווי איינער, וואָס שטיקט זיך, שטאַרק
דריקן די האַנט צו דער ברוסט, אונטער וועלכער דאָס האַרץ
האָט ווייטיקדיק געציטערט. אָבער ווייטיק, פאַרלאַנגען, שרעק,
גרויל אָדער באַדויערן, קיין זאַך פון דעם אַלעם האָב איך נישט
געפּילט באַזונדער און אָפּגעריסן, נאָר אַלץ איז געוואָרן צוזאַ־
מענגעשמאָלצן, איך האָב בלויז געשפּירט, אַז איך לעב, אַז איך
אָטעם און פיל. און דאָס דאָזיקע פּשוטסטע, דאָס דאָזיקע
נאַטירלעכע געפיל, וואָס איך האָב שוין זינט יאָרן נישט עמ־
פינדן, האָט מיך פאַרשכורט. אין די אַלע זעקס און דרייסיק
יאָר פון מיין לעבן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַפילו
איין רגע, וואָס דאָס געפיל, אַז איך לעב, זאָל מיך אַריינברענ־
גען אין אַזאַ עקסטאַז, ווי אין משך פון יענער שעה

דער וואָגן האָט זיך מיט אַ לייכטן טרייסל אָפּגעשטעלט:
דער קוטשער האָט איינגעהאַלטן די פערד, זיך אויסגעדרייט פון
זיין זיץ־פּלאַץ און געפרעגט, אויב ער זאָל פאָרן אַהיים. איך
האָב מיך אויפגעכאַפּט פון מיינע מחשבות און געוואָרפן אַ בליק
איבער דער אַלעע: אַ פאַרבליפטער האָב איך באַמערקט, ווי
לאַנג איך בין געווען פאַרזונקען אין חלומות, וויפיל שעהן די
שכרות האָט מיך באַהערשט. עס איז שוין געווען פינסטער,
אַ לייכט חינטל האָט געבויגן די קעפּ פון די בוימער, די
קאַשטאַנען האָבן אָנגעהויבן אויסצוהויכן זייערע אָוונט־ריחות אין
דער קילער לופט אַריין. און הינטער די בוימער־שפּיצן האָט
זיך שוין געזילבערט אַ פאַרשלייערטער בליק פון דער לבנה.
ס'איז געווען גענוג, איבערגענוג. אָבער נאָר נישט אַהיימפאָרן

איצט נאָר נישט קומען איצט אין דער צוגעוווינטער סביבה! איך האָב באַצאָלט דעם קוטשער. בעת איך האָב אַרויסגענומען די בריוועטאַש און ציילנדיק אָנגענומען די אָסיגנאַציעס צווישן די פינגער, איז מיר עפּעס ווי אַ לייכטער עלעקטרישער שטראָם דורכגעלאָפן פון דעם האַנט-געלענק ביז אין די פינגער-שפּיצן: ס'האָט נאָך אַפּנים געמוזט וואַך זיין אין מיר עפּעס פון דעם פריערדיקן מענטש, וועלכער האָט זיך געשעמט. דאָס אָפּשטאַרבנדיקע דזשענטעלמענגעוויסן האָט זיך נאָך גסיסהדיק גערירט, אָבער באַלד האָט מיין האַנט ווידער זאָרגלאָז געבלעטערט אין דעם געגנבעטן געלט און פאַר פרייד בין איך געוואָרן פרייגיביק. דער קוטשער האָט געדאַנקט אַזוי גוזמאדיק, אַז איך האָב געמוזט שמייכלען: ווען דו זאָלסט וויסן! די פערד האָבן גערירט פון אָרט, דער וואָגן איז אַוועק-געפאָרן. איך האָב אים נאָכגעקוקט, ווי מען קוקט אַרויס פון שיף צו דעם ברעג, אויף וועלכן מען איז געווען גליקלעך.

אַ רגע לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען פאַרחלומט און אָפּ-הענטיק צווישן דעם פלוידערנדיקן, לאַכנדיקן, מיט כוואַליעס מו-זיק באַגאָסענעם המון: סאיז געווען אַן ערך זיבן אַ זייגער, און נישט ווילנדיק האָב איך מיך געלאָזט גיין אַנטקעגנאיבער צום גאָרטן, ווו איך פלעג געוועגלעך תמיד נאָכן דורכפאָרן זיך אין פראַטער עסן אין געזעלשאַפט פון באַקאַנטע און נעבן וועלכן דער פיאַקער האָט זיך דאָ איצט בכיון אָפּגעשטעלט. אָבער ווי נאָר איך האָב באַרירט דאָס טיר-הענטל ביי דער דראָט-פאַרצוימונג, וואָס אַרום דעם עלעגאַנטן גאָרטן-רעסטאָראַן, איז מיך פלוצלינג באַפאַלן אַ צוריקהאַלט: ניין, איך האָב נאָך נישט געוואָלט צוריקגיין אין מיין וועלט אַריין, איך האָב נישט געוואָלט, אַז די דאָזיקע ווונדערלעכע אויפטרייסלונג, וואָס האָט מיך סודותדיק אָנגעפולט, זאָל אָפּגעשווענקט ווערן אין די פוס-טע געזעלשאַפט-שמועסן, איך האָב מיך נישט געוואָלט שיידן מיט דעם פינקלענדיקן כשוף פון דער פאַסירונג, וואָס האָט מיך שוין גאַנצע שעהן געהאַלטן געבונדן.

פון ערגעץ-ווו האָבן זיך דערטראָגן פאַרטוויבטע צעשווי-מענע טענער פון מוזיק, און נישט ווילנדיק האָב איך מיך גע-

דאָס נאָכגיין די דאָזיקע קלאַנגען, וואָרום אַלדינג האָט מיך היינט געריצט. איך האָב געפילט דערין אַן הנאה, זיך איבערצוגעבן דעם צופאַל, און דאָס דאָזיקע אומקלאָרע געטריבן ווערן צווישן אַ ווייך־שטראָמענדיקן מענטשן־המון האָט געהאַט אין זיך אַ פאַנטאַסטישן רייץ. מיין בלוט האָט אויפגעברויזט אין דער דאָזיקער געדיכטער אויסגעמישטער בריי פון דער הייסער מענטשן־מאַסע: אַלץ אין מיר איז מיטאַמאָל געוואָרן אָנגעשטרענגט, עמפינדלעך, וואַך מיט אַלע מיינע חושים פונם דאָזיקן שאַרף־בייסיקן ריח פון מענטשן־אָטעם, שטויב, שווייס און טאַבאַק. וואָרום דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך מיר פריער, ערשט נאָך נעכטן אַפילו, אויסגעוויזן מאוס, געמיין און פלעבעיש און מיך אָפּגעשטויסן, אַלץ, וואָס דער עלעגאַנטער דזשענטעלמאַן אין מיר האָט דאָס גאַנצע לעבן לאַנג גאָוהדיק אויסגעמיטן, דאָס האָט אַצינד מיין נייעם אינסטינקט מאגיש געצויגן, גלייך ווי איך וואָלט אין דעם חיהשן, אין דעם אומגעשליפענעם, אין דעם געמיינעם עמפינדן אַ קרובהשאַפט מיט מיר אַליין. דאָ אין פסולת פון דער שטאָט, צווישן זעלנער, דינסטמיידלעך, שלעפּערס, האָב איך מיך עפּעס אויף אַ געוויסן אופן, וואָס איז מיר אַליין געווען אומפאַרשטענדלעך, געפילט גוט: איך האָב איינגעזויגן אין מיר די שאַרפע בייסיקייט פון דער דאָזיקער לופט עפּעס מיט אַ מין גיריקייט, דאָס ווערן געשטופּט און געדריקט אין אַ צוזאַמענגעקנוילטן המון, איז מיר געווען אַנגענעם, און איך האָב מיט אַן הנאהדיקער נייגעריקייט געוואַרט, ווהין די דאָזיקע שעה וועט מיך, דעם ווילנלאָזן פאַרטראָגן. דאָס טראָמייטערן און פויקן פון דער פּראַטער־מוזיק האָט זיך געלאָזט הערן וואָס אַמאָל נענטער, די קאַטאַרינקעס האָבן עפּעס מיט אַ מין פאַנאַטישער איינטעניקייט אויסגעקלאַפּט האַרטע פּאָלקעס און גרימפּלענדיקע וואַלצערס און גלייכצייטיק האָט זיך פון די בודעס געלאָזט הערן אַ קנאַקעריי פון פאַרטויבטע קלעפּ, פאַרשטיקטע געלעכטערס, גרילצנדיקע פאַרשכורטע קולות, און באַלד האָב איך אויך דערזען די קאַרוזעלע פון מיינע קינדער־יאָרן מיט שווינדלדיקע פייערלעך זיך דרייען צווישן די בוימער. איך

בין געבליבן שטיין אויפן מיטן פּלאַץ און געלאָזט אַריינדרינגען אין מיר דאָס גאַנצע געפּילדער, פול אָנזאַפּן מיר אויגן און אויערן: דער דאָזיקער ברוינזנדיקער ליאַרם, דאָס טייוולאָנישע פונם דאָזיקן מיש־מאַש האָט מיר פאַרשאַפט הנאה, וואָרום אינם דאָזיקן געווירבל האָט געשטעקט אַזעלכעס, וואָס האָט פאַרהילכט אין מיר מיין אינערלעכן פּלאָנטער. איך האָב צוגעקוקט, ווי דינסטמיידלעך הושטעווען זיך מיט פונאַנדערגעבלאָזענע קליידער, ווי זיי לאָזן זיך אַרויפשליידערן ביז צום הימל, אַרויסלאָזנדיק דערביי הילכיקע הנאה־געשרייען, וועלכע האָבן זיך ווי פון זייער געשלעכט אַרויס אויסגעדאַכט צו קומען. איך האָב צוגעזען, ווי די קצבים־יונגען לאָזן לאַכנדיק אַראָפּ שווערע קלעפּ אויף די כח־מעסטערס, ווי אויסרופער מיט הייזעריקע שטימען און מאַלפּישע הועיות שרייען איבער דעם ליאַרם פון די קאַטאַרינ־קעס, און ווי דאָס אַלדינג מישט זיך צונויף מיט דער טויזנט־קולותדיקער, אומאויפהערלעך פולסירנדיקער עקזיסטענץ פון דעם המון, וועלכער איז באַרוישט פון דער שכרותדיקער מוזיק, פון דעם בלינצלען פון די פייערלעך און פון זיין אייגענעם וואַר־מען חשק זיך צו האַלטן צוזאַמען. זינט איך בין אַליין ווידער אויפגעלעבט געוואָרן, האָב איך מיטאַמאָל דערשפּירט דאָס לעבן פון אַנדערע, איך האָב געשפּירט די היץ פון דער מיליאָנען־שטאָט, ווי זי האָט זיך הייס און אָנגעלאָדנט צעגאָסן אין די עטלעכע שעהן פונם זונטיקדיקן טאָג, ווי זי האָט דורך דער אייגענער איבערפולטקייט זיך אויפגערייצט צו אַ פאַרטויבטן, חיהשן, נאָר דאָך אַ מין געזונטן און נאַטירלעכן גענוס. און ביסלעכווייז האָב איך פון דער כסדרדיקער באַרירונג מיט זייע־רע הייסע, ליידנשאַפטלעך זיך דרענגענדיקע קערפּערס דערשפּירט, ווי זייער וואַרעמע תאוה טראָגט זיך איבער אויך אויף מיר: מיינע נערוון, אויפגערייצט דורך דעם שאַרפן ריח, זענען גע־וואָרן אָנגעשטרענגט, מיינע חושים האָבן קאָפּ־שווינדלענדיק זיך געשפּילט מיט דעם געפּילדער און דערביי עמפּינדן יענע פאַרפּלאָנטערטע באַטויבונג, וואָס מישט זיך אומפאַרמיידלעך צו־נויף מיט יעדן שטאַרקן חשק. צום ערשטן מאָל זינט יאָרן,

אפשר גאָר בכלל אין מיין לעבן, האָב איך געשפּירט די מאַסע, די מענטשן ווי אַ מאַכט, פון וועלכער ס'האָט זיך איבערגעטראָגן גליסטונק אין מיין אייגן, אָפּגעשלאָסן וועזן: עפּעס אַ מין דאַמבע איז צעריסן געוואָרן, פון מיינע אָדערן איז געגאַנגען אַ שטראָם אין יענער וועלט אַריין און פון דאָרט ריטמיש ווידער צוריקגעשטראָמט, און מיך איז באַפאַלן אַ גאַנץ נייער גיריקער פאַרלאַנג, אָפּצורייסן נאָך די לעצטע שאָל צווישן מיר און זיי, אַ ליידנשאַפטלעכער באַגער, צו באַהעפטן זיך מיט דער דאָזיקער הייסער, פרעמדער, זיך דרענגענדיקער מענטשהייט. מיט דער גליסטונק פון אַ מאַן האָב איך באַגערט צו דעם מיט קוואַלן שטראָמענדיקן שויס פונם דאָזיקן ריזן-קערפּער, מיט דער גליסטונק פון אַ פרוי בין איך געווען אָנגעברייט צו יעדער באַרירונג, צו יעדן רוף, צו יעדן רייץ, צו יעדער ארומארמונג — און אָט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אין מיר איז געווען ליבע און אַ באַדערפעניש נאָך ליבע, פונקט ווי אין די בין-השמשות-דיקע יינגל-טעג. אָ, נאָר אַריין, אַריין אין דעם לעבן, אויף וועלכן ס'איז אופן פאַרבונדן זיין מיט דער דאָזיקער ציטערנדיקער, לאַכנדיקער, אויפברויזנדיקער ליידנשאַפט פון די אַנדערע, גאָר אַריינשטראָמען, זיך צונויפגיסן מיטן שטראָם פון זייערע אָדערן; גאַנץ קליין, גאַנץ נאַמענלאָז ווערן אינם דאָזיקן מיש-מאַש, אַ ברעקל בלויז זיין אינם שמוץ פון דער וועלט, אַ פון תּאווה-ציטערנדיק, פינקלענדיק בריאהלע אינם זומפּ פון די אַנדערע מיריאַדן — אָבער נאָר אַריין אין דעם דאָזיקן תּהום, אַראָפּ אין דעם געווירבל, ווי אַ פייל זיך לאָזן אויסשיסן דורך מיין אייגענער געשפּאַנטקייט אין דעם אומבאַקאַנטן אַריין, אין עפּעס אַ בשתּפותדיקן הימל.

אַצינד פאַרשטיי איך עס: איך בין דעמאָלט געווען פאַרשכורט. אין מיין בלוט האָט געברויזט אַלץ צוזאַמען: דאָס קלינגערייַ פון די קאַרוזעל-גלאָקן, דאָס פיינע גלוסטיקע פרויען-געלעכטער, וואָס האָט אַרויסגעשפּריצט דורך דער צודרינגלעכער באַרירונג פון די מענער, די כאַאָטישע מוזיק, די שעמערירנדיקע קליידער. יעדער איינציקער קלאַנג איז שאַרף

אַריינגעדרונגען אין מיר און האָט דערנאָך נאָכאַמאָל רויט און ציטערנדיק פאַרבייגעבליצט פאַר מיינע שלייפן, איך האָב גע־שפּירט יעדע באַרירונג, יעדן בליק מיט אַ פאַנטאַסטישער אויפ־געריייצטקייט פון די נערוון (אַזוי ווי בשעת דער ים־קראַנקהייט), נאָר אַלץ צוזאַמענגעמישט אין אַ מטושטשדיקער שייכות. איך בין נישט בכּח מיין דעמאָלטיקן קאָמפּליצירטן צושטאַנד אויס־צודריקן מיט ווערטער, גיכער קאָן זיך מיר שוין דאָס איינגעבן דורך אַ פאַרגלייך: אויב איך וועל זאָגן, אַז איך בין געווען איבערפולט מיט געררויש, ליאַרם, געפּיל, שטאַרק אָנגעהייצט ווי אַ מאַשין, וואָס לויפט משוגענערווייז מיט אַלע רעדער, כּדי צו אנטרינען פון דעם געוואַלטיקן דרוק, וואָס מוז איר אין אַ רגע אַרום דעם ברוסט־קעסל אויפרייסן. דאָס אָנגעגליטע בלוט האָט מיר געציקט אין די פינגער־שפּיצן, עס האָט מיר געקלאַפּט אין די שלייפן, געשטיקט אין דער קעל — נאָך לאַנגע יאָרן פון געפּיל־קאַלטקייט בין איך מיטאַמאָל אריינגעפאַלן אין אַ פיבער, וואָס האָט מיך פאַרברענט. איך האָב געפילט, אַז איך מוז מיך אַצינד אויפעפענען, איך מוז אַרויס פון מיר, מיט אַ וואָרט, מיט אַ בליק, איך מוז מיך לאָזן הערן, זיך לאָזן אויסשטראָמען, מיך אַוועקגעבן, מיך איבערגעבן, מיך הפקר מאַכן, מיך אויפשליסן— אויף אַ וועלכן ס'איז אופן זיך ארויסראַטעווען פון דער דאָזיקער האַרטער שאָל פון שווייגן, וואָס טיילט מיך אָפּ פון דעם וואַר־מען, פלייצנדיקן, לעבעדיקן עלעמענט. שוין שעהן לאַנג האָב איך נישט גערעדט מיט קיינעם, קיינעמס האַנט נישט געדריקט, קיינעמס פרעגנדיקן אָדער מיטפילנדיקן בליק נישט געשפּירט — געווענדט צו מיינעם, און אָט איז דורכן דרוק פון די געשעע־נישן אַנטשטאַנען א בונט געגן דעם שטילשווייגן. קיינמאָל, קיינ־מאָל האָב איך נישט געהאַט אַזאַ שטאַרק באַדערפעניש זיך אַרויסצוזאָגן, אַ באַדערפעניש נאָך אַ מענטש, ווי איצט, באַוועגנ־דיק זיך צווישן טויזנטער און צענטויזנטער מענטשן, אַרום און אַרום באַגאָסן מיט וואַרעמקייט און רייד, און דאָך אָפּגעצוימט פון דעם דאָזיקן שנעל־לויפנדיקן, שפּעדיקן שטראָם. איך בין געווען ווי איינער, וואָס איז אויפן ים פאַרשמאַכט גע־

חאָרן פון דורשט. דערביי האָב איך געזעען, מיט יעדן בליק פאַרמערנדיק מיין פיין, ווי רעכטס און לינקס נעמען זיך יעדע רגע פרעמדע מענטשן אן איינער דעם אַנדערן און פאַראייניקן זיך, אַזוי ווי קיילעכלעך קוועקזילבער, וואָס שפּילן זיך כלומרשט און שמעלצן זיך צונויף. אַ קנאה איז מיך באַפאַלן, צוזעענדיק ווי יונגע בחורים פאַרפירן פאַרבייגייענדיק אַ שמועס מיט פרעמדע מיידלעך און נעמען זיי שוין באַלד נאָכן ערשטן וואָרט אונטערן אָרעם, ווי אַלץ זוכט זיך אויס און פאַראייניקט זיך; אַ באַגריסן זיך ביי דער קאַרוזעל, אַ פאַרביילויפיק אָנגעמאָסטענער בליק געניגט שוין, און פרעמדע וועזנס שמעלצן זיך צונויף אין אַ שמועס, אפשר כדי אין עטלעכע מינוט אַרום זיך ווידער צו צעשיידן, אָבער דאָך איז דאָס שוין געווען אַ פאַרבינדן זיך, אַ פאַראייניקן, אַ מיטטיילן, עס איז געווען דאָס, נאָך וועלכן אַלע מיינע נערוון האָבן איצט געברענט. איך אָבער, אַ געשיקטער אין געזעלשאַפטלעכע שמועסן, אַ באַליבטער פּלוידערער און גוט באַהאַוונט אין די מאַנירן, איך בין אָפּגעשטאָרבן פאַר מורא, האָב מיך געשעמט צו פאַרפירן אַ שמועס מיט עמעצן פון די דאָזיקע ברייט־טאַליעדיקע דינסטמיידלעך, אויס מורא, אַז זי קאָן מיך נאָך אויסלאַכן. איך האָב אַפילו אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אויב עמעצער האָט מיך צופעליק אָנגעקוקט, און דאָך האָב איך אינערלעך געחלשט נאָך אַ וואָרט. וואָס איך האָב געוואָלט פון די דאָזיקע מענטשן, איז מיר אַליין נישט קלאָר געווען, איך האָב אָבער שוין נישט געקאָנט לענגער אויסהאַלטן צו זיין אַליין און פאַרברענט צו ווערן פון מיין פיבער. אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף מיר, יעדער בליק האָט מיך אויסגעמיטן, קיינער האָט מיך נישט געוואָלט פילן. איינמאָל איז נאָענט נעבן מיר צוגעקומען אַ יינגל, אפשר פון צוועלף יאָר, אין אָפּגעריסענע מלבושים; אין זיינע אויגן האָט זיך שאַרף אָפּגעשלאָגן דער ליכט־אָפּשיין, אַזוי באַגערלעך האָט ער געגלאָצט אויף די פליענדיקע הילצערנע פערד. זיין קליין מויל איז געווען אָפן ווי לעכצנדיק: ער האָט משמעות נישט געהאַט קיין געלט, כדי צו פאָרן און האָט בלויז הנאהדיק

איינגעזויגן אין זיך די געשרייען און געלעכטערס פון די פּאַרנאַ־
דיקע. איך האָב מיך האַסטיק אַ לאָז געטון צו אים און גע־
פרעגט — אָבער פּאַרוואָס האָט דערבײַ מיין קול אַזוי געציט־
טערט? — „ווילט איר אפשר אויך פאָרן?" ער האָט אויף מיר
אַ גלאָץ געטון, זיך דערשראָקן — פּאַרוואָס? פּאַרוואָס? — ער
איז שטאַרק רויט געוואָרן און אַנטלאָפן. נישט אַרויסרעדנדיק
קיין וואָרט: אַ באָרוויס קינד אַפילו האָט נישט געוואָלט נהנה
זיין פון מיר: אין מיר האָט געמוזט זיין, אַזוי האָב איך גע־
פילט, עפּעס שרעקלעך פרעמדס, אַז איך האָב מיך אין ערגעץ
נישט געקאָנט צוגעפּאַסן, נאָר אין אָפּגעזונדערטער אין דער
געדיכטער מאַסע בין איך געשווומען, ווי אַ טראָפּן אייל אויף
דעם ברויזנדיקן וואַסער.

אָבער איך בין נישט אָפּגעשטאַנען: איך האָב שוין
נישט געקאָנט מער פאַרטראָגן אַליין צו זיין. די פיס האָבן
מיר געברענט אין די פאַרשטויבטע לאַק־שיך. די קעל איז מיר
געווען פאַרטרוקנט פון דעם שטויביקן טשאַד. איך האָב מיך
אַרומגעקוקט: רעכטס און לינקס צווישן די מענטשן־פאַרפלייצטע
גאַסן האָבן זיך געפונען קליינע אינזלען פון גרינס, גאַסטהייזער
מיט רויטע טישטיכער און נאַקעטע הילצערנע בענק, אויף וועל־
כע עס זענען געזעסן קליינבירגער איבער די גלעזער ביר און
מיט אַ זונטיקדיקן ציגאַר אין מויל. דאָס דאָזיקע בילד האָט
מיך צוגעצויגן; דאָ זענען פרעמדע מענטשן געזעסן צוזאַמען,
האָבן פאַרבונדן צווישן זיך אַ שמועס, דאָ איז געווען אַביסל
אָפּרו אינמיטן דעם ווילדן פיבער. איך בין אַריינגעגאַנגען, האָב
אַרומגעקוקט די טישן, ביז איך האָב מיך אָפּגעשטעלט נעבן
איינעם, ביי וועלכן ס'איז געזעסן אַ בירגערלעכע פאַמיליע,
אַ דיקער, פעסטגעבויטער האַנדווערקער מיט זיין פרוי, צוויי
מונטערע מיידלעך און אַ קליין יינגל. זיי האָבן צוגעשאָקלט
מיטן קאָפּ צום טאַקט, געשפּאַסט צווישנאַנאַנדער, און זייערע
צופרידענע, פרייליכע בליקן האָבן מיר פאַרשאַפט אַ הנאה. איך
האָב העפלעך באַגריסט, אָנגענומען א שטול און געפרעגט, צי
איך מעג מיך אַנידערזעצן. זייער געלעכטער איז גלייך איבער־

געריסן געוואָרן, זיי האָבן אַ רגע געשוויגן (גלייך ווי יעדער
וואָלט געוואַרט, אַז דער אַנדערער זאָל געבן די הסכמה), דער־
נאָך האָט די פרוי עפּעס ווי פאַרבליפט אַרויסגערעדט: „ביטע!
ביטע!" איך האָב מיך אַנידערגעזעצט און גלייך דערפילט, אַז
מיט מיין אַוועקזעצן זיך נעבן זיי האָב איך פאַרדאָרבן זייער
אומגעצוואונגענע שטימונג, וואָרום באַלד האָט זיך פונאַנדערגע־
שפּרייט אַרום טיש אַן אומהיימלעך שטילשווייגן. נישט דערוועגנ־
דיק זיך אויפצוהויבן די אויגן פונם רויט־געקעסטלטן טישטוך,
וואָס איז געווען פאַרשמירט מיט ברעקלעך זאַלץ און פעפער,
האָב איך געשפּירט, אַז אַלע באַטראַכטן מיך מיט פאַרוואונדערונג.
און עס איז מיר גלייך איינגעפאַלן — שוין צו שפּעט! — אַז
איך זע אויס צו עלעגאַנט פאַר דעם דאָזיקן פּשוטן גאַסטהויז
מיט מיין ספּאָרט־אַנצוג, מיטן פאַריזער צילינדער און מיט דער
פּערל אין מיין טויבן־גרויען קראַוואַט; אַז מיין עלעגאַנץ, דער
ריח פון לוקסוס האָט אויך דאָ גלייך אַוועקגעשטעלט פאַר מיר
אַ מחיצה פון פיינטלעכקייט און צעטומלטקייט. און דאָס דאָזיקע
שטילשווייגן פון די פינף מענטשן האָט וואָס אַמאָל טיפער
אַראָפּגעדריקט מיין קאָפּ אויפן טיש, אויף וועלכן איך האָב
מיט אַ פאַרביסענער פאַרצווייפלונג כסדר געהאַלטן אין איין
ציילן די רויטע קעסטלעך. די חרפה פלוצלינג צוריק אויפצו־
שטיין האָט מיך צוגעשמידט צום אָרט און די פּחדנות ווידער
האָט מיך נישט דערלאָזט אויפצוהויבן דעם געפּייניקטן בליק.
עס איז פאַר מיר געווען פּשוט אַ דערלייזונג, ווען דער קעל־
נער איז ענדלעך צוגעקומען און האָט אַוועקגעשטעלט פאַר מיר
דאָס שווערע גלאָז ביר. דאָ האָב איך ענדלעך געקאָנט אַ ריר
טון מיט אַ האַנט און בשעתן טרינקען וואַרפן בגנבה אַ בליק
איבערן גלאָז־ראַנד. ווירקלעך: אַלע פינף באַטראַכטן מיך,
הגם אָן שנאה, אָבער דאָך מיט אַ שטומע פאַרוואונדערונג. זיי
האָבן דערקענט, אַז איך האָב מיך מיט כח אַריינגעריסן אין
זייער גרויער וועלט. מיט דעם נאַיוון אינסטינקט פון זייער
קלאַס האָבן זיי געפילט, אַז איך בין דאָ עפּעס אויסן געווען,
אַז איך האָב דאָ עפּעס געזוכט, וואָס געהערט נישט צו מיין

װעלט, אַז נישט ליבע, נישט נייגונג, נישט דאָס פּשוטע פאַר־
געניגן פון װאָלצער, פון ביר, פונם בנעימותדיקן זונטיקדיקן
פאַרברענגען האָט מיך אַהערגעטריבן, נאָר עפּעס א באַגער,
װאָס זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען און צו װעלכן זיי האָבן זיך
באַצויגן מיט חשד, פּונקט אַזוי װי דאָס יינגל ביי דער קאַרוזעל
האָט זיך באַצויגן מיט חשד צו מיין מתנה, פּונקט װי די טויזנ־
טער נאָמענלאָזע דאָ אינדרויסן אינם טומל האָבן מיט אַן אומ־
באַװוסטזיניקער פיינטלעכקייט אויסגעמיטן מיין עלעגאַנץ און מיין
גרויסװעלטלעכקייט. און דאָך האָב איך געפילט: װען איך
זאָל זיך איצט קענען װענדן צו זיי מיט אַ פּשוט, האַרציק, מיט
אַן אמתדיק מענטשלעך װאָרט, װאָלט דער פאָטער, אָדער די
מוטער מיר געענטפערט, די טעכטער װאָלטן צופרידן צוגע־
שמייכלט, איך װאָלט געקאָנט גיין מיט דעם יינגל אין דער
קייגנאיבערדיקער בודע שיסן און קינדיש שטיפן מיט אים. אין
פינף, אין צען מינוט ארום װאָלט איך געװען דערלייזט פון
מיר אַליין, איינגעהילט אין דער תמימותדיקער אַטמאָספערע פון
בירגערלעכן געפּלוידער, געזן באַשענקט מיט צוטרוי — אָבער
דאָס דאָזיקע פּשוטע װאָרט, די התחלה פונם שמועס, איך האָב
עס נישט געקאָנט געפינען. א פאַלשע, א נאַרישע, אָבער אַן
איבערגעװועלטיקנדיקע חרפה האָט מיר געשטיקט די קעל, און
איך בין געזעסן ביים טיש נעבן די דאָזיקע פּשוטע מענטשן
מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן װי אַ פאַרברעכער, אַרומגענומען מיט
אַ פּיינלעך געפיל, װאָס איך האָב זיי מיט מיין אומדערטרעג־
לעכער געגנװאַרט פאַרשטערט די לעצטע זונטיקדיקע שעה. דאָס
דאָזיקע צוגעשמידטע זיצן איז געװען אַן אָפּקומעניש פאַר די
אַלע יאָרן פון גלייכגילטיקער גאווה, אין װעלכע איך בין פאַר־
בייגעגאַנגען פאַר טויזנטער אַזעלכע טישן, פאַר מיליאָנען ברי־
דערלעכע מענטשן, נישט װאַרפנדיק אַפילו קיין בליק אויף זיי,
זייענדיק בלויז באַשעפטיקט מיטן געדאַנק, צו געפינען חן און
דערפאָלג אין יענעם ענגן קרייז פון עלעגאַנץ; און איך האָב
געשפּירט, אַז איצט, אין דער שעה פון מיין פאַרשטויסן זיין
בעת איך נויטיק מיך אין זיי, איז דער גלייכער װעג, די פּשוטע

שפּראַך צו זיי פאַרמויערט פאַר מיר.

אַזוי בין איך, דער ביז נישט לאַנג פרייער מענטש, געזעסן אַ צעפּייניקטער און געקוועלטער, איינגעשרומפּן אין מיר אַליין, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל ציילנדיק די רויטע קעסטעלעך אויפן טישטוך, ביז דער קעלנער איז ענדלעך פאַרבייגעגאַנגען. איך האָב אים צוגערופן, באַצאָלט, אויפגעשטאַנען פון דעם קוים־אָפּגעזופּטן גלאָז ביר און העפלעך זיך געזעגנט. מען האָט מיר געענטפערט פריינטלעך און פאַרחדושט: איך האָב געוווּסט, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו, אַז אַצינד, ווי נאָר איך וועל זיין אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן, וועלן זיי ווידער אַריין אין דער פריילעכער שטימונג, דער וואַרעמער קרייז פון שמועס וועט זיך ווידער אָנקניפּן, ווי נאָר איך, דער פרעמדער אבר, וועל זיין באַזייטיקט.

איך האָב מיך ווידער אַריינגעוואָרפן, אַצינד נאָך גיריקער, הייסער און פאַרצווייפלטער אין דעם געווירבל פון מענטשן. דאָס ענגשאַפט איז דערווייל לויזער געוואָרן צווישן די בוימער, וואָס האָבן שוואַרץ אַרויפגעפלייצט צום הימל, אינם ליכט־קרייז פון דער קאַרוזעל איז שוין נישט געווען אַזאַ געדרענג און מיש־מאַש, בלויז שאָטנס האָבן אַרומגעפלאַטערט איבער די ראַנדן פונם פלאַץ. אויך דער ברויזנדיקער, טיפער, [illegible]יט תאווה־אָטעמענדיקער טאָן פונם המון איז צעבראָקלט געוואָרן אין אַ סך קליינע גערוישן, וועלכע פלעגן באַלד פאַרהילכט ווערן דורך דער ווילדער מוזיק, וואָס האט זיך נאָך פון צייט צו צייט געלאָזט הערן, ווי וועלנדיק נאָכאַמאָל צוריקציען די אַוועקגייענדיקע. אַנדערע מיני פּנימער זענען אַצינד אויפּגעשווומען: די קינדער מיט זייערע באַלאָנען און קאָנפעטי זענען שוין אַוועק אַהיים און די ברייטלעך־שפּאַצירנדיקע זוג־טיקדיקע פאַמיליעס זענען זיך צעגאַנגען. איצט האָבן זיך פון די זייטיקע אַלעען אַרויסגעשאַרט ליאַרמענדיקע שכורים, אָפּגעריסענע יונגען, וואָס האָבן זיך געשלייכט מיט וואַקלדיקע טריט, אָבער דאָך זוכנדיק עפּעס: דורך דער צייט, וואָס איך בין אַ צוגעשמידטער געזעסן ביים פרעמדן טיש, איז דאָ דערווייל

אין דער דאָזיקער משונהדיקער וועלט אַרויפגעשווומען דאָס מער נידריקע. אָבער גראָד די פּאָספּאָרישע אַטמאָספערע פון פרעכהייט און סכנה איז מיר עפּעס אויף אַ געוויסן אופן בעסער געפעלן, איידער די בירגערלעך-זונטיקדיקע פון פריער. דער אויפגערייצטער אינסטינקט אין מיר האָט דאָ דערשפּירט אַן ענלעכע געשפּאַנטקייט פון באַגער, איך האָב זיך אַליין געפילט אָפּגעשפּיגלט אין דעם ארומשלאַנדערן זיך פון די דאָזיקע רעט-זעלהאַפטיקע געשטאַלטן, פון די דאָזיקע אַרויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט. אויך זיי לויערן דאָך דאָ מיט אַן אומרויקער דערוואַרטונג אויף אַ שטאַרקער געשעעניש, אויף אַ פּלוצלינגדי-קער פאַרשפּורונג, און אַפילו זיי, די דאָזיקע אָפּגעשליסענע חברהלייט, האָב איך מקנא געווען מיט דעם אָפּענעם, פרייען אופן פון זייער אַרומשלעפּן זיך; וואָרום איך בין געשטאַנען נעבן אַ קאַרוזעל-סלופּ מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, מיט אַן אומגע-דולדיקן פאַרלאַנג אַראָפּצושליידערן פון מיר די לאַסט פון שווייגן, די פּיין פון מיין איינזאַמקייט און בין דאָך נישט אימ-שטאַנד געווען זיך אַ ריר צו טון, א קלאַנג אַרויסצולאָזן, אַ וואָרט אויסצורעדן. איך בין בלויז געשטאַנען און געגלאצט איבערן פּלאַץ, וועלכער איז געווען באַלויכטן דורכן ציקנדיקן רעפלעקס פון די שווינדלדיקע קאַרוזעל-פייערלעך, איך בין גע-שטאַנען און געגלאצט פון מיין ליכט-אינזל אין דער פינסטער-ניש אַריין, מיט אַ גולמדיקער דערוואַרטונג באַקוקנדיק יעדן איינעם, וואָס איז צוגעצויגן געוואָרן דורכן שאַרפן ליכט און אויף אַ רגע צוגעקומען אַהער. אָבער יעדעס אויג האָט זיך קאַלט דורכגעגליטשט פאַרביי מיר. קיינער האָט מיך נישט געוואָלט, קיינער האָט מיך נישט דערלייזט.

איך ווייס, אַז ס'וואָלט געווען אַן אומזין, צו וועלן פאַר עמעצן שילדערן אָדער גאָר פאַרשטיין צו געבן, אַז איך, אַ קולטורע-לער עלעגאַנטער מאַן פון דער געזעלשאַפט, רייך, אומאָפּהענגיק, באַפריינדעט מיט די אָנגעזעענסטע פון אַ מיליאָנענשטאָט, בין אָפּגעשטאַנען אין יענער נאַכט אַ גאַנצע שעה ביים סלופּ פון אַ דעטאַנירט-קוויטשענדיקער, האַסטיק זיך דרייענדיקער פראַטער-

קאַרוזעל, צוואַנציק, פערציק, הונדערט מאָל אויסגעהערט די זעלבע גרילצנדיקע פּאָלקע, דעם זעלבן צעצויגענעם וואַלצער און די זעלבע אידיאָטישע פערד־קעפּ פון באַמאַלט האָלץ אָנגעקוקט און נישט געריררט זיך פון אָרט, צוליב עפּעס אַ פאַרביסענער עקשנות, צוליב אַ מאַגיש געפיל, אַז איך וועל צווינגען דעם גורל נאָכצוגיין מיין ווילן. איך ווייס, אַז איך האָב אין יענער שעה געהאַנדלט זינלאָז, אָבער אין דער דאָזיקער זינלאָזער עקשנות האָט געשטעקט אַ געשפּאַנטקייט פון געפיל, אַ שטאַלערן צוזאַמענקורטשען אַלע מוסקולן, ווי מענטשן פילן עס אפשר בלויז בשעתן אַראָפּפאַלן אין אַ תהום, אַ רגע פאַרן טויט; מיין גאַנץ פּוסט־פאַרבייגעלאָפן לעבן האָט זיך פלוצלינג ווי אַ כוואַליע אומגעקערט צוריק אין אַ פלייץ געטון אין מיר און זיך דערהויבן ביז אַרויף צו דער קעל. און הגם עס האָט מיך געפּייניקט מיין זינלאָזע המצאה, צו בלייבן און אויסצוואַרטן, ביז עפּעס אַ וואָרט, אַ בליק פון אַ מענטש וועט מיך דערליידיקן, האָט מיר פונדעסטוועגן דאָס דאָזיקע געפּייניקט־ווערן פאַרשאַפט אַ שטאַרקע הנאה. דאָס דאָזיקע שטיין ביים סלופּ איז געווען אַן אָפּקומעניש כּאַי עפּעס, נישט אַזוי ווייט פאַר דער גנבה, ווי פאַר דער מטושטשדיקייט, פאַר דער גלייכגילטיקייט און פּוסטקייט פון מיין פריערדיקן לעבן: און איך האָב מיר געגעבן אַ שבועה, נישט אָוועקצוגיין פריער, ביז ס'וועט מיר געגעבן ווערן אַ צייכן, ביז דער גורל וועט מיך באַפרייען.

און וואָס לענגער יענע שעה האָבן זיך געצויגן, אַלץ מער איז צוגעפאַלן די נאַכט. דאָס ליכט אין די בודעס איז איינס נאָכן אַנדערן פאַרלאָשן געוואָרן און דאַן איז די פינסטערניש געוואַקסן האָט אַמאָל העכער, ווי אַ שטייגנדיק געוויסער און פאַרטרונקען דעם ליכטיקן פלעק אויפן באַגראַזטן פלאַץ: די ליכט־אינזל, אויף וועלכער איך בין געשטאַנען, איז געוואָרן וואָס אַמאָל איינזאַמער, און אָט האָב איך שוין ציטערנדיק אַ קוק געטון אויפן זייגער. נאָך אין אַ פערטל שעה אַרום וועלן שוין די באַמאָלטע הילצערנע פערד שטיין שטיל, די רויטע און גרינע לעמפּלעך אויף זייערע גולמעוואַטע שטערנס וועלן אַראָפּ־

גענומען ווערן, די קאַטאַרינקעס וועלן אויפהערן צו גראַ־
גערן. דעמאָלט וועל איך בלייבן אין דער פינסטער,
אייגער אַליין דאָ אין דער לייכט־רווישנדיקער נאַכט,
אינגאַנצן פאַרשטויסן, אינגאַנצן פאַרלאָזן. איך האָב וואָס
אַמאָל אומרויקער געוואָרפן מיינע בליקן איבער דעם פינסטער
געוואָרענעם פּלאַץ, איבער וועלכן ס'האָט זיך בלויז טיילמאָל
באַוויזן אַ פאַרשפּעטיקט, אַהיים איילנדיק פּאָרל אָדער עטלעכע
שכורע יונגען, וואָס זענען געגאַנגען מיט וואַקלענדיקע טריט.
קייגנאיבער אָבער אין שאָטן האָט נאָך געאָטעמט באַהאַלטן
לעבן, אומרויק און אומפרייצנדיק. טיילמאָל, אַז עס פלעגן
פאַרבייגיין עטלעכע מענער, האָט עס פון דאָרטן אַ שטילן פייף
געטון אָדער אַ שנעל מיט דער צונג. און אַז זיי פלעגן זיך
דאַן, צוגעצויגן פון דעם רוף, אַהינלאָזן אין דער פינסטערניש
אַריין, האָט זיך באַלד דערהערט דאָרט אין שאָטן אַ פליסטערן
פון פרויען־שטימען, און טיילמאָל פלעגט נאָך דער ווינט אַהער
שליידערן אָפּגעריסענע שטיקער פון אַ שאַרף געלעכטער. און
ביסלעכווייז פלעגן זיך פון דער פינסטערניש וואָס אַמאָל פרעכ־
כער אַרויסשאַרן די געשטאַלטן צום ליכט־קרייז פונם באַלויכ־
טענעם פּלאַץ, כדי ווידער צו פאַרשווינדן אין דער פינסטערער
שוואַרצקייט אַריין, ווי נאָר ס'האָט זיך באַוויזן אינם אָפּשיין פון
אַ לאַמטערן דער שימערנדיקער העלם פון אַ פּאַרבייגייענדיקן
פּאָליציימאַן. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערווייטערט, האָבן
זיך די געשפּענסטערדיקע שאָטנס ווידער באַוויזן, און אָט האָב
איך שוין דייטלעך געקאָנט זען זייערע קאָנטורן, אַזוי נאָענט
האָבן זיי זיך אַרויסגערוקט צום ליכט, אָט דאָס לעצטע פּסולת
פון יענער ביינאַכטיקער וועלט, דער שליים, וואָס איז איבער־
געבליבן, נאָכדעם ווי דער פליסנדיקער מענטשן־שטראָם איז
אָפּגעפלאָסן: עטלעכע נקבות, יענע אָרימסטע און פאַרשטויסנ־
סטע, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין אייגן בעט, בייטאָג שלאָפן זיי
ערגעץ אויף אַ מאַטראַץ און ביינאַכט וואַנדערן זיי כסדר אַרום;
יענע, וואָס אַנטפּלעקן יעדן איינעם פאַר אַ קליינע זילבער־
מטבע זייער אָפּגענוצטן, געשענדעטן, אויסגעמאָגערטן גוף דאָ

ערגעץ-ווו אין דער פינסטער, באַלויערט דורך דער פּאָליציי,
געטריבן פון הונגער אָדער פון אַ וועלכן לומפּ, תמיד אין דער
פינסטער אַרומבלאָנדזשענדיק, נאָכיאָגנדיק און געיאָגט צו גליי-
כער צייט. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעשאַרט צום באַלויכ-
טענעם פּלאַץ, ווי הינט נאָכשפּירנדיק נאָך עפּעס מענלעכעס,
נאָך אַ פּאַרשפּעטיקטן דורכגייער, ביי וועלכן זיי זאָלן פּאַר
זיין תּאַוה קענען אַרויסציִען אַ קראַנע אָדער צוויי, כּדי דערפּאַר
אַ ביסל בראַנפן צו קויפן אין אַ ביליקער קניַיפּע און זיך דער-
האַלטן דאָס קוים-צאַנקענדיקע לעבן, וואָס וועט סיי ווי סיי אין
קורצן פאַרלאָשן ווערן אין אַ שפּיטאָל אָדער אין אַ תּפיסה.
דאָס פּסולת איז דאָס געווען, דער פאַרבליבענער אייטער נאָך
דער הויך-צעשטראָמטער זינלעכקייט פונם זונטיקדיקן המון —
מיט גרענעצלאָזער גרויל האָב איך מיך צוגעקוקט צום אַרומ-
בלאָנדזשען פון די דאָזיקע הונגעריקע געשטאַלטן. אָבער אַפילו
אינם דאָזיקן גרוילעניש האָט געשטעקט אַ מאַגישע הנאה, וואָרום
אַפילו אינם דאָזיקן שמוציקסטן שפּיגל האָב איך ווידער דער-
קענט פאַרגעסענע און מטושטשדיקע איבערלעבונגען: דאָ איז
געווען אַ טיפע און זומפּיקע וועלט, וועלכע איך בין שוין לאַנג
מיט יאָרן צוריק געהאַט אַמאָל דורכגעגאַנגען און וועלכע האָט
אַצינד פאָספאָריש ווידער אויפגעפונקלט אין מיין זכרון. מאָדנע,
וואָס די דאָזיקע פאַנטאַסטישע נאַכט האָט מיר פּלוצלינג אונטער-
געטראָגן, ווי זי האָט מיך, דעם פאַרשלאָסענעם פּלוצלינג פו-
נאַנדערגעעפנט, אַזוי אַז דאָס טונקלסטע פון מיין פאַרגאַנגענהייט,
דאָס סודותדיקסטע פון מיינע נייגונגען איז געלעגן אַצינד אָפן;
ס'איז אַרויפגעשווומען אַ מטושטש געפיל פון די פאַרגאַנגענע
יינגל-יאָרן, בעת דער אומדרייסטער בליק האָט נייגיריק און
פּחדנותדיק צו גלייכער צייט זיך איינגעגעסן אין אַזעלכע גע-
שטאַלטן, אַ דעראינערונג פון דער שעה, בעת מען איז צום
ערשטן מאָל נאָכגעגאַנגען איבער סקריפּענדיקע, פייכטע טרעפּ אַזאַ
איינער אין איר בעט אַריין — און פּלוצלינג, גלייך ווי אַ בליץ
וואָלט דורכגעשפּאָלטן אַ פינסטערן הימל, האָב איך שאַרף
דערזען יעדן פּרט פון יענער פאַרגעסענער שעה, דעם

איילדרוק איבערן בעט, דעם אַמולעט, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן האַלז, איך האָב ווידער געשפּירט יעדן ציטער פון יענער צייט, די נעפּלהאַפּטיקע פאַרחלשטקייט, דעם עקל און דעם ערשטן יינגל-שטאָלץ. דאָס אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל דורכגעטראָגן ווי אַ כוואַליע איבער מיין קערפּער. אַ העלזעערישקייט און אַ שעור האָט אין מיר פּלוצלינג אַריינגעשטראָמט און — ווי אַזוי זאָל איך דאָס אויסדריקן, דאָס דאָזיקע אומענדלעכע! — עס איז מיר מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס מיך האָט אַרומ-גענומען אַזאַ ברענענדיק מיטלייד צו יענע באַשעפענישן, אָט גראָד דערפאַר, ווייל זיי זענען די לעצטע שיריים פונם לעבן, און מיין אינסטינקט, וואָס איז שוין געווען אויפגערייצט פון פאַרברעכן, האָט אינערלעך דערשפּירט דאָס דאָזיקע הונגעריקע אַרומבלאָנדזשען, וואָס איז אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער נאַכט אַזוי ענלעך געווען צו מיינעם, די דאָזיקע פאַרבערע-כערישע אָפנקייט פאַר יעדער באַרירונג, פאַר יעדער פרעמדער צופעליק אָנגעטראָפענער תאוה. עס האָט מיך מאַגנעטיש געצויגן אַהין, די בריוטאַש מיט דעם געגנבעטן געלט האָט מיר פּלוצלינג אָנגעהויבן צו בריען די ברוסט, בעת איך האָב דאָ קייגנאיבער ענדלעך דערשפּירט מענטשן, ווייכע אָטעמענדיקע, רעדנדיקע וועזנס, וואָס האָבן פון אַנדערע, און אפשר אויך פון מיר, עפּעס פאַרלאַנגט, פון מיר, וואָס האָט בלויז געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט זיך אַוועקצוגעבן, פון מיר, וואָס האָט געברענט פון ווילדן באַגער נאָך מענטשן. און מיטאַמאָל איז מיר קלאָר געוואָרן, וואָס עס טרייבט מענער צו אַזעלכע וועזנס. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז בלויז נאָר זעלטן איז די סיבה דערפון הייס-קייט פון בלוט, אויפּברויזנדיקער חשק, מערסטנטייל אָבער קומט דאָס דורך דעם פּחד פאַר איינזאַמקייט, פאַר דער גרוילנדיקער פרעמדקייט, וואָס טיילט געוויינלעך אָפּ איינעם פון אַנדערן, אָט די פרעמדקייט, וואָס מיין צעפלאַקערט געפיל האָט היינט צום ערשטן מאָל דערשפּירט. איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך האָב שוין אַמאָל דאָס דאָזיקע געפיל מטושטשדיק עמפּינדן: אין ענגלאַנד איז עס געווען, אין מאַנשעסטער, איינע פון יענע

שטאָלערנע שטעט, איבער וועלכע ס'איז אויסגעשפּרייט אַ פינס־
טערער הימל און ווו עס ברויזט ווי אַן אונטערערדישע באַן,
און דאָך הערשט דאָרט גלייכצייטיק אַ פראָסטיקע איינזאַמקייט,
וואָס דרינגט אַריין דורך די הויט־עפענונגען ביז אינם בלוט.
דריי וואָכן האָב איך דאָרט פאַרברענגט ביי קרובים. אין די
אָוונטן פלעג איך תמיד איינער אַליין אַרומבלאָנדזשען איבער די
באַרן און קלובן און דערנאָך ווידער צוריקקערן אין די שימערנ־
דיקע מוזיקהאַל, בלויז נאָר כדי צו שפּירן אַביסל מענטשן־
וואַרעמקייט. און איינמאָל אין אַן אָוונט האָב איך אָנגעטראָפן
אויף אַזאַ פּערזאָן, וואָס איר גאַסן־ענגליש איז מיר קוים פאַר־
שטענדלעך געווען, אָבער פּלוצלינג האָב איך מיך געפונען אין
אַ צימער, איינגעזויגן אין זיך געלעכטער פון אַ פרעמד מויל,
אַ וואַרעמער קערפּער האָט זיך דאָ געפונען, ערדיש נאָענט און
ווייך. און פּלוצלינג איז די קאַלטע שוואַרצע שטאָט צערונען
געוואָרן, אָט דער פינסטערער, ליאַרמענדיקער חלל פון איינ־
זאַמקייט; עפּעס אַ וועזן, וואָס מען האָט פריער נישט געקענט,
וואָס איז דאָ בלויז געשטאַנען און געוואַרט אויף וועלכן ס'איז
פאַרביגייער, האָט איינעם דערלייזט, האָט געמאַכט צעשמעלצן
די גאַנצע פראָסטיקייט: מען האָט ווידער פריי אויפגעאָטעמט,
געשפּירט אַ לייכט און העל לעבן אין דער דאָזיקער שטאָלער־
נער תפיסה. ווי וווּנדערלעך איז עס פאַר די איינזאַמע, פאַר
די אין זיך פאַרשלאָסענע, צו שפּירן, אַז עס געפינט זיך נאָך
ערגעץ־ווו פאַר זייער עלנט עפּעס אַן אָנלען, אַן וועלכן מען
קאָן זיך פעסט אַנקלאַמערן, הגם דער דאָזיקער אָנלען איז באַ־
דעקט מיט שמוץ פון די אומצייטיקע באַרירונגען, פאַרשטייפט
פון אַלטקייט און צעפרעסן פון גיפטיקן שימל: און אָט דאָס,
גראָד דאָס דאָזיקע האָב איך געהאַט פאַרגעסן אין דער שעה
פון טיפסטער איינזאַמקייט, איך האָב פאַרגעסן, אַז ערגעץ־ווו
אין אַ לעצטן ווינקל וואַרטן נאָך די דאָזיקע לעצטע, גרייט
אויפצונעמען יעדע איבערגעגעבנהייט, יעדע פאַרלאָזנקייט צו
לאָזן אויסרוען נעבן זייער אָטעם, יעדע היץ צו קילן פאַר
אַ קליינע געלט־מטבע, וועלכע איז שטענדיק צו נישטיק אַ קייגן

דעם אומגעהויערן, וואָס זיי גיבן מיט דעם דאָזיקן שטענדיקן גרייט זיין זייערן, מיט דער גרויסער מתּנה פון זייער מענטש־לעכער געגנוואַרט.

די קאַרוזעל־קאַטאַרינקע נעבן מיר האָט ווידער אָנגע־הויבן גרילצנדיק צו שפּילן. עס איז שוין געווען דאָס לעצטע דרייען זיך, דער לעצטער סיגנאַל פונם זיך דרייענדיקן ליכט אין דער פינסטערניש אַריין, איידער דער זונטיק גייט איבער אין דער גרויער וואָך. אָבער קיינער איז שוין נישט געקומען, ליי־דיק זענען די פערד געלאָפן אין זייער אומזיניקן קרייז. די אָפּגעמאַטערטע פרוי בײַ דער קאַסע האָט שוין צוזאַמענגעשאַרט און איבערגעציילט דעם פדיון פונם גאַנצן טאָג, און דאָס שיק־יינגל איז שוין געשטאַנען מיט די האַקנס, גרייט נאָך דעם דאָ־זיקן לעצטן קרייז אַראָפּצוציען די לאָדנס איבער דער בודע. בלויז איך, איך אַליין, בין נאָך אַלץ דאָ געשטאַנען, אָנגעלענט אָן סלופּ און געקוקט אויף דעם ליידיקן פּלאַץ, איבער וועלכן ס׳האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט בלויז יענע, ווי פלעדער מיין פּלאַ־טערנדיקע געשטאַלטן, זוכנדיק אַזוי ווי איך, וואַרטנדיק ווי איך, און דאָך נישט אַריבערשפּרייזנדיק דעם אומדורכדרינגלעכן חלל פון פרעמדקייט, וואָס האָט זיך געפונען צווישן אונז. נאָר אָט האָט איינע פון זיי מסתּמא מיך באַמערקט, ווארום זי האָט זיך אָנגעהויבן פּאַמעלעך צושאַרן אַהער: אַ קליין, פאַרקריפּלט, קרענקלעך ווערזן אָן אַ הוט, אָנגעטון אין עפּעס אַ געשמאַקלאָז צורעכט געמאַכט בגד, כלומרשט אַ קלייד, פון אונטער וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעקוקט אָפּגעטראָגענע באַל־שיך. דאָס אַלץ איז מסתּמא איינציקווייז געקויפט געוואָרן בײַ מאַרק־זיצערינס אָדער בײַ אַן אַלטוואַרג־הענדלער און מיט דער צייט געוואָרן אויסגע־ריבן, צעקנייטשט פון רעגן אָדער בײַ עפּעס אַ שמוציקן עסק אין גראָז. זי האָט זיך צוגעשאַרט מיט אַ חנדל, געבליבן שטיין נעבן מיר, פאַרוואַרפנדיק אַ שפּיציקן בליק ווי מיט אַ פישנעץ־האַקן און מיט אַ פאַרבעטעריש שמייכעלע איבער די פאַרדאָר־בענע ציין. מיר האָט פאַרפעלט אָטעם. איך האָב מיך נישט געקאָנט רירן, נישט קוקן אויף איר און אויך נישט אַוועקרייסן

זיך פון אָרט: אַזוי ווי אין אַ היפּנאָז האָב איך געשפּירט, אַז אַרום מיר שאַרט זיך אַ מענטש מיט עפּעס אַ פאַרלאַנג, אַז עמעצער באַמיט זיך, מיך צו געווינען, און ענדלעך, אַז איך קאָן איצט מיט איין וואָרט, מיט איין זשעסט בלויז אַוועקשליידערן די מוראַדיקע איינזאַמקייט, דאָס פּיינלעכע פאַרשטויסן זיין. אָבער איך בין נישט אימשטאַנד געווען מיך צו רירן. הילצערן ווי דער סלופּ, און ווײַלכן איך בין געשטאַנען אָנגעלענט און אין עפּעס אַ מין הנאהדיקער פאַרחלשטקייט, האָב איך בלויז געפילט — אין דער צייט, וואָס די קאַרוזעל-מעלאָדיע האָט שוין אָנגעהויבן מיד צו פאַרקלינגען — די נאָענטע געגנוואַרט פון אַ וועזן, דעם ווילן, וואָס האָט זיך באַמיט מיך צו געווינען, און איך האָב אויף אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן, כּדי אינגאַנצן זיך צו פילן אַרומגענומען מיט דעם דאָזיקן מאַגנעטישן צוגעצויגןזיין פון עפּעס אַ מענטשלעך וועזן.

די קאַרוזעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, די וואַלצער-מעלאָדיע איז פאַרשטומט געוואָרן מיט אַ לעצטן קרעכצנדיקן קלאַנג. איך האָב אויפגעעפנט די אויגן און דע־זעען, ווי די געשטאַלט נעבן מיר האָט גראַד אין דער רגע אָנגעהויבן אַוועקצוגיין. עס איז איר משמעות געוואָרן לאַנגווייליק צו שטיין און צו וואַרטן נעבן איינעם, וואָס שטייט ווי אַ הילצערנער. איך בין דערשראָקן געוואָרן. אַ קעלט האָט מיך אַרומגענומען. פאַרוואָס האָב איך זי געלאָזט אַוועקגיין, דעם איינציקן מענטש, וואָס איז מיר אַנטקעגנגעקומען אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער נאַכט, וואָס האָט מיר אַרויסגעוויזן גרייטקייט זיך איבערצוגעבן? הינטער מיר איז דאָס ליכט פאַרלאָשן געוואָרן, די רוק-לאָדנס האָבן זיך מיט אַ קנאַקעריי אַראָפּגעלאָזט. עס איז געווען אויס.

און פּלוצלינג — אַך, ווי אַזוי זאָל איך מיר אַליין שילדערן דעם דאָזיקן הייסן, דעם דאָזיקן פּלוצלינג זיך צעפלאַקערנדיקן אויפברויז? — פּלוצלינג — עס איז געשעען אַזוי אומגעריכט, אַזוי הייס, אַזוי רויט, גלייך ווי ס'וואָלט מיר אַן אָדער געפּלאַצט אין דער ברוסט — פּלוצלינג האָט אין מיר, דעם שטאָלצן, דעם גאווהדיקן, דעם אינגאַנצן מיט קאַלטער, געזעל-

שאַפטלעכער שטאָלצקייט פאַרפאַנצערטן מענטש, אויסגעבראָכן ווי אַ שטומע תפלה, ווי אַ קראַמף, ווי אַ געשריי, דער קינדישער, אָבער פאַר מיר אַזוי אומגעהויערער פאַרלאַנג, אַז די דאָזיקע קליינע, שמוציקע, קרענקלעכע זונה זאָל בלויז נאָך איינמאָל דעם קאָפּ צו מיר ווענדן, כּדי איך זאָל צו איר קענען רעדן. וואָרום איר נאָכצוגיין בין איך געווען, נישט צו שטאָלץ — מיין שטאָלץ איז געווען צעדריקט, צעטרעטן, אָפּגעשווענקט פון גאַנץ נייע געפילן —, נאָר צו שוואַך, צו אומבאַהאָלפן. און אַזוי בין איך געבליבן שטיין אַ ציטערנדיקער און אן אויפגעברויזטער, אַליין נעבן דעם פייניקונג־סלופּ פון דער פינסטערניש, וואַרטנדיק, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל פון מיינע ייִנגל־יאָרן אָן נישט געוואַרט, בלויז אַזוי ווי איינמאָל אין אַן אָוונט, שטייענדיק ביי אַ פענסטער און צוקוקנדיק, ווי אַ פרעמדע פרוי האָט זיך פאַמעלעך אָנגעהויבן אויסצוטון און איז, נישט אנענדיק פון קיין זאַך, געבליבן אַ ווײַלע אין איר האַלב־נאַקעטקייט — איך בין געשטאַנען, רופנדיק צו גאָט מיט עפּעס אַ מיר אַליין אומבאַקאַנטן קול, בעטנדיק אויף דעם נס, אַז דאָס דאָזיקע פאַרקריפּלטע באַשעפעניש, דאָס דאָזיקע לעצטע פּסולת פון דער מענטשהייט זאָל נאָך איינמאָל פּרוּוון צו מיר רעדן, נאָך איינמאָל ווענדן צו מיר איר בליק.

און — זי האָט זיך אומגעקוקט. איינמאָל נאָך, גאַנץ מעכאַניש האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ בליק. נאָר מיין אויפציטערן, דער אויסברוך פון מיין אָנגעצויגן געפיל האָט זיך געמוזט אַזוי שטאַרק אָפּשפּיגלען אין מיין בליק, אַז זי איז געבליבן שטיין און אָנגעהויבן מיך צו באַאָבאַכטן. זי האָט זיך נאָכאַמאָל האַלב אויסגעדרייט און איבערגעקוקט צו מיר דורך דער פינסטערניש. דאַן האָט זי אַ שמייכל געטון און פאַרבעטעריש אַ ווינק געטון צו מיר מיטן קאָפּ אויף דער שאָטנדיקער זייט פונם פּלאַץ. און פּלוצלינג האָב איך דערפילט, ווי די שרעקלעכע פאַרגליווערטקייט אין מיר הויבט אָן צעשמאָלצן צו ווערן. איך האָב מיך שוין ווידער געקאָנט רירן און האָב איר איינשטימענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער שטומער אָפּמאַך איז געווען געשלאָסן. זי האָט זיך געלאָזט גיין פּאָרויס איבערן פינסטערן פּלאַץ, אומקוקנדיק זיך פון צייט צו צייט, אויב איך גיי איר נאָך. און איך בין נאָכ־געגאַנגען: די בליי־משא איז מיר אַראָפּגעפאַלן פון די קניען, איך האָב ווידער געקאָנט באַוועגן מיט די פיס. עס האָט מיך מאַגנעטיש געשטויסן נאָך איר. איך בין נישט געגאַנגען באַ־וּוסטזיניק, נאָר גלייך ווי איך וואָלט איר נאָכגעשווומען, ווערנ־דיק געצויגן דורך עפּעס אַ סודותפולער מאַכט. אויף אַ פינסטערער גאַס צווישן בודעס האָט זי פּאַמעלעכער געמאַכט אירע טריט. און אָט בין איך געשטאַנען נעבן איר.

עטלעכע סעקונדן האָט זי מיך אָנגעקוקט, פאַרשנדיק און מיט חשד: עפּעס אַ זאַך האָט זי אַריינגעבראַכט אין אַ ספק. מיין מאָדנע אומדרייסט פאַרהאַלטן זיך, דער קאָנטראַסט צווישן אָרט און מיין עלעגאַנץ איז איר משמעות אויסגעקומען פאַר־דעכטיק. זי האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט, זיך געקווענקלט, דערנאָך, אָנווייזנדיק לענגאויס אין דער גאַס אַריין, וואָס האָט איצט אויסגעזעען שוואַרץ, ווי די עפענונג פון אַ גרובן, האָט זי אַ זאָג געטון: „לאָמיר דאָרט אַהינגיין. הינטערן צירק איז גאַנץ פינסטער."

איך האָב נישט געקאָנט ענטפערן. די מוראדיקע געמיינ־הייט פון דער דאָזיקער באַגעגעניש האָט מיך באַטויבט. איך האָב חשק געהאַט אויף אַ וועלכן ס'איז אופן זיך אַרויסצורייסן, מיט אַ געלט־מטבע, מיט עפּעס אַן אויסרייד זיך אויסצוקויפן, אָבער מיין ווילן האָט שוין נישט געהאַט קיין שום מאַכט אי־בער מיר. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי איך וואָלט מיך געפונען אויף אַ שליטעלע, וואָס פליט האַסטיק מיט אַ משוגענער געשווינדקייט פון אַ משופּעדיקן שנייבאַרג אַראָפּ, און דאָס געפיל פון טויטשרעק מישט זיך הנאהדיק צונויף מיטן שכרות פון דער געשווינדקייט, אַזוי אַז אנשטאָט איינצוהאַלטן, גיט מען זיך ווילנלאָז, מיט אַ באַוווּסטזיניקער שוואַכקייט נאָך דעם פאַלן. איך האָב מיך שוין נישט געקאָנט צוריקציען און האָב עס אפשר אויך נישט געוואָלט. און איצט, בעת זי האָט

זיך אַזוי אינטים געטוליעט צו מיר, האָב איך זי נישט ווילנדיק אָנגענומען פאַרן אָרעם. דאָס איז געווען זייער אַ מאָגערער אָרעם, נישט ווי פון אַ פרוי, נאָר ווי פון אַ שלעכט אַנטוויקלט סקראָפולִיטיש קינד, און בעת איך האָב אים דערפילט דורכן דינעם מענטעלע, איז מיך ביי דער גאַנצער געשפּאַנטקייט מיי־נער באַפאַלן אַ ווייך, דורכדרינגענדיק מיטלייד־געפיל צום דאָ־זיקן שפּלדיקן, צעטרעטענעם שטיק לעבן, וואָס די דאָזיקע נאַכט האָט מיר צוגעשליידערט. און אומבאַוווסטזיניק האָבן מיינע פינ־גער געגלעט די דאָזיקע שוואַכע, קרענקלעכע גלידער אַזוי ריין, אַזוי ערפורכטיק, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל נישט באַרירט אַזוי קיין שום פרוי.

מיר זענען דורכגעגאַנגען אַ שוואַך־באַלויכטענע גאַס און אַריין אין אַ קליין וועלדל, ווו די שווערע בוימערשפּיצן האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן מיט דער דריקנדיקער שלעכט־ריחותדיקער פינסטערניש. אין דעם אויגנבליק האָב איך באַמערקט, הגם ס'איז שוין שווער געווען עפּעס צו זעען, אַז גייענדיק נעבן מיר, האָט זי זיך גאַנץ פאָרזיכטיק אומגעקוקט און נאָך עטלע־כע טריט ווידער אַ צווייט מאָל. און מאָדנע: אין דער זעלבער צייט, וואָס איך האָב מיך, ווי אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, אַראָפּגעגליטשט אין דער שמוציקער אַוואַנטורע, זענען פונדעסט־וועגן מיינע חושים געווען מוראדיק וואַך און שאַרף. מיט אַ קלאָרזעערישקייט, וועלכער ס'איז קיין זאַך נישט פאַרלוירן געגאַנגען, וואָס האָט יעדן ריר פאַרשטאַנען מיט אַלע פּרטים, האָב איך באַמערקט, אַז הינטער אונז, ביים ראַנד פון וועג, דורך וועלכן מיר זענען געגאַנגען, גליטשט זיך אונז עפּעס נאָך אַזוי ווי אַ שאָטן, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי איך וואָלט געהערט פאַמעלעך־נאָכקריכנדיקע טריט. און פּלוצלינג — אַזוי ווי אַ קנאַלנדיקער בליץ, וואָס באַלויכט אַ לאַנדשאַפט — האָב איך דערפילט, איז מיר קלאָר געוואָרן אַלדינג: אַז מען וויל מיך דאָ אַריינגנאַרן אין אַ נעץ, אַז די חברים פון דער דאָזיקער זונה לויערן הינטער אונז און זי פאַרפירט מיך אין דער פינסטערניש אַריין אויף אַ פריער אָפּגערעדטן אָרט, ווו איך וועל

ווערן זייערס אַ קרבן. מיט אַן איבערנאַטירלעכער קלאָרקייט, וועלכע ס'פאַרמאָגן בלויז די געציילטע סעקונדן צווישן טויט און לעבן, האָב איך אַ מאָל געזעען און איבערגערעכנט יעדע מעגלעכקייט. עס איז נאָך צייט געווען אַנטרינען צו ווערן, די היפּשטאַס האָט געמוזט זיין גאַנץ נאָענט פון דאַנען, וואָרום איך האָב געהערט דעם עלעקטרישן טראַמוויי רוישן איבער די שי־נעס, אַ געשריי, אַ פייף וואָלט גענוג געווען, אַז מענטשן זאָלן קומען אָנצולויפן: אַלע מעגלעכקייטן פון אַנטרינען ווערן, פון רעטונג האָבן אויפגעבליצט ביי מיר אין מח אין שאַרף־געצייכנ־טע בילדער.

נאָר מאָדנע: דאָס דאָזיקע מוראדיקע פאַרשטיין די לאַגע האָט נישט געקילט, נאָר נאָך מער דערהיצט. היינט נאָך אַפילו, אין ניכטערנע מינוטן, אין קלאָרן שיין פון אַ האַרבסט־טאָג, קאָן איך מיר אַליין נישט דערקלערן מיין דעמאָלטיקע אַבסורדישע האַנדלונג: איך האָב געוווּסט, אויגנבליקלעך שנעל האָב איך עס געוווּסט מיט יעדן נערוו פון מיין וועזן, אַז איך לאָז מיך אָן שום באַדערפעניש אַנטקייגן אַ סכנה, אָבער דאָס דאָזיקע פאָרגע־פיל האָט זשומענדיק דורכגעפלאָסן אין מיינע נערוון ווי אַ לייכ־טער וואַנזין. איך האָב געפילט, אַז עס וועט אָנקומען עפּעס אַן אומאַנגענעמע זאַך, אפשר דער טויט, איך האָב געציטערט פאַר עקל אַריינגעשלעפּט צו ווערן אין עפּעס אַ פאַרברעכן, אין אַ געמיינע, שמוציקע איבערלעבונג, אָבער גראַד די פרעמדע, קיינ־מאָל נישט געאַנטע לעבנסדורשטיקייט, וואָס האָט מיך איצט אַזוי פאַרשכּורנדיק אַרומגענומען, האָט מיך אָנגעפולט מיט אַ פינסטע־רער נייגעריקייט אַפילו צום טויט. עפּעס וואָס — זאָל דאָס האָבן געווען חרפה אַרויסצווייזן מורא, אָדער אפשר אַ שוואַכ־קייט? — האָט מיך געשטופּט פאָרויס. עס האָט מיך גערייצט, זיך אַראָפּצולאָזן אין דעם לעצטן מיסט־גרוב פונם לעבן, אין איין איינציקן טאָג צו פאַרשפּילן און פאַרשווענדן מיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. אַ ווילדער גייסטיקער תּענוג האָט זיך צונויפגע־מישט מיט דער מיאוסער הנאה פון דער דאָזיקער אַוואַנטורע. און הגם איך האָב מיט אַלע מיינע נערוון געשפּירט די סכנה,

קלארזעעריש זי באַנומען מיטן שכל און מיט די חושים, בין איך פונדעסטוועגן דאָך געגאַנגען וואָס אַמאָל ווייטער אין וועלדל. האַלטנדיק ביים אָרעם די דאָזיקע שמוציקע פּראָסטער-זונה, וועל- כע האָט מיך קערפּערלעך גיכער אָפּגעשטויסן, איידער צוגעצויגן און וועגן וועלכער איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט מיך נאָר צוליב אירע חברים דאָ אַהער פאַרשלעפּט. אָבער איך האָב נישט גע- קאָנט צוריקגיין. די שווערע קראַפט פון פאַרברעכן, וואָס האָט מיט דער געשעעניש אויפן לויף-פּלאַץ היינט נאָכמיטאָג זיך אָנ- געהאנגען אָן מיר, האָט מיך געצויגן וואָס אַמאָל ווייטער אַראָפּ. און איך האָב בלויז געשפּירט די פאַרשכורונג, די שווינדלדיקע צעטומלטקייט פונם פאַלן אין נייע תהומות אַראָפּ און אפשר גאָר שוין אינם לעצטן: אין דעם טויט.

נאָך עטלעכע טריט האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. איר בליק האָט ווידער אומזיכער געבלאָנדזשעט אַרום. דערנאָך האָט זי אויף מיר אַ קוק געטון אויסוואַרטנדיק: „נאַ — און וויפיל וועסטו מיר געבן?"

אַך יאָ, אָן דעם האָב איך גאָר אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן. אָבער די דאָזיקע פראַגע האָט מיך גאָרנישט אויסגעניכטערט. פאַרקערט, איך בין גאָר צופרידן געווען פון דער געלעגנהייט צו קענען שענקען, געבן, זיך פאַרשווענדן. איך האָב האַסטיק אַריינגעשטעקט די האַנט אין טאַש און אַרויסגעלייגט פון דאָרט דאָס גאַנצע זילבערגעלט און עטלעכע צוזאַמענגעקנוילטע אַסיג- נאַציעס אין איר אויפגעעפנעטער האַנט אַריין. און אָט איז גע- שען עפּעס אַזוי משונהדיקס, אַז היינט נאָך, בעת איך דערמאָן זיך דערין, ווערט אין מיר דאָס בלוט דערהיצט: אָדער דאָס דאָזיקע אָרימע באַשעפעניש איז איבערראַשט געוואָרן פון דער צו גרויסער סומע — זי איז אַפּנים געוווינט געווען צו באַקו- מען קליינע געלט-מטבעות פאַר איר שמוציקער דינסט — אָדער אפשר איז אין דעם אופן פון מיין געבן, אָט פון דעם פריי- דיקן, האַסטיקן, כמעט באַגליקטן געבן געווען עפּעס אומגעווויינ- לעכעס, עפּעס נייעס פאַר איר, וואָרום זי האָט זיך צוריקגע- צויגן און איך האָב דורך דער געדיכטער, שלעכטריחותדיקער

פינסטערניש געשפּירט, ווי איר דערשטוינטער בליק קוקט אויף מיר פאַרשנדיק. און איך האָב ענדלעך עמפּינדן דאָס געפיל, נאָך וועלכן איך האָב אַזוי געלעכצט אינם דאָזיקן אָוונט: עמעצער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מיר, עמעצער פאָרשט מיר נאָך. צום ערשטן מאָל האָב איך עקזיסטירט פאַר עמעצן פון דער דאָזיקער וועלט, און דאָס, וואָס גראָד די דאָזיקע פאַר־שטויסענע, דאָס דאָזיקע ווען, וואָס האָט איר אָרימען, אָפּגע־נוצטן גוף געטראָגן אין דער פינסטערניש ווי אַ סחורה, נישט אָנקוקנדיק אַפילו דעם קויפער, האָט זיך איצט געטוליעט צו מיר און מיט אירע אויגן געזוכט מיינע; דאָס וואָס זי האָט געזוכט דעם מענטש אין מיר, האָט נאָך פאַרשטאַרקט מיין מערקווירדיקע פאַרשכּורטקייט, וועלכע איז געווען קלאָרזעעריש און פאַרנעפּלט צו גלייכער צייט, באַוווסטזיניק און צו גלייכער צייט צעשווומען אין אַ מאַגישער מטושטשדיקייט. און אָט האָט זיך דאָס דאָזיקע פרעמדע ווען נענטער געטוליעט צו מיר, אָבער נישט מיט דעם געשעפטסמעסיקן אויספירן אַ באַצאָלטע התחייבות, נאָר, ווי מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, מיט עפּעס אַן אומבאַוווסטזיניקער דאַנקבאַרקייט, מיט דעם ווייבלעכן ווילן צו דערנענטערונג. איך האָב זי לייכט אָנגענומען ביים אָרעם, ביי דעם מאָגערן, ראַכיטישן קינדישן אָרעם, האָב דערפילט איר קליינעם, פאַרקריפּלטן קערפּער און פּלוצלינג האָב איך דער־זעען איר גאַנץ לעבן: דאָס אָפּגעדונגענע שמוציקע שלאָף־אָרט ערגעץ אין אַ פאָרשטאָט־הויז, וווּ זי שלאָפט פון אינדער־פרי ביז מיטאָג צווישן דעם געטומל פון פרעמדע קינדער, איך האָב געזעען איר „באַשיצער", וואָס שלאָגט און שטיקט זי, די שכּורים, וואָס וואַרפן זיך אויף איר אין דער פינסטער, די באַ־ווּסטע אָפּטיילונג אינם קראַנקנהויז, וווהין מ׳ברענגט זי צופירן, דעם זאַל, ווו איר קראַנק, אָפּגעשוונדן לייב ווערט געוויזן נאַ־קעט פאַר די יונגע פרעכע סטודענטן, ווי אַ זאַך צום שטודירן; און דערנאָך דעם סוף ערגעץ־ווו אין איר היימשטאָט, וווּ מען לאָזט זי קראַפּירן ווי אַ חיה. מיך האָט אַרומ־גענומען אַן אומענדלעך רחמנות צו איר, צו אַלעמען, עפּעס

אַ מין וואַרם געפיל, אין וועלכן ס'האָט געשטעקט צערטלעכקייט, אָבער נישט קיין זינלעכקייט. איך האָב נאָך אַלץ כסדר געגלעט איר קליינעם מאָגערן אָרעם און דערנאָך האָב איך מיך איינ-געבויגן און זי אַ דערשטוינטע געקושט.

אין דער רגע האָט זיך דערהערט אַ גערויש צווישן די בלעטער הינטער אונז. אַ צווייג האָט אַ קנאַק געטון. איך בין אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק. און גלייך האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער פון אַ ברייטער, פרעכער מענערישער שטים.

נאָך איידער איך האָב זיי אָנגעקוקט, האָב איך שוין גע-ווּסט, ווער זיי זענען. וואָרום דורך דער גאַנצער צייט פון מיין מטושטשדיקער פּאַרטויבטקייט האָב איך דאָך אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן, אַז מען לויערט מיר נאָך, נאָכמער: מיין סודותדיק אויפגעוואַכטע נייגעריקייט האָט זיי אויסגעקוקט. פון צווישן די קוסטעס אַרויס האָט זיך אַרויסגעגליטשט אַ גע-שטאַלט און באַלד הינטער איר נאָך איינע: צעלאָזענע יונגען מיט אַן עזותדיקער האַלטונג. ווידער האָט זיך דערהערט דאָס פרעכע געלעכטער. „אַזאַ געמיינהייט, דאָ צו טרייבן חזירייען. און נאָך דערצו אַ פיינער הער! אָבער מיר וועלן אים נעמען אויפן צימבל". איך בין געשטאַנען אומבאַוועגלעך. דאָס בלוט האָט מיר געקלאַפּט אין די שלייפן. איך האָב נישט געפילט קיין שום מורא. איך האָב נאָר געוואַרט, וואָס ס'וועט ווייטער זיין. איצט בין איך ענדלעך געווען אין תהום, אויפן לעצטן אָפּגרונט פון געמיינהייט. אַצינד מוז אָנקומען דער קלאַפּ, די צעשמעטערונג, דער סוף, וועלכן איך בין האַלב באַוווּסטזיניק אַנטקייגנגעלאָפן.

דאָס מיידל איז פון מיר אָפּגעשפּרונגען, אָבער נישט אַריבער צו זיי. זי איז געבליבן שטיין עפּעס אַזוי ווי אין מיטן: ס'האָט אויסגעזען, אַז דער צוגעגרייטער אָנפאַל איז איר דאָך נישט געווען גאַנץ אַנגענעם. די יונגען ווידער זענען געווען צערייצט, וואָס איך האָב מיך נישט גערירט פון אָרט. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, אַפּנים זיי האָבן זיך גערעכנט, אַז איך וועל עפּעס אַנטקייגנרעדן, אַז איך וועל בעטן;

מורא האָבן. „אַהאַ, ער זאָגט גאָרנישט", האָט איינער ענדלעך אויסגערופן דראָענדיק. און דער אַנדערער איז צוגעגאַנגען צו מיר און באַפעלעריש אַ זאָג געטון: „איר מוזט מיט אונז גיין אין קאָמיסאַריאַט אַריין".

איך האָב נאָך אַלץ גאָרנישט געענטפערט. דאַן האָט מיר איינער אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל און מיך לייכט אַ שטופּ געטון. „פאָרווערטס", האָט ער אַ זאָג געטון.

איך האָב מיך געלאָזט גיין. איך האָב מיך נישט גע־חערט, ווייל איך האָב מיך נישט געוואָלט ווערן. איך בין באַרויִשט געוואָרן פון דעם אומדערהערטן, פון דעם געמיינעם, פון דעם געפערלעכן, וואָס האָט געשטעקט אין דער דאָזיקער סיטואַציע. ביי מיר אין מח איז געווען פולשטענדיק קלאָר; איך האָב געוווּסט, אַז די יונגען מוזן אודאי מער מורא האָבן פאַר דער פּאָליציי ווי איך, און אַז איך קאָן מיך אויסקויפן ביי זיי פאַר אַ פּאָר קראָנען — אָבער איך האָב געוואָלט פאַר־זוכן פונם גאַנצן תהום געמיינהייט, איך האָב אויפגענומען די גאַנצע שרעקלעכע דערנידערונג, וואָס האָט געשטעקט אין דער דאָזיקער סיטואַציע, מיט עפּעס אַ מין באַוווּסטזיניקער אנמעכ־טיקייט, גאַנץ געלאַסן, כמעט מעכאַניש האָב איך מיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג, אין וועלכער זיי האָבן מיך אַ שטויס געטון

אָבער דוקא דאָס, וואָס איך האָב מיך אַזוי שטום, אַזוי געדולדיק געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צום ליכט, האָט אַפּנים די יונגען צעטומלט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן שטיל צו סודן. דערנאָך האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן בכיון הויך צו רעדן. „לאָז אים לויפן", האָט איינער אַ זאָג געטון (אַ קליינ־געוויקסיקער חברהמאַן מיט פּאָקנצייכנס אין פּנים), דער אַנדע־רער ווידער האָט כלומרשט שטרענג אָפּגעענטפערט: „ניין, דאָס גייט נישט. ווען דאָס זאָל האָבן געטון עפּעס אַן אָרימער יונג, אַן אונזערס גלייכן, וואָס האָט נישט צו פרעסן, וואָלט מען אים שוין איינגעזעצט. און אַזאַ עלעגאַנטער פּריץ — פאַר אַזאַ זאַך מוז מען באַשטראָפן". און איך האָב געהערט

יעדעס וואָרט און אַרויסגעפּילט זייער אומגעשיקטע בקשה, אַז איך זאָל אָנהויבן מיט זיי אונטערצוהאַנדלען; דער פאַרברעכער אין מיר האָט פאַרשטאַנען דעם פאַרברעכער אין זיי; איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן מיך געוואָלט פּייניקן מיט שרעק און איך האָב זיי געפּייניקט מיט מיין נאָכגיביקייט. דאָס איז געווען אַ שטומער קאַמף צווישן אונז, און — אָ, ווי געשעעניש־רייך די דאָזיקע נאַכט איז געווען! — בעת דער דאָזיקער טויט־סכנה, דאָ אין די שטינקענדיקע קוסטעס פון דער פּראַטער־לאָנקע, צווישן לומפּן און אַ פּראָסטיטוטקע, האָב איך ווידער דערפילט, צום צווייטן מאָל שוין אין משך פון צוועלף שעה, דעם פאַר־כאַפּנדיקן כשוף פון שפּיל. אַצינד אָבער איז געשטעלט געוואָרן אין קאָן דער העכסטער פּרייז, מיין גאַנצע בירגערלעכע עקזיס־טענץ, מיין לעבן. און איך האָב מיך איבערגעגעבן צום דאָזיקן געוואַלטיקן שפּיל, צו דער דאָזיקער בלישטשענדיקער מאַגיע פונם צופאַל מיט דער גאַנצער געשפּאַנטער, ביז צום צעריסן ווערן געשפּאַנטער קראַפט פון מיינע ציטערנדיקע נערוון.

„אַהאַ, אָט איז שוין דאָרט אַ פּאָליציימאַן", האָט זיך ווי־דער געהערט הינטער מיר אַ שטים, „עס וועט אים שוין דאָ, דעם פיינעם פריץ, קיין הנאה נישט טון. ער וועט מינדסטנס אויף אַ וואָך גיין זיצן". דאָס האָט געזאָלט קלינגען בייז און דראָענדיק, אָבער איך האָב געהערט אַן אָפּגעהאַקטן, נישט זי־כערן טאָן. איך בין רויק געגאַנגען אַלץ נענטער צום ליכטשיין, ווו ס'האָט זיך טאקע געזען גלאַנצן אַ פּאָליצייאישער העלם. נאָך צוואַנציק טריט און איך וואָלט זיך שוין געפונען נעבן אים. די יונגען הינטער מיר האָבן אויפגעהערט צו רעדן; איך האָב באַמערקט, אַז זיי גייען וואָס אַמאָל פּאַמעלעכער, נאָך אַ רגע, האָב איך געוווסט, וועלן זיי זיך מוזן פּחדנותדיק צוריקציען אין דער פינסטערניש אַריין, אין זייער וועלט אַריין, פאַרביטערטע פון דער נישט געלונגענער המצאה און וועלן אפשר אויסלאָזן זייער כעס צו דער אומגליקלעכער. דאָס שפּיל איז געווען געענדיקט: ווידער, שוין צום צווייטן מאָל היינט, האָב איך געוווּנען, ווידער האָב איך געהאַט איבערגעקליגלט אַ פרעמדן,

אומבאַקאַנטן מענטש מיט זיינע בייזע כּונות. נישט ווייט קייגנ־איבער האָט זיך שוין געזעען דער בלאַסער עגול פון דעם־לאָמפּן־ליכט. איך האָב מיך אויסגעדרייט און צום ערשטן מאָל אַריינגעקוקט דיביידע יונגען אין די פּנימער: אין זייערע אויגן האָט זיך געזעען פאַרביטערונג און באַהאַלטענע פאַרשעמט־קייט. זיי זענען שטיין געבליבן מיט אַ מין נידערשלאָגנהייט און אַנטוישונג, גרייט צוריק צו אַנטלויפן אין דער פינסטערניש אַריין. וואָרום זייער מאַכט האָט זיך געענדיקט: אַצינד בין איך געווען דער, פאַר וועמען זיי האָבן מורא געהאַט...

אינם דאָזיקן אויגנבליק — איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי די אינערלעכע צעברויזטקייט וואָלט פּלוצלינג אויפגע־ריסן אַלע געוועבן אין מיין ברוסט און איבערגעטראָגן דאָס הייסע געפיל אין מיין בלוט אַריין — איז מיך פּלוצלינג באַ־פאַלן אַזאַ אומענדלעך, אַזאַ ברידערלעך מיטלייד צו די דאָזיקע צוויי מענטשן. וואָס האָבן זיי דען פאַרלאַנגט פון מיר, זיי, די אָרימע, הונגעריקע, אָפּגעריסענע יונגען, פון מיר, דעם אי־בערגעזעטיקטן, דעם פּאַראַזיט: עטלעכע קראָנען, אַ פּאָר נישטי־קע קראנען. זיי האָבן דאָך מיך געקאָנט דערשטיקן דאָרט אין דער פינסטער, מיך באַרויבן, דערהרגענען, און זיי האָבן עס פונדעסטוועגן נישט געטון, זיי האָבן בלויז אויף אַן אומבאַ־האָלפענעם, נישט־געשיקטן אופן געפּרוווט מיך איבערצושרעקן, כּדי אַרויסצובאַקומען עטלעכע קליינע זילבער־מטבעות, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ביי מיר אין טאַש. ווי האָב איך נאָך געקאָנט האָבן אַ האַרץ, איך, דער גנב צוליב קאַפּריז, צוליב פרעכהייט, דער פאַרברעכער צוליב איבערלעבענישן — זיי, די דאָזיקע אָרימע, נאָך צו מאַטערן? און אין מיין אָן אַ שעורדיקן מיטלייד האָט געשטראָמט אומענדלעכע בושה, וואָס איך האָב צוליב מיין הנאה וועגן געשפּילט זיך מיט זייער שרעק און אומגעדולד. איך האָב צוזאַמענגענומען מיינע מחשבות: איצט, גראָד איצט, בעת איך האָב מיך געפילט זיכער, ווען דאָס ליכט פון דער נאָענטער גאַס האָט מיך געשיצט, איצט מוז איך זיי

צוליב טון, איצט מוז איך די אַנטוישונג אויסלעשן אין די דאָזיקע ביטערע, הונגעריקע בליקן.

מיט אַ פלוצלינגער באַוועגונג בין איך צוגעטרעטן צו איינעם פון זיי. „פאַרוואָס ווילט איר מיך מסרן?" האָב איך געזאָגט און דערביי זיך באַמיט צוצוגעבן מיין שטים אַ נידער־געשלאָגענעם אָטעם פון פחד. „וואָס וועט אייך דערפון אַרויס־קומען? אפשר וועט מען מיך איינזעצן, און אפשר נישט. אָבער אייך וועט עס דאָך קיין שום נוצן נישט ברענגען. פאַרוואָס ווילט איר מיר פאַרביטערן דאָס לעבן?" ביידע האָבן אין פאַר־לעגנהייט געגלאָצט אויף מיר מיט די אויגן. זיי האָבן זיך אַצינד געריכט אויף אַלץ, אויף אַ געשריי, אַ דראָאונג, נאָך וועלכער זיי וואָלטן אַנטלאָפן ווי ברומענדיקע הינט, אָבער בשום אופן נישט אויף דער דאָזיקער נאָכגיביקייט. ענלעך האָט זיך אָנגערופן איינער, אָבער נישט דראָענדיק, נאָר גלייך ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט: „גערעכטיקייט מוז זיין. מיר טוען בלויז אונזער חוב."

עס איז מסתמא אַזוי געווען איינגעלערנט ביי זיי פאַר אַזעלכע פאַלן. און דאָך האָט עס געקלונגען עפעס אַזוי ווי פאַלש. קיינער פון זיי ביידע האָט נישט געוואַגט מיך אָנצוקוקן. זיי האָבן געוואַרט. און איך האָב געוווסט, אויף וואָס זיי וואַרטן, אַז איך זאָל בעטן ביי זיי חסד. און אַז איך זאָל זיי פאָרלייגן געלט.

איך געדענק נאָך אַלדינג, וואָס עס איז געשעען אין יענע סעקונדעס. איך געדענק יעדן נערוו, וואָס האָט אין מיר גע־ציטערט, יעדן געדאַנק, וואָס האָט געשלאָגן הינטער מיין שלייף. איך געדענק, וואָס פאַר אַ פאַרלאַנג ס'איז דעמאָלט אַנטשטאַ־נען אין מיין בייזן געפיל: צו לאָזן זיי וואַרטן, נאָך לענגער זיי צו קוועלן, אנצוקוויקן זיך מיט דעם פאַרגעניגן צו זעען זיי וואַרטנדיקע. אָבער איך האָב מיך שנעל באַצוווּנגען, איך האָב מיך געבעטן ביי זיי, ווייל איך האָב געפילט, אַז איך מוז זיי ענדלעך באַפרייען פון זייער שרעק. איך האָב אָנ־געהויבן צו שפילן אַ קאָמעדיע פון פחד, האָב געבעטן ביי

זיי מיטלייד, אַז זיי זאָלן שווייגן און מיך נישט אומגליקלעך מאַכן. איך האָב באַמערקט, ווי זיי קומען אין אַ פאַרלעגנהייט, די דאָזיקע נעבעכדיקע דילעטאַנטן אויף אַרויסצופרעסן געלט און ווי דאָס שטילשווייגן, וואָס איז אַריינגעטרעטן צווישן אונדז, איז ווייכער געוואָרן.

און דאַן האָב איך ענדלעך, ענדלעך אַרויסגעלאָזט דאָס וואָרט, נאָך וועלכן זיי האָבן אַזוי לאַנג געלעכצט. „איך גיב אייך... הונדערט קראָנען".

אַלע דריי זענען אויפגעשפּרונגען און האָבן זיך איבערגעקוקט. אויף אַזוי פיל האָבן זיי זיך גאָרנישט געריכט, אַצינד בעת זיי האָבן שוין געהאַלטן אַלץ פאַר פאַרלוירן. ענדלעך האָט דער מיט די פּאָקן-סמנים אויפן פּנים און מיטן אומרויקן בליק אין די אויגן זיך אָנגענומען מיט מוט. צוויי מאָל האָט ער אָנגעהויבן. די ווערטער האָבן אים נישט געוואָלט אַרויס פון דער קעל. ענדלעך האָט ער אַרויסגערעדט — און איך האָב געשפּירט, אַז ער שעמט זיך דערביי: „צוויי הונדערט קראָנען".

„אָבער הערט אויף", האָט פּלוצלינג דאָס מיידל זיך אַריינגעמישט. „איר באַדאַרפט צופרידן זיין, אויב ער וועט אייך בכלל עפּעס געבן. ער האָט דאָך קיין זאַך נישט געטון, ער האָט מיך נאָר קוים אָנגערירט. דאָס איז שוין באמת צופיל".

זי האָט עס זיי אַריינגעשריגן אין די פּנימער מיט אמתער פאַרביטערונג. און אין מיר האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט. עמעצער האָט מיט מיר מיטלייד, עמעצער האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר, פון דעם שפּלדיקן איז אַרויפגעשווומען גוטסקייט, פון אַ געלט-אויספּרעסונג האָט זיך אויסגעשיילט אַ מטושטשדיקער באַגער נאָך גערעכטיקייט. ווי דאָס האָט מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגן, ווי דאָס האָט געגעבן אַן ענטפער אויף דער צעברויזטער כוואַליע אין מיר! ניין, איצט נישט שפּילן לענגער מיט די דאָזיקע מענטשן, נישט קוועלן זיי לענגער אין זייער מורא, אין זייער בושה; גענוג! גענוג!

„גוט. אַלזאָ צוויי הונדערט קראָנען".

זיי האָבן אַלע דריי געשוויגן. איך האָב אַרויסגענומען דעם בריוטאַש. גאַנץ פּאַמעלעך, גאַנץ אָפּן האָב איך אים אויסגעבויגן אין דער האַנט. מיט איין כאַפּ וואָלטן זיי אים געוועין געקאָנט מיר אַרויסרייסן און אַנטלויפן אין דער פינסטער־ניש אַריין. אָבער זיי האָבן שרעקעוודיק אַוועקגעקוקט. צווישן זיי און מיר האָט שוין עקזיסטירט עפּעס א מין געהיימע התחייבות, נישט קיין קאַמף און שפּיל, נאָר אַ צושטאַנד פון רעכט, פון צוטרוי, אַ מענטשלעכע באַציונג. איך האָב אַרויס־געצויגן די צוויי אַסיגנאַצ עס פון דעם געגנבעטן פּעקל געלט און דערלאַנגט איינעם אין דער האַנט אַריין.

„אַ שיינעם דאַנק", האָט ער נישט ווילנדיק אַ זאָג גע־טון און גלייך זיך אַוועקגעדרייט. ער האָט משמעות אַליין געשפּירט די לעכערלעכקייט, צו דאַנקען פאַר אַרויסגעפּרעסט געלט. ער האָט זיך געשעמט, און די דאָזיקע בושה זיינע — אָ, אַלדינג האָב איך געפילט אין דער דאָזיקער נאַכט, יעדע באַוועגונג איז געוועין פאַר מיר אַנטפּלעקט! — האָט מיך נידער־געשלאָגן. איך האָב נישט געוואָלט. אַז ס'זאָל זיך פאַר מיר אַ מענטש שעמען, פאַר מיר, וואָס איך בין געוועין זיינס גלייכן, אַ גנב אַזוי ווי ער, שוואַך פּחדנותדיק און ווילנלאָז אַזוי ווי ער. זיין הכנעהדיקייט האָט מיר וויי געטון, און איך האָב אים געוואָלט פון איר באַפרייען. איך האָב דעריבער אָפּגעווענדט זיין דאַנק.

„איך באַדאַרף אייך גאָר דאַנקען", האָב איך געזאָגט און דערביי אַליין זיך געוואונדערט, וויפיל אמתדיקע האַרציקייט ס'האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין שטים: „אויב איר וואָלט מיך געוועין געמסרט, וואָלט איך געוועין אַ פאַרלוירענער. איך וואָלט מיך געמוזט דערשיסן און אייך וואָלט דערפון גאָרנישט אַרויסגעקו־מען. ס'איז בעסער, וואָס עס איז אַזוי געשעען. איך גיי אַצינד דאָ אַריבער אויף רעכטס און איר מסתמא דאָרט אויף יענער זייט. אַ גוטע נאַכט".

זיי האָבן ווידער געשוויגן אַ רגע, דערנאָך האָט איינער אַרויסגערעדט „אַ גוטע נאַכט". דערנאָך דער אַנדערער, צום

לעצט די פּראָסטיטוטקע, וואָס האָט זיך געפונען טיף אין דער פינסטער. עס האָט געקלונגען גאַנץ וואַרם, גאַנץ האַרציק, אַזוי ווי אַן אמתער ווונטש. פון זייערע שטימען האָב איך אַרויסגעפילט, אַז ערגעץ־ווו אין דער טיפעניש פון זייער וועזן האָבן זיי מיך ליב, אז זיי וועלן די דאָזיקע אויסטערלישע רגע קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אין תּפיסה אָדער אין שפּיטאָל וועט זיי אפשר די דאָזיקע רגע ווידער אַמאָל קומען אויפן זכרון: עפּעס אַ ברעקל פון מיר איז געבליבן לעבן אין זיי, איך האָב זיי עפּעס געגעבן. און די דאָזיקע הנאה צו געבן האָט מיך אָנגעפולט אינגאַנצן, ווי קיין שום געפיל נאָך קיינמאָל נישט.

איך האָב מיך געלאָזט גיין איינער אַליין אין דער נאַכט צום אַרויסגאַנג פון פּראטער. די גאַנצע נידערשלאָגנקייט איז פון מיר אָפּגעטון געוואָרן. איך האָב געפילט, ווי איך וואַקס מיך פונאַנדער אין אַ ביז איצט נישט געקענטער שפע, איך, דער פאַרלאָזענער, צעוואַקס מיך אין דער גאַנצער אומענדלעכער וועלט אַריין. איך האָב אַלץ עמפּינדן אַזוי, גלייך ווי עס וואָלט עקזיסטירט נאָר פאַר מיר אַליין. די בוימער אַרום מיר זענען געשטאַנען שוואַרץ, זיי האָבן גערוישט צו מיר און איך האָב זיי ליב געהאַט. פון דער הויך האָבן די שטערן אַראָפּגעגלאַנצט און איך האָב איינגעאָטעמט אין מיר זייער ווייסן גרוס. פון ערגעץ־ווו האָבן זיך דערטראָגן זינגענדיקע שטימען, און מיר האָט זיך געדאַכט, גלייך זיי וואָלטן זינגען נאָר פאַר מיר. אַלדינג האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן געהערן צו מיר, זינט איך האָב אַראָפּ־געריסן די שאָל פון מיין ברוסט און די פרייד פון געבן, פון פאַרשווענדן, האָט מיך געצויגן צו אַלעמען. אָ, ווי לייכט עס איז, האָב איך געפילט, פרייד צו פאַרשאַפן און אַליין פריילעך צו ווערן פון דער דאָזיקער פרייד: מען באַדאַרף זיך נאָר אויפעפענען, און באַלד פליסט דער לעבעדיקער שטראָם פון מענטש צו מענטש, פון דער הויך אין דער נידער אַראָפּ, און פונם תהום שוימט ער ווידער אַרויף אין דער אומענדלעכקייט אַריין.

ביים אַרויסגאַנג פון פראַטער נעבן אַן אָפּשטעל־אָרט פון האָגנס, האָב איך געזעען אַ גאַסן־הענדלערין זיצן מיד און גע־בויגן איבער איר קליין קרעמל. קיכלעך האָט זי געהאַט צו פאַרקויפן, באַדעקטע מיט אַ שימל פון שטויב, און אַ ביסל טרוכטן פון אינדערפרי אָן איז זי דאָ אודאי געזעסן, איינ־געבויגן איבער די דאָזיקע פאָר העלער, אַ צעבראָכענע פאַר־מידקייט. פאַרוואָס זאָלסטו דיך אויך נישט פרייען, האָב איך מיר געטראַכט. ווען איך פריי מיך? איך האָב גענומען אַ קליין שטיקל צוקערברויט און איר געגעבן אַן אַסיגנאַציע. זי האָט שנעל געוואָלט אַ רעשט געבן, נאָר איך בין שוין געגאַנגען ווייטער און האָב בלויז באַוויזן צו זען, ווי זי איז דערשראָקן געבליבן פאַר גליק, ווי די צעקנייטשטע געשטאַלט האָט זיך פלוצלינג געטון אַ כאַפּ־אויף און דאָס נשתּומם געבליבענע פאַר־גליווערטע מויל האָט מיר נאָכגעשיקט טויזנטער ברכות. מיט דעם צוקערברויט צווישן די פינגער בין איך צוגעגאַנגען צו אַ פערד, וואָס איז מיד געשטאַנען נעבן דעם דישעל, עס האָט באַלד אויסגעדרייט צו מיר דעם קאָפּ און פריינטלעך צוגע־שנאָרכט. אויך אינם פערדס טעמפּן בליק האָט געשטעקט דאַנקבאַרקייט, ווייל איך האָב אים געגלעט איבער זיינע ראָזע־פאַרביקע נאָזלעכער און דערלאַנגט אים דאָס צוקערברויט. און באַלד ווי איך האָב דאָס געטון, האָב איך באַקומען אַ פאַרלאַנג נאָך מער צו טון: נאָך מער פרייד צו פאַרשאַפן, נאָך מער צו שפירן, ווי מיט אַ פּאָר זילבער־מטבעות, מיט אַ פּאָר קאָלירטע שטיקלעך פּאַפּיר איז מען בכח צו פאַריאָגן שרעק, אָפּצוטויטן דאגות און אָנצוצינדן פריילעכקייט. וואָס פאַר אַ שאָד, וואָס ס'האָבן זיך דאָ נישט געפונען קיין בעטלער, קיין קינדער, וואָס זאָלן חשק האָבן צו אָט יענע באַלאָנען, וואָס איינער אַ ברומענ־דיקער, לאָמער אַלטיטשקער האָט געטראָגן אין גרויסע בינטן ביי אַ סך שנירלעך און געשלעפּט זיך מיט זיי אַהיים, אַן אַנ־טוישטער פון דעם שוואַכן פדיון אין פאַרלויף פונם לאַנגן הייסן טאָג. איך בין צוגעגאַנגען צו אים. „גיט מיר די באַלאָנען”. „צען העלער קאָסט אַ שטיק”, האָט ער געענטפערט מיט אומ־

צוטרוי, וואָרום וואָס קאָן דעם דאָזיקער עלעגאַנטער ליידיקגיי־ער באַדאַרפן די קאָלירטע באַלאָנען איצט אין האַלבער נאַכט ? „גיט מיר אַוועק אַלע", האָב איך געזאָגט און אים געגעבן אַ צען־קראָנען־אַסיגנאַציע. ער האָט זיך אַ וואַקל געטון און מיך אָנגעקוקט ווי אַ פאַרבלענדטער, דערנאָך האָט ער ציטערנ־דיק מיר דערלאַנגט די שנור, וועלכע האָט געהאַלטן דאָס גאַנצע בינטל. איך האָב דערפילט, ווי עס האָט מיר שטאַרק אַ ציִ געטון דעם פינגער אינדערהויך: זיי האָבן געוואָלט אַוועק־פליען, פריי ווערן, אַרויף אין הימל אַריין. טאָ גייט זשע, פליט, וווהין איר ווילט, ווערט פריי ! איך האָב אָפּגעלאָזט די שנור און זיי האָבן זיך פלוצלינג אַ לאָז געטון אַרויף אין דער הויך, אַזוי ווי אַ מחנה פילפאַרביקע לבנות. פון אַלע זייטן זענען אָנגעלאָפן מענטשן און האָבן געלאַכט. פון דער פינסטער־ניש אַרויס האָבן זיך באַוויזן די פאַרליבטע פּאָרלעך, די קוטשערס אויף די פיאַקערס האָבן געקנאַקט מיט די בייטשן, אַריבער־שרייענדיק איינער צום אַנדערן און טייטלענדיק מיט די פינגער, ווי די פרייגעלאָזטע באַלאָנען האָבן זיך אַצינד געטראָגן איבער די בוימער צו די הייזער און דעכער. אַלע האָבן זיך פריילעך אָנגעקוקט און הנאה געהאַט פון מיין אומשולדיק שפּיצל.

פאַרוואָס האָב איך דערפון גאָר קיינמאָל נישט געוווּסט, ווי לייכט עס איז און ווי גוט צו פאַרשאַפן פרייד ! מיטאַמאָל האָבן די אַסיגנאַציעס אין מיין בריוועטאַש מיך ווידער אָנגע־הויבן צו בריען, זיי האָבן מיר געציקט אין די פינגער, אַזוי ווי פריער די שנירלעך פון די באַלאָנען: אויך זיי האָבן אַ פּנים געוואָלט אַוועקפליען פון מיר ערגעץ־ווו אין דער וועלט אַריין. און איך האָב זיי גענומען צווישן די פינגער, די גע־גנבעטע ביי לאַיאָסן און מיינע אייגענע — וואָרום איך האָב שוין איצט נישט געפילט קיין שום חלוק אָדער שולד — גרייט זיי צוצוואַרפן יעדן איינעם, וואָס וועט פאַרלאַנגען. איך בין צוגעגאַנגען צו אַ גאַסן־ריינִיקער, וואָס האָט אַן אָנגעכמורעטער געקערט די אָפּגעליידיקטע פראַטער־גאַס. ער האָט געמיינט, אַז איך וויל אים פרעגן אויף עפּעס אַ גאַס און ער האָט

אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַן אומצופרידענער מינע: איך האָב אים אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין און אויסגעשטרעקט צו אים אַ צוואַנציק-קראָנען-אַסיגנאַציע. ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, נישט פאַרשטייענדיק, דערנאָך האָט ער זי ענדלעך גע-נומען און געוואַרט, וואָס איך וועל פון אים פאָדערן. איך אָבער האָב מיך בלויז צעלאַכט און געזאָגט: „קויף דיר פאַר דעם געלט עפּעס אַ גוטע זאַך" און האָב זיך געלאָזט גיין ווייטער. איך האָב מיך כסדר אומגעקוקט אויף אַלע זייטן, אויב עמעצער פאַרלאַנגט נישט עפּעס פון מיר, און אַזוי ווי ס'איז קיינער נישט געקומען, האָב איך אַליין פאָרגעלייגט: אַ פּראָסטיטוטקע, וואָס האָט מיך פאַרשלעפּט, האָב איך געשענקט אַן אַסיגנאַציע, אַ לאַמטערן-צינדער — צוויי, איינע האָב איך אַריינגעוואָרפן דורך אַן אָפן פענסטערל פון אַ בעקעריי, וואָס האָט זיך געפונען ערגעץ אין אַ קעלער-שטוב; אַזוי בין איך געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, און אַזוי ווי אַ שיף, וואָס לאָזט הינטער זיך צעשוימט וואַסער, האָב איך איבערגעלאָזט הינטער מיר דערשטוינונג, דאַנקבאַרקייט און פרייד. צום סוף האָב איך זיי צוזאַמענגעדריקטערהייט אָנגעהויבן איינציקווייז פונאַנדערצו-וואַרפן אויף דער גאַס, אויף די שטיגן פון אַ קירכע, און זיך געפרייט ביים געדאַנק, אַז אַן אַלטע, געראונצלטע פרוי וועט ביים פרימאָרגן-געבעט געפינען די הונדערט קראָנען און וועט גאָט בענטשן דערפאַר; אז אן אָרימער סטודענט, עפּעס אַ מיידל, אַן אַרבעטער וועלן אויף זייער וועג, דערשטוינטע און באַגליקטע, דאָס געלט געפינען, פּונקט אַזוי ווי איך האָב אין דער דאָזי-קער נאַכט אַ דערשטוינטער און אַ באַגליקטער מיך אַליין געפונען.

איך געדענק שוין גאַנצנד נישט, ווו און ווי איך האָב די אַלע אַסיגנאַציעס פונאַנדערגעוואָרפן און צום סוף אויך מיין אייגן זילבער-געלט. עפּעס אַ פאַרשפּורטקייט האָט געשטעקט אין מיר, עפּעס אַ מין צעשמאָלצן-ווערן ווי ביי אַ פרוי, און ווען די לעצטע אַסיגנאַציעס זענען שוין געווען אַוועקגעפלויגן, האָב איך דערפילט אַ לייכטקייט, גלייך איך וואָלט קענען פליען, אַ פרייהייט ווי איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געקענט. די גאַס, דער הימל

די הייזער, אַלץ האָט זיך ביי מיר צונויפגעגאָסן אין אַ גאַנץ נײַ געפיל פון באַזיצן, פון געהערן איינס צום אַנדערן: קיינמאָל, אַפילו אין די הייסטע סעקונדן פון מיין לעבן, האָב איך נישט עמפונדן אַזוי שטאַרק, אַז די דאָזיקע אַלע זאַכן זענען באמת פאַרהאַן, אַז זיי לעבן, אַז איך לעב און אַז זייער לעבן מיט מיינעם איז איינס, אַז עס איז דאָס גרויסע, דאָס געוואַלטיקע, קיינמאָל נישט גענוג גליקלעך געפילטע לעבן, וואָס נאָר די ליי-בע איז אימשטאַנד צו באַגרייפן, נאָר דער זיך אַוועקגעבנדיקער איז בכּח צו פאַרשטיין.

שפּעטער איז נאָך אָנגעקומען אַ לעצטע, פינסטערע רגע. דאָס איז געווען, בעת איך בין אַ באַגליקטער אַהיימגעקומען, אַריינגעשטעקט דעם שליסל אין טיר און עס האָט זיך פאַר מיר פונאַנדערגעעפנט דער שוואַרצער חלל פון מיין צימער, דעמאָלט איז אויף מיר פּלוצלינג אָנגעפאַלן אַ פּחד, אַז איך גיי ווידער אַריין אין מיין אַלט, פריערדיק לעבן, וויבאַלד איך באַטרעט די וווינונג פון יענעם מענטש, וואס איך בין געווען ביז איצט, וויבאַלד איך לייג מיך אַריין אין זיין בעט, וויבאַלד איך קניפּ ווידער אָן אַ פאַרבינדונג מיט דעם אַלעם, וואָס די דאָזיקע נאַכט האָט אויף אַזאַ שיינעם אופן אויפגעבונדן. ניין, נאָר נישט ווידער ווערן יענער מענטש, וואָס איך בין געווען, דער קאָרעקטער, געפיללאָזער, פון דער וועלט אָפּגעשיידטער דזשענטעלמען פון נעכטן און אַמאָל. שוין גלייכער אַראָפּצוזינ-קען אין אַלע תּהומות פון פאַרברעכן און גרויל, אָבער דער-פאַר זיך צו געפינען אין דערווירקלעכקייט פון לעבן! איך בין געווען מיד, אומבאַשרייבלעך מיד, און דאָך האָב איך מורא געהאַט, אַז דער שלאָף קאָן מיך איבערגעוועלטיקן און מיט זיין שוואַרצן שליים ווידער אָפּשווענקען פון מיר דאָס הייסע, דאָס גליענדיקע, דאָס לעבעדיקע, וואָס די דאָזיקע נאַכט האָט אין מיר אָנגעצונדן, אַזוי אַז די דאָזיקע גאַנצע איבערלעבעניש קאָן פאַרביילויפיק און שנעל פאַראיבערגיין, ווי אַ פאַנטאַסטישער חלום.

אָבער אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי האָב איך דערוואַכט

אַ הייסטערער און עס איז קיין זאַך נישט פאַרלוירן געגאַנגען פון דעם דאַנקבאַר שטראָ־ענדיקן געפיל. פון יענער צייט זענען שוין פאַריבער פיר חדשים און די אַמאָליקע פאַרגליווערטקייט האָט זיך נישט צוריקגעקערט, איך לעב איצט אָן שום זאָרגן. יענע מאַגישע פאַרשכורטקייט פון דעמאָלט, בעת איך האָב פלוצלינג פאַרלוירן פון אונטער די פיס דעם באָדן פון מיין וועלט און בין אַראָפּגעפאַלן אין אַן אומבאַקאַנטן חלל אריין, פילנדיק בעתן דאָזיקן פאַלן אין אַ תהום, וועלכער איז אייגנט־לעך געווען אין מיר אַליין, אַ קאָפּ־שווינדלען פאַר שנעלקייט און אין דער זעלבער צייט די טיפקייט פונם גאַנצן לעבן — אָט יענע היץ איז שוין וואָס אַן אמת פאַריבער, אָבער פון יענער שעה אָן שפיר איך מיט יעדן אָטעם־צוג מיין אייגן חאַרם בלוט און שפיר עס מיט דער טאָג־טעגלעך באַנייטער לעבנס־הנאה: איך ווייס, אַז איך בין געוואָרן אַן אַנדערער מענטש מיט אַנדערע חושים, אַנדערע עמפינדונגען און שטאַר־קערער באַוווסטזיניקייט. עס פאַרשטייט זיך, איך דערוועג מיך נישט צו פאַרזיכערן, אַז איך בין געוואָרן אַ בעסערער מענטש. איך חייס בלויז, אז איך בין גליקלעכער, ווייל איך האָב געפונען עפּעס אַ זין. פאַר מיין אינגאַנצן אָפּגעקילט לעבן, אַ זין, פאַר וועלכן איך געפין נישט קיין אַנדערן אויסדרוק, ווי גראָד דאָס וואָרט לעבן אַליין, פון דעמאָלט אָן זאָג איך מיר נישט אָפּ קיין שום זאַך, ווייל איך עמפינד דאָס אוממשותדיקייט פון די נאָרמען און פאָרמען, וואָס זענען אָנגענומען ביי מיין געזעל־שאַפט, איך שעם מיך נישט, נישט פאַר אנדערע, נישט פאַר מיר אַליין. ווערטער, ווי ערע, פאַרברעך, שלעכטע מדות, האָבן מיטאַמאָל באַקומען ביי מיר אַ קאַלטן, בלעכענעם קלאַנג, איך קאָן זיי נישט אַרויסרעדן אָן גרויל. איך לעב, אונטערגעבנדיק זיך דער השפּעה פון יענער מאַכט, וואָס איך האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל געשפּירט אַזוי מאַגיש. איך פרעג נישט, וווהין זי טרייבט מיך: אפשר אין אַ נייעם אָפּגרונט אריין, צו אַזעל־כעס וואָס מענטשן רופן אָן בייזע מעשים, אָדער אפשר גאָר צו עפּעס זייער דערהויבנס. איך ווייס עס נישט און וויל עס נישט

חיסן. וואָרום איך גלויב, אַז באמת לעבן לעבט נאָר דער, וואָס
לעבט־דורך זיין גורל ווי אַ סוד.

נאָך קיינמאל אָבער — דערין בין איך זיכער — האָב
איך נישט אַזוי פייערדיק ליב געהאַט דאָס לעבן ווי איצט, און
איך ווייס אַצינד, אַז עס באַגייט אַ פאַרברעך (דאָס איינציקע,
וואָס ס׳איז פאַרהאַן!) יעדער איינער, וועלכער איז גלייכגילטיק
צו וועלכער ס׳איז פון זיינע פאָרמען און געשטאַלטן. זינט איך
האָב אָנגעהויבן מיך אַליין צו פאַרשטיין, פאַרשטיי איך אויך
אָן אַ שעור אַנדערע זאַכן: דער גיריקער בליק פון אַ מענטש,
וואָס שטייט פאַר אַ שויפענסטער קאָן מיך דערשיטערן, דער
לופט־שפרונג פון אַ הונט קאָן מיך באַגייסטערן. איך האָב מיט
אַמאָל אָנגעהויבן אַכט צו לייגן אויף אַלדינג, קיין שום זאַך
איז מיר נישט גלייכגילטיק, איך לייען אין דער צייטונג (וועל־
כע איך פלעג געווענלעך פריער נאָר דורכבלעטערן אויף פאַר־
ווײלונגען און ליציטאַציעס) יעדן טאָג הונדערטער זאַכן, וואָס
רירן מיך, עס אַנטפּלעקן זיך איצט פאַר מיר אַזעלכע ביכער,
וואָס האָבן מיך פריער געלאַנגווייליקט. און דאָס מערקווירדיק־
סטע: איך בין מיטאַמאָל פעיק געוואָרן צו רעדן מיט מענטשן
אויך עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, וואָס מען רופט געווענלעך אָן
קאָנווערזאַציע. מיין דינער, וואָס איז שוין ביי מיר זיבן יאָר,
אינטערעסירט מיך איצט, איך טענה מיך אויס מיט אים גאַנץ
אָפט, דער הויזוועכטער, פאַר וועלכן איך פלעג תמיד אָן שום
אויפמערקזאַמקייט פאַרבייגיין, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען נישט
מער ווי אַ באַוועגלעכער סלופּ, האָט מיר אַנומלט דערציילט
וועגן דעם טויט פון זיין טעכטערל און איך בין דערפון גע־
ווען מער גערירט, ווי פון שעקספּירס טראַגעדיעס. און די דאָ־
זיקע ענדערונג אין מיר הויבט דאַכט זיך אָן צו ווערן וואָס
אַמאָל בולטער, הגם אויסערלעך, כדי זיך נישט צו פאַרראַטן,
פיר איך ווייטער דעם לעבנסשטייגער פון די קרייזן, ווו עס
הערשט ווילדערצויגענע לאַנגווייליקייט. טייל מענטשן זענען
מיטאַמאָל געוואָרן האַרציק צו מיר, דאָס דריטע מאָל שוין אין
דער היינטיקער וואָך האָט פּאַסירט, אַז פרעמדע הינט זענען

צוגעלאָפן צו מיר אויף דער גאַס און פריינט זאָגן מיר, מיט עפּעס אַ מין פרייד, ווי צו איינעם, וואָס איז איבערגעקומען אַ שווערע קראַנקהייט, אַז איך זע אויס, גלייך כ'וואָלט יונגער געוואָרן.

יונגער געוואָרן? איך אַליין ווייס עס צום בעסטן, אַז איצט הויב איך ערשט אָן אויף אַן אמת צו לעבן. עס הערשט אַן אַלגעמיינע איינרעדעניש, אַז דאָס פאַרגאַנגענע אין לעבן באַשטייט תמיד בלויז פון טעותים און אַז עס איז בלויז נאָר אַ פּאָר־באַרייטונג צום לעבן, און איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז עס איז אַ דרייסטקייט פון מיר, ווען איך נעם אַ קאַלטע פעדער אין דער וואַרעמער לעבעדיקער האַנט אַריין און שרייב־אויף אויף אַ שטיקל טרוקן פּאַפּיר, אַז איך לעב ווירקלעך. און מעג עס אפילו זיין אַן איינרעדעניש — עס איז אָבער דאָס ערשטע געפיל, וואָס האָט מיך באַגליקט, וואָס האָט מיין בלוט דער־וואַרעמט און מיינע חושים אויפגעעפנט. און ווען איך צייכן מיר דאָ אויף דעם נס פון מיין תחית־המתים, טו איך עס בלויז פאַר מיר אַליין, פאַר מיר, וואָס פאַרשטייט דאָס אַלץ טיפער, איידער די אייגענע ווערטער זענען עס בכח אויסצודריקן. איך האָב תּעגן דעם נישט גערעדט מיט קיינעם פון מיינע פריינט; זיי האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט, ווי אָפּגעשטאָרבן איך בין שוין געווען, און זיי וועלן קיינמאָל קיין אנונג נישט האָבן, ווי בליענ־דיק איך בין איצט. און ווען אַפילו עס זאָל זיך פּלוצלינג אינם דאָזיקן בליענדיקן לעבן מיינעם דער טויט אַריינרייסן און די דאָזיקע שורות זאָלן אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, שרעקט מיך די דאָזיקע מעגלעכקייט נישט און פאַרשאַפט מיר נישט קיין זאָרג. וואָרום ווער עס האָט קיינמאָל נישט געפילט די מאַגיע פון אַזאַ שעה, וועט זייער ווייניק פאַרשטיין, פּונקט ווי איך אַליין ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, אַז אַזעלכע פּאַר־דורכלויפיקע און אין פּלוג צווישן זיך אַן שייכותדיקע עפּיזאָדן פון איין איינציקן אָוונט זענען בכח אַזוי מאַגיש אָנצוצינדן אַ שוין פאַרלאָשן לעבן. פאַר אים שעם איך מיך נישט, וואָרום ער וועט מיך נישט פאַרשטיין. ווער אָבער עס פאַרשטייט יענע

שייכות, דער משפט נישט און איז נישט שטאָלץ. פאַר אים שעם איך מיך נישט, וואָרום ער וועט מיך פאַרשטיין. ווער ס׳האָט אַמאָל געפונען זיך אַליין, דער קאָן שוין אויף דער דאָזיקער וועלט קיין שום זאַך נישט פאַרלירן. און ווער ס׳האָט אַמאָל באַגריפן דעם מענטש אין זיך, דער באַגרייפט אַלע מענטשן.

ווען דער באַוווסטער ראָמאַן-שריפטשטעלער ר. איז אין אַ פרימאָרגן צוריקגעקומען קיין ווין נאָך אַ דריי-טאָגיקן דער-פרישונגס-אויספלוג אין די בערג און האָט אויפן וואָקזאַל גע-קויפט אַ צייטונג, איז אים, דורכלויפנדיק מיטן בליק דאָס דאַטום, פּלוצלינג געקומען אויפן זכרון, אַז היינט איז זיין געבורטסטאָג. „דער איין און פערציקסטער געבורטסטאָג", — האָט ער שנעל אַ טראַכט-געטון, און דאָס דאָזיקע פעסטשטעלן האָט נישט אַרויס-גערופן ביי אים נישט קיין צופרידנקייט, נישט קיין ווייטיק. ער האָט שנעל דורכגעבלעטערט די פרישע, קנאַקנדיקע זייטן פון דער צייטונג און איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ געדונגענעם אויטאָ-מאָביל צו זיך אויף דער ווינונג. דער דינער האָט אים גע-מאָלדן וועגן צוויי באַזוכן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט, ווי אויך וועגן עטלעכע טעלעפאָן-אַרויספאָדערונגען און אים דערלאַנגט אויף אַ טאַץ די אָנגע-זאַמלטע קאָרעספּאָנדענץ. ער האָט זי באַטראַכט מיט אַ מידן בליק, אויפגעעפנט אייניקע קאָנווערטן, וועלכע האָבן אים פאַר-אינטערעסירט; איין בריוו מיט אַן אומבאַקאַנטער האַנטשריפט, וועלכער האָט אויסגעזעען צו זיין פון זייער אַ גרויסן אינהאַלט, האָט ער אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט.

דערווייל איז פאַר אים אָנגעגרייט געוואָרן טיי, ער האָט זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט אין פאָטעל, נאָכאַמאָל דורכ-געבלעטערט די צייטונג און עטלעכע דרוק-זאַכן; דערנאָך האָט ער פאַררויכערט אַ ציגאַר און ווידער גענומען דעם אַוועקגעלייגטן בריוו.

דאָס איז געווען אַן ערך צוויי טוץ בלעטלעך, האַסטיק

באַשריבן מיט אַ פרעמד אומרויק פרויען־כּתב, מער ענלעך אויף אַ מאַנוסקריפּט, ווי אויף אַ בריוו. ער האָט נישט ווילנדיק נאָכאַמאָל באַטראַכט דעם קאָנווערט, צי ס׳איז נישט אַמאָל דאָרט איבער־געבליבן עפּעס אַ צושריפט. אָבער דער קאָנווערט איז געווען ליידיק און ס׳איז נישט געווען צו באַמערקן אויף אים, אַזוי ווי אויף די בלעטלעך אַליין, קיין אַדרעס פון אָפּשיקער אָדער אַן אונטערשריפט. ער האָט ווידער גענומען דעם בריוו אין האַנט אַריין. „צו דיר, וואָס האָט מיך קיינמאָל נישט געקענט", איז געשטאַנען אויבן אַלס טיטל. אַ פאַרוואונדערטער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. זאָל מען דאָס אים האָבן געמיינט, זאָל מען דאָס מיינען אַ געטרוימטן מענטש? זיין נייגעריקייט איז מיטאַמאָל וואַך געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען.

*

„מיין קינד איז נעכטן געשטאָרבן — דריי טעג און דריי נעכט האָב איך געפירט אַ קאַמף מיטן טויט פאַר דעם דאָזיקן קליינעם צאַרטן וועזן. פערציק שעה בין איך ביי זיין בעט געזעסן, בשעת די גריפּע האָט זיין הייס לייב אין פיבער געטרייסלט. איך האָב אים צום גליענדיקן שטערן קאַלטס געלייגט. איך האָב זיינע אומרויקע קליינע הענטלעך געהאַלטן טאָג איין נאַכט, אויפן דריטן טאָג בין איך אָן כּחות געבליבן, מיינע אויגן זענען אָנמעכטיק געוואָרן. זיי האָבן זיך אַליין פאַרמאַכט, גאַר אָן מיין וויסן. אויף דריי אָדער פיר שעה בין איך איינגעשלאָפן אויף דער האַרטער שטול און דערווייל האָט דער טויט אים אַוועקגענומען. אַצינד ליגט עס דאָרט דאָס זיסע, אָרימע יינגל, אין קליינעם קינדער־בעטל, אינגאַנצן אַזוי, ווי עס איז געשטאָרבן; נאָר די אויגן האָט מען אים צוגעמאַכט, זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן, די הענט האָט מען אים איבערן ווייסן העמד צוזאַמענגעלייגט און פיר ליכט ברענען נאָך ביי די פיר עקן פון בעט. איך וואַג נישט אַהינצוקוקן, איך וואַג מיך נישט אַ ריר צו טון, ווייל ווען די ליכט־פלעמלעך וואַרפן שאָטנס איבער זיין פּנים, דאַכט זיך מיר אויס, אַז

זיינע געזיכטס-ציגן באַוועגן זיך און איך קאָן מיינען, אַז ער איז נישט טויט, אַז ער וועט ווידער אויפוואַכן און וועט מיר עפּעס זאָגן מיט זיין קלאָרער, קינדיש-צערטלעכער שטים. אָבער איך ווייס עס, ער איז טויט, איך וויל נישט מער אַהינקוקן, כּדי איך זאָל נישט ווידעראַמאָל האָפן און נאָכאַמאָל אַנטוישט ווערן. איך ווייס עס, איך ווייס עס, מיין קינד איז נעכטן געשטאָרבן — אַצינד האָב איך נאָר בלויז דיך אויף דער וועלט, נאָר דיך, וואָס דו ווייסט פון מיר גאָרנישט, וואָס דו פאַר-ברענגסט דערווייל, גאָרנישט ווייסנדיק פון דעם אַלעם און שפּילסט זיך מיט זאַכן און מיט מענטשן; נאָר דיך, וואָס האָסט מיך קיינמאָל נישט געקענט און וועמען איך האָב שטענ-דיק געליבט.

איך האָב אַ פינפט ליכט גענומען און אַנידערגעשטעלט דאָ אויף דעם טיש, אויף וועלכן איך שרייב דעם בריוו צו דיר. איך קאָן נישט אַליין זיין מיט מיין טויט קינד און נישט אַראָפּ-רעדן זיך פון האַרצן. און צו וועמען זאָל איך רעדן אין דער דאָזיקער שרעקלעכער שעה, אויב נישט צו דיר, וואָס ביסט גע-ווען און דו ביסט פאַר מיר אַלץ! מעגלעך, איך קאָן נישט רעדן צו דיר גענוג דייטלעך, אפשר ווערסטו מיך נישט פאַר-שטיין — מיין קאָפּ איז אינגאַנצן באַרוישט, עס קלאַפּט מיר אין די שלייפן, די גלידער טוען מיר וויי. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב פיבער, און אפשר גאָר די גריפּע, וועלכע גייט אַצינד פון שטוב צו שטוב, און הלואי זאָל עס טאַקע אַזוי זיין, וואָלט איך אַוועק מיט מיין קינד אינאיינעם און וואָלט פאַרשפּאָרט צו טון דאָס, וואָס איז מיר דערווידער. טיילמאָל ווערט מיר פינסטער פאַר די אויגן, אויס מורא, טאָמער וועל איך שוין נישט באַוויזן דעם דאָזיקן בריוו צו דערשרייבן ביזן סוף — אָבער איך וועל אַלע מיינע כּחות צונויפנעמען, כּדי איינמאָל, בלויז נאָר איינמאָל, נאָר דאָסדאָזיקע איינציקע מאָל צו דיר צו רעדן, דו מיין געליבטער, וואָס האָסט מיך קיינמאָל נישט דערקענט.

צו דיר אַליין וויל איך רעדן, צום ערשטן מאָל דיר אַלץ

אַרויסזאָגן; מיין גאַנץ לעבן זאָלסט וויסן, וואָס האָט שטענדיק צו דיר געהערט און וועגן וועלכן דו האָסט קיינמאָל נישט געוווסט. נאָר דו זאָלסט מיין סוד געוואָר ווערן ערשט דעמאָלט, ווען איך וועל שוין טויט זיין, ווען דו וועסט מיר שוין נישט דאַרפן געבן קיין ענטפער, אויב דאָס פיבער, וואָס וואַרפט אַצינד מיינע גלידער אין היץ און אין קעלט, איז ווירקלעך שוין דער אָנזאָג אויף מיין סוף. מוז איך ווייטער לעבן, וועל איך צע־רייסן דעם דאָזיקן בריוו און וועל ווייטער שווייגן, אַזוי ווי איך האָב שטענדיק געשוויגן, וועסטו אים אָבער האַלטן אין דיינע הענט, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס דערציילט דיר אַ טויטע איר לעבן, איר לעבן, וואָס האָט צו דיר געהערט פון איר ערשטער ביז צו דער לעצטער באַוווּסטזיניקער שעה. שרעק דיך נישט פאַר מיינע ווערטער, אַ טויטע פאַרלאַנגט גאָרנישט, זי פאַרלאַנגט נישט קיין ליבע, נישט קיין מיטלייד און נישט קיין טרייסט. בלויז דאָס איינע פאַרלאַנג איך פון דיר: דו זאָלסט מיר גלויבן אַלץ, וואָס איך וועל פאַר דיר אַנטפּלעקן. גלויב מיר אַלץ, בלויז דאָס איינע בעט איך דיך — מען זאָגט נישט קיין שקר אין דער שעה, ווען עס שטאַרבט אַן איינציק קינד.

מיין גאַנץ לעבן וויל איך דיר אַנטפּלעקן. דאָסדאָזיקע לעבן, וואָס האָט זיך אייגנטלעך ערשט אָנגעהויבן מיט דעם טאָג, ווען איך האָב דיך דערקענט. פריער איז בלויז געווען עפּעס אַ פאַרנעפּלטקייט און אומקלאָרקייט, אין וועלכן מיין זכרון קאָן שוין מער נישט אַריינדרינגען, עפּעס אַ קעלער מיט פאַרשטויבטע, מיט שפּינוועבס באַדעקטע, נעפּלהאַפטיקע זאַכן און מענטשן, פון וועלכע מיין האַרץ האָט שוין נישט קיין אַנונג. ווען דו ביסט געקומען, בין איך אַלט געווען דרייצן יאָר און האָב געוווינט אין דעם זעלבן הויז, ווו דו וווינסט איצט, אין דעם הויז, ווו דו האַלטסט אין דיינע הענט דעם דאָזיקן בריוו — מיין לעצטן לעבנס־הויך. איך האָב געוווינט אין דעם זעלבן קאָרידאָר, פּונקט קיגנאיבער דער טיר פון דיין וווינונג. דו געדענקסט אונדז שוין זיכער נישט, די אָרימע אלמנה (זי איז שטענדיק געווען געקליידט אין טרויער) און דאָס האַלב־דערוואַקסענע, מאָגערע

קינד — מיר האָבן זייער שטיל געלעבט, אַריינגעטון אין אונזערע קליינבירגערלעכע דאגות — דו האָסט אפשר קיינמאָל נישט געהערט אונזער נאָמען, מיר האָבן נישט געהאַט קיין אויפשריפט אויף דער טיר פון אונזער וווינונג און קיינער איז צו אונז נישט געקומען, קיינער האָט זיך אויף אונז נישט נאָכגעפרעגט, דערצו נאָך איז שוין פאריבער אַזאַ לאַנגע צייט, פופצן, זעכצן יאָר, ניין, דו געדענקסט עס שוין זיכער נישט, מיין געליבטער, איך אָבער, אָ, איך דערמאָן מיך ליידנשאַפטלעך אָן יעדער איינצלהייט, איך געדענק נאָך ווי היינט דעם טאָג, ניין, די שעה, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל פון דיר געהערט, דיך צום ערשטן מאָל געזעען, און ווי קאָן עס דען גאָר אַנדערש זיין — דעמאָלט האָט זיך דאָך אָנגעהויבן פאר מיר די וועלט. זיי געדולדיק, וואָס איך וועל דיר אַלץ, אַלץ פון אָנהויב אָן דערציילן; ווער נישט מיד, איך בעט דיך, דאָס איינע פערטל שעה אויסצוהערן די, וואָס איז אַ לעבן-לאַנג דיך צו ליבן נישט געוואָרן מיד.

איידער דו האָסט זיך אין אונזער הויז אַריינגעצויגן, האָבן אין דער דירה געוווינט העסלעכע, בייזע, קריגערישע מענטשן. הגם זיי זענען אַליין געווען אָרים, האָבן זיי דאָך שרעקלעך פיינט געהאַט די אָרימע שכנים — אונז, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין געמיינזאַמעס מיט זייער שפּלדיקער, פּראָלעטאַרישער גראָבקייט. דער מאַן איז געווען אַ שכּור און האָט געשלאָגן זיין ווייב; אָפטמאָל פלעגט אונז אויפוועקן אין מיטן דער נאַכט אַ קלאַפעריי פון שטולן און קלינגעריי פון צעהאַקטע טעלער. איינמאָל איז זי אַ בלוטיק-געשלאָגענע און מיט צעשויבערטע האָר געלאָפן אויף די טרעפּ און הינטער איר דער מאַן אַ שכּורער און האָט אַזוי געליאַרמט, ביז מענטשן זענען אַרויסגעלאָפן פון זייערע וווינונגען און אים געדראָט מיט פּאָליציי. מיין מוטער האָט אויסגעמיטן באַלד פון אָנהויב אָן יעדע באַציאונג מיט זיי און האָט מיר פאַרווערט צו רעדן מיט די קינדער, וועלכע האָבן זיך דערפאַר נוקם געווען אָן מיר ביי יעדער געלעגנהייט. אַז זיי פלעגן מיך באַגעגענען אויף דער

גאַס, האָבן זיי מיר נאָכגעשריגן מיאוסע ווערטער און איינמאָל האָבן זיי מיך מיט האַרטע שטיקער שניי אַזוי צעשלאָגן, אַז עס האָט זיך מיר געלאָזט בלוט פון שטערן. דאָס גאַנצע הויז האָט עפּעס, ווי מיט אַ געמיינזאַמען אינסטינקט, פיינט געהאַט דידאָזיקע מענטשן, און ווען ס'איז איינמאָל פּלוצלינג עפּעס געשעען — מיר דאַכט, אַז מ'האָט דעם מאַן איינגעזעצט אין תּפיסה פאַר אַ גנבה — און זיי האָבן זיך מיט זייער גאַנצן קלאַפּערגעצייג געמוזט אַרויסציען, האָבן מיר אַלע לייכט אָפּגע-אָטעמט. עטלעכע טעג איז געהאנגען אַ פאַרדינגונגס-צעטל אויפן טויער פון הויז, דערנאָך האָט מען עס אַראָפּגענומען, און דורכן הויז-פאַרוואַלטער האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז איינער, אַ רויקער הער, אַ שריפטשטעלער האָט די וווינונג גע-דונגען, דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט דיין נאָמען.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען געקומען מאָלער, צימער-פּיצער, טאַפּעצירער, כדי די וווינונג ריין צו מאַכן נאָך די פריערדיקע שמוציקע בעלי-בתּים. מ'האָט געהאַקט, געקלאַפּט, געפּוצט און געקראַצט; נאָר די מוטער האָט דאָס אַלץ פאַרליב גענומען. אַצינד, האָט זי געזאָגט, וועט שוין ענדלעך אַ סוף נעמען צו דעם אומזויבערן צושטאַנד אין דער קייגנאיבערדיקער וווינונג. דיך אַליין האָב איך נאָך אַלץ נישט געזעען, אַפילו בשעת דעם איבערציען זיך. אויף דער דאָזיקער גאַנצער אַר-בעט האָט אַכטונג געגעבן דיין דינער, דער נידעריקער, ערנסטער, גרויער הויז-דינער, וועלכער האָט אַלץ אָנגעוויזן אויף אַ שטילן, זאַכלעכן אופן. ער האָט אונז אַלע זייער אימפּאָנירט. ערשטנס, ווייל אין אונזער פאָרשטאָט-הויז איז אַ הויז-דינער געווען עפּעס אַ מין נייעס און אויך דערפאַר, ווייל ער איז צו אַלעמען גע-ווען אויסערסט העפלעך, נישט שטעלנדיק זיך דערביי אויף איין שטופע מיט דער דינערשאַפט און נישט אַריינלאָזנדיק זיך מיט זיי אין חברשע שמועסן. מיין מוטער פלעגט ער באַגריסן פון ערשטן טאָג אָן, ווי מ'באַגריסט אַ דאַמע, אַפילו צו מיר, דעם צעלאָזענעם מיידעלע, איז ער געווען צוטרוילעך און

ערנסט. אז ער פלעגט דערמאָנען דיין נאָמען, איז עס שטענ־
דיק געווען מיט אַ געוויסן יראת־הכּבוד, מיט אַ באַזונדערן רעס־
פּעקט — מען האָט גלייך דערקענט, אַז זיין צוגעבונדנקייט צו
דיר שטייגט אריבער אַ סך מער, ווי דאָס געוועגלעכע דינען.
און ווי ליב האָב איך אים געהאַט דערפאַר, דעם גוטן, אַלטן
יאָהאַן, הגם איך האָב אים מקנא געווען, וואָס ער קאָן שטענ־
דיק זיין נעבן דיר און דיר דינען!

איך דערצייל דיר דאָס אַלץ, דו געליבטער, די דאָזיקע
אַלע נישט וויכטיקע, כּמעט לעכערלעכע זאַכן, כּדי דו זאָלסט
פאַרשטיין, ווי אַזוי דו האָסט געקאָנט פון אָנהויב אָן געווינען
אַזאַ מאַכט אויף מיר, דעם שרעקעוודיקן און אומדרייסטן קינד.
נאָך איידער איך האָב דיך געקענט, ביסטו שוין געווען איינ־
געהילט פאַר מיר אין אַ ליכטשיין, אין אַ ספערע פון רייכטום,
וווּנדערבאַרקייט און סודותדיקייט — מיר אַלע אין דעם קליינעם
פאָרשטאָט־הויז (מענטשן, וואָס פירן אַן אָרים לעבן, זענען שטענ־
דיק נייגעריק צו יעדער נייער געשעעניש, וואָס קומט פאָר נעבן
זייערע טירן) האָבן שוין אומגעדולדיק געוואַרט אויף דיין אָנ־
אָנקומען. און די דאָזיקע נייגיריקייט צו דיר האָט זיך נאָך
מער ביי מיר געשטאַרקט, בשעת איך בין איינמאָל אין אַ נאָכ־
מיטאָג אַהיים געקומען פון שול און דערזעען דעם מעבל־וואָגן
שטיין פאַרן הויז. די שווערע זאַכן האָבן שוין די טרעגער
געהאט אַראָפּגעטראָגן און זיי האָבן נאָך געהאַלטן אין טראָגן
איינצלנע קלענערע זאַכן, איך בין געבליבן שטיין ביי דער טיר,
כּדי דאָס אַלץ צו באַוווּנדערן, וואָרום אַלע דיינע זאַכן זענען
געווען אַזוי מאָדנע, איך האָב נאָך אַזעלכע ביז אַהער קיינמאָל
נישט געזעען. ס׳האָבן זיך געפונען אינדישע געצן, איטאַליענישע
סקולפּטורן, גרויסע, זייער העלע בילדער דערנאָך, גאָר צום
סוף, האָט מען אַרויפגעטראָגן ביכער, אַזוי פיל און אַזעלכע
שיינע, וואָס איך וואָלט עס מיר גאָר קיינמאָל נישט געקאָנט
פאָרשטעלן. ביי דער טיר האָט מען זיי אַנידערגעלייגט אַלע
אויף איין שטויס, דאָרט האָט זיי דער אַלטער דינער איבער־
גענומען און זאָרגפעלטיק אָפּגעווישט דעם שטויב פון יעדן באַ־

זונדער. איך בין נייגעריק אַרומגעקראָכן אַרום דעם שטויס ביכער, וועלכער איז וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער געוואָרן, דער רינער האָט מיך נישט אַוועקגעטריבן, ער האָט מיר אָבער אויך נישט אַרויסגעוויזן קיין פריינטלעכקייט, איך האָב דעריבער נישט געוואַגט אָנצורירן קיין שום בוך, הגם איך האָב שטאַרק חשק געהאַט אָנצוטאַפּן די ווייכע לעדער ביי אַ טייל פון זיי. בלויז נאָר די טיטלען האָב איך שרעקעוודיק באַטראַכט פון דער זייט; צווישן זיי האָבן זיך געפונען פראַנצויזישע, ענגלישע און טייל אין שפּראַכן, וועלכע איך האָב נישט פאַרשטאַנען. איך בין זיכער, אַז איך וואָלט אַזוי געווען געקוקט אויף זיי גאַנצע שעהן, נאָר פּלוצלינג האָט מיך די מוטער אַריינגערופן אַהיים.

דעם גאַנצן אָוונט דעמאָלט האָב איך געמוזט טראַכטן וועגן דיר, נאָך איידער איך האָב דיך געקענט. איך אַליין האָב פאַרמאָגט בלויז נאָר עטלעכע ביליקע ביכער מיט צעריסענע איינבונדן, וועלכע איך האָב ליב געהאַט מער פאַר אַלץ און געלייענט זיי איינמאָל נאָכן אַנדערן, און מיין מח האָט געעגבערט דער געדאַנק: ווי קאָן עס אויסזעען אַזאַ מענטש, וועלכער פאַרמאָגט און האָט געלייענט די דאָזיקע מענגע הער-לעכע ביכער, וואָס קען די אַלע שפּראַכן און איז אַזוי רייך און געלערנט צוגלייך. עפּעס אַ מין איבערערדישע ערפורכט איז מיך באַפאַלן, טראַכטנדיק וועגן דעם דאָזיקן באַרג ביכער. איך האָב מיר געפּרוווט שאַפן אַ פאָרשטעלונג וועגן דיר: דו ביסט אַן אַלטער מאַן אין ברילן און מיט אַ ווייסער, לאַנגער באָרד, ענלעך צו אונזער געאָגראַפיע-לערער, נאָר אַ סך בעסער, שענער און מילדער, — איך ווייס אַליין נישט, פאַרוואָס איך בין שוין דעמאָלט, בשעת איך האָב מיר נאָך פאָרגעשטעלט דיך אַלס אַן אַלטן מאַן, געווען אַזוי זיכער, אַז דו מוזט זיין שיין. דעמאָלט אין יענער נאַכט, נאָך איידער איך האָב דיך געקענט, האָב איך צום ערשטן מאָל פון דיר געחלומט.

אויפן אַנדערן טאָג האָסטו זיך אַריינגעצויגן, נאָר נישט קוקנדיק אויף מיין נאָכלויערן, האָב איך בשום אופן נישט גע-קאָנט באַקומען די געלעגנהייט דיך צו זעען — דאָס האָט נאָך

פאַרשטאַרקט מײַן נײַגיריקייט. ענדלעך, אויפֿן דריטן טאָג האָב איך דיך געזען. און וואָס פֿאַר אַ דערשיטערנדיקע איבער־ראַשונג איז עס פֿאַר מיר געווען, וואָס דו ביסט אַזוי אַנדערש, גאָר אָן דער מינדסטער שײַכות צו דעם בילד, וואָס האָט זיך געשאַפֿן אין מײַן קינדישער פֿאַנטאַזיע. אַ גומיטיקן אַלטיטשקן אין ברילן האָב איך מיר פֿאָרגעשטעלט, און אָט ביסטו געקו־מען — דו, אינגאַנצן אַזוי, ווי דו ביסט נאָך הײַנט, דו אומ־פֿאַרענדערבאַרער, בײַ וועמען די יאָרן גליטשן זיך אַזוי פֿאַ־מעלעך! דו ביסט געווען אָנגעטון אין אַ העל־ברוינעם, פּרעכ־טיקן ספּאָרט־אַנצוג און ביסט, מיט דײַן אומפֿאַרגלײַכלעך לײַכטן ייִנגלשן אַרט, אַ ־ויפֿגעלאָפֿן אויף די טרעפּ, שפּרײַזנדיק איבער צוויי שטיגן מיטאַמאָל. דעם היט האָסטו געטראָגן אין דער האַנט און איך האָב געקוקט מיט אַן אומבאַשרײַבלעכער דער־שטוינונג אויף דײַן העל, לעבעדיק געזיכט און אויף דײַנע פֿרישע האָר.ווירקלעך, איך בין דערשראָקן געבליבן פֿאַר דערשטוינונג, ווי יונג, ווי שיין, ווי שלאַנק און עלעגאַנט דו ביסט געווען, און איז עס נישט ווונדערלעך: אין דער דאָזיקער ערשטער סעקונדע האָב איך גאַנץ דײַטלעך עמפּפֿונדן דאָס, וואָס איך און אַלע אַנדערע פֿלעגן מיט אַ מין איבערראַשונג אין דיר עמפֿינדן, אַז דו ביסט עפּעס אַ צווייפֿאַכער מענטש, אַ הייסער, לײַכט־געמיטיקער יונגער מענטש, אינגאַנצן אַרײַנגעטון אין שפּיל און פֿלירט און גלײַכצײַטיק ביסטו אין דײַן קונסט אַ שטרענג־ערנסטער, פֿליכט־באַוווסטזיניקער, אומענדלעך באַלעזענער און געבילדעטער מאַן. אומבאַוווסטזיניק האָב איך עמפֿינדן דאָס, וואָס יעדער האָט דעמאָלט בײַ דיר געפֿילט. אַז דו פֿירסט אַ טאָפּל־לעבן; איין לעבן, אַ העלס, פֿרײַ געווענדט צו דער וועלט, און ווידער אַ זייער טונקעלס, וואָס איז נאָר דיר אַליין באַקאַנט — די דאָזיקע טיפֿע צווייאיקייט, דעם סוד פֿון דײַן עקזיסטענץ, האָב איך, דאָס דרײַצניאָריקע קינד, געפֿילט, דורך אַ מאַגישער ווירקונג, באַלד מיט מײַן ערשטן בליק.

פֿאַרשטייסטו שוין אַצינד, געליבטער, וואָס פֿאַר אַ וווּנדער, וואָס פֿאַר אַ רײַצנדיק רעטעניש דו האָסט געמוזט זײַן פֿאַר

מיר, דעם קינד! אַ מענטש, פאַר וועלכן מען האָט דרך־ארץ, ווייל ער שרייבט ביכער, ווייל ער איז באַרימט אין יענער אַנדערער גרויסער וועלט, ווייזט זיך גאָר פּלוצלינג אַרויס אַלס אַ יונגן, עלעגאַנטן, ייִנגליש־הייטערן, פינף און צוואַנציק יאָריקן מאַן. דאַרף איך דיר נאָך זאָגן, אַז פון יענעם טאָג אָן האָט מיך אין אונ־זער הויז, אין מיין גאַנצער אָרימער קינדער־וועלט קיין שום זאַך נישט אינטערעסירט, אויסער דיר; מיט דער גאַנצער פעסט־קייט, מיט דער גאַנצער פאַרעקשנטער שטאַנדהאפטיקייט פון אַ דרייצניאָריק קינד, בין איך נאָר מיט דיין לעבן, מיט דיין עקזיסטענץ געווען פאַרנומען. איך האָב באַאָבאַכט דיך, איך האָב באַאָבאַכט דיינע געוווינהייטן, איך האָב באַאָבאַכט די מענטשן, וואָס פלעגן צו דיר קומען, און דאָס אַלץ האָט, אַנ־שטאט צו מינדערן, נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין נייגיריקייט צו דיר אַליין, וואָרום די גאַנצע צווייאיקייט פון דיין וועזן האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאַרשידנקייט פון די דאָזיקע באַזוכן. ס'פלעגן קומען יונגע מענטשן, חברים דיינע, מיט וועלכע דו האָסט געלאַכט און זיך געהאַלטן פריי, אָפּגעריסענע סטודענטן, און טיילמאָל דאַמען, וועלכע פלעגן צופאָרן אויף אויטאָמאָבילן. איינמאָל איז געקומען דער דירעקטאָר פון דער אָפּערע, דער גרויסער דיריגענט, וועלכן איך האָב אַמאָל ערפורכטיק געזען פונ־דערווייטנס ביים פולט, דאַן ווידער פלעגן קומען קליינע מייד־לעך, וואָס זענען נאָך געגאַנגען אין דער האַנדלשול און פלעגן מיט פאַרלעגנהייט זיך שנעל אַריינגליטשן דורך דער טיר. איבערהויפּט פלעגן קומען אַ סך פרויען. איך האָב דע־רויף נישט געלייגט קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט, אויך אַפילו נישט דאַן, בשעת איך האָב איינמאָל אינדערפרי, גייענדיק אין שול, געזען אַרויסגיין פון דיין צימער אַ אינגאַנצן פאַר־שלייערטע דאַמע — איך בין דאָך דאַן ערשט דרייצן יאָר אַלט געווען און איך האָב נאָך נישט פאַרשטאַנען, אַז די ליידנשאַפט־לעכע נייגיריקייט, מיט וועלכער איך האָב דיר נאָכגעשפירט און נאָכגעלויערט, איז שוין געווען ליבע.

אָבער איך געדענק נאָך גענוי, מיין געליבטער, דעם טאָג

און די סעקונדע, ווען איך האָב מיך דערפילט אינגאַנצן און אויף שטענדיק אין דיין מאַכט. איך האָב אַמאָל געמאַכט אַ שפּאַציר מיט מיינס אַ שול-חברטע און מיר זענען נאָך גע-שטאַנען און גערעדט פאַרן טויער. מיטאַמאָל איז צוגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל און האָט זיך אָפּגעשטעלט, דו ביסט באַלד אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם טריט-ברעט אויף דיין אומגעדולדיקן, עלאַסטיסשן שטייגער, פון וועלכן איך בין נאָך אויך היינט אַנט-ציקט, און האָסט געוואָלט עפענען די טיר. אומבאַוווסטזיניק האָב איך דערפילט אַן אומענדלעכן צוואַנג, דיר די טיר אויפ-צומאַכן און איך בין דיר פאַרלאָפן דעם וועג אַזוי, אַז מיר האָבן זיך שיער נישט אָנגעשטויסן איינער אָן אַנדערן. דו האָסט מיך אָנגעקוקט מיט אַ וואַרעמען, ווייכן, אַרומנעמענדיקן בליק, וועלכער איז געווען די צערטלעכקייט אַליין, האָסט מיר צוגעשמייכלט — יאָ, איך קאָן עס אַנדערש נישט אָנרופן, ווי: צערטלעך און האָסט געזאָגט מיט אַ זייער שטילער, כמעט אינ-טימער שטים: „אַ גרויסן דאַנק פרייליין".

דאָס איז עס געווען אינגאַנצן, מיין געליבטער, נאָר פון דער דאָזיקער סעקונדע אָן, זינט איך האָב געפילט דעם דאָזיקן ווייכן, צערטלעכן בליק, בין איך אַרונטער אונטער דיין מאַכט. איך בין אַפילו שפּעטער געוואָר געוואָרן, אַז דעם דאָזיקן אַרומ-נעמענדיקן, צו דיר צוציענדיקן, דעם דאָזיקן איינהילנדיקן און צו גלייכער צייט אויך אויסהילנדיקן בליק — דעם דאָזיקן בליק פון אַ געבוירענעם פאַרפירער, האָסטו צוגעטיילט יעדער פרוי, וואָס איז נאָר געקומען אין וועלכער נישט איז באַרירונג מיט דיר, יעדער געשעפט-אָנגעשטעלטע, וואָס האָט דיר פאַרקויפט, יעדן שטוב-מיידל, וואָס האָט דיר די טיר געעפנט; אַז דער דאָזיקער בליק איז ביי דיר נישט אַרויסגעקומען בכיון אויס ווילן און נייגונג, נאָר דיין צערטלעכקייט צו פרויען האָט אים אומבאַוווסטזיניק געמאַכט ווייך און וואַרעם, ווען דו האָסט אים צו זיי געווענדט. נאָר איך, דאָס דרייצניאָריקע קינד, האָב דאָס נישט משער געווען: איך בין געווען, ווי אָפּגעטונקען אין פייער. איך האָב געגלויבט, אַז די דאָזיקע צערטלעכקייט ווערט

אַרויסגעוויזן נאָר מיר, נאָר מיר אַליין, און אין דעם דאָזיקן אויגנבליק איז די פרוי אין מיר — אין מיר דער האַלב־דער־וואַקסענער — וואַך געוואָרן, און די דאָזיקע פרוי איז אויף אייביק אַרונטערגעפאַלן אונטער דיין מאַכט.

„ווער איז דאָס געווען?״ האָט מיין חברטע געפרעגט, אָבער איך בין נישט אימשטאַנד געווען באַלד צו ענטפערן. עס איז מיר אוממעגלעך געווען דיין נאָמען אָנצורופן. שוין אין דער דאָזיקער סעקונדע איז ער פאַר מיר געווען הייליק, אין דער דאָזיקער איינציקער סעקונדע איז ער געוואָרן מיין סוד. „אַך, עפּעס איינער אַ הער, וואָס ווינט דאָ אין הויז״, האָב איך פאַרלעגן אַרויסגעשטאַמלט, „אָבער פאַרוואָס ביסטו עפּעס אַזוי רויט געוואָרן, בשעת ער האָט דיך אָנגעקוקט?״, האָט מיין חברטע אָפּגעשפּאָט מיט דער גאַנצער בייסיקייט פון אַ נייגיריק קינד. און טאַקע דערפאַר, ווייל איך האָב געפילט, אַז זי רירט זיך צו מיט שפּאָט צו מיין סוד, האָט מיר דאָס בלוט נאָך שטאַרקער אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין. אויס פאַרלעגנהייט בין איך געוואָרן ברוטאַל. „נאַרישע גאַנז״, האָב איך אַ זאָג געטון בייז און האָב חשק געהאַט זי צו דערשטיקן. זי אָבער האָט זיך צעלאַכט נאָך שטאַרקער און חוזקדיקער, ביז איך האָב דערפילט, ווי די טרערן האָבן מיר אַ שטראָם געטון פון די אויגן פאַר אוממעכטיקן כּעס. איך האָב זי געלאָזט שטיין און בין אַרויפגעלאָפן אין שטוב אַריין.

פון דער דאָזיקער סעקונדע אָן האָב איך דיך געליבט. איך ווייס, אַז פרויען האָבן דיר, דעם פאַרצערטלטן, דאָס דאָזיקע וואָרט אָפט געזאָגט. נאָר גלויב מיר, אַז קיינער האָט דיך נישט געליבט אַזוי שקלאַפיש, אַזוי הינטיש און אַזוי איבערגעגעבן, ווי דאָס דאָזיקע ווזן, וואָס איך בין געווען און שטענדיק פאַר דיר געבליבן, ווארום כ׳געפינט זיך גאָרנישט אויף דער וועלט קיין גלייכן צו דער אומבאַמערקטער ליבע פון אַ קינד, אויף וועלכן מען לייגט קיין אַכט נישט; דען די דאָזיקע ליבע איז אַזוי האָפנונגסלאָז, אַזוי קנעכטיש, אַזוי הכנעהדיק, אַזוי שטיל־וואַרטנדיק און ליידנשאַפטלעך, ווי עס

קאָן קיינמאָל נישט זיין די באַגערנדיקע און אומבאַוווסטזיניק מאָנענדיקע ליבע פון אַ דערוואַקסענער פרוי... בלויז נאָר איינזאַמע קינדער קענען זייערע ליידנשאַפטן אין זיך האַלטן, אַנדערע צעפלוידערן זייער געפיל אין געזעלשאַפט, שוואַכן עס אָפּ דורך פאַרטרוילעכע שמועסן, זיי האָבן וועגן ליבע אַ סך געהערט און געלייענט און זיי הייסן, אַז זי איז אַלעמענס גורל. זיי שפּילן דערמיט, ווי מיט עפּעס אַ שפּילעכל, זיי זענען גאווהדיק דערמיט, ווי יינגלעך מיט זייער ערשטן ציגאַרעט. אָבער איך, איך האָב נישט געהאַט קיינעם, וועמען זיך אָנצו־פאַרטרויען, ווער ס׳זאָל מיך באַלערנען און וואָרענען, איך בין געווען אומדערפאַרן און פון גאָרנישט געוווּסט — איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן אין מיין לעבנס־גורל, ווי אין אַן אָפּגרונט. אַלץ, וואָס אין מיר איז אַנטשטאַנען און זיך פונאַנדערגעבליט האָט נאָר דיך — דיך דעם טרוים — געקענט אַלס פאַרטרויטן. דען מיין פאָטער איז שוין לאַנג געווען געשטאָרבן, די מוטער איז מיר געווען פרעמד, צוליב איר שטענדיקער מרה־שחורה און פאַרזאָרגטקייט, ווי עס זענען געוויינלעך פענסיאָניסטן; די האַלב־פאַרדאָרבענע מיידלעך פון שול זענען מיר געווען אָפּשטויסנדיק, ווייל זיי האָבן געשפּילט אַזוי לייכטזיניק מיט דעם, וואָס איז פאַר מיר די שטאַרקסטע ליידנשאַפט געווען — האָב איך דיר אָוועקגעגעבן אַלץ, וואָס איז געווען אין מיר צעשפּרייט און צע־וואָרפן, מיין גאַנץ צוזאַמענגעפּרעסט און אַלעמאָל ווידער אומ־געדולדיק אויפברויזנדיק וועזן. דו ביסט פאַר מיר געווען — ווי זאָל איך עס דיר זאָגן? יעדער איינער פאַרגלייך וועט זיין צו שוואַך, — דו ביסט נעמלעך פאַר מיר געווען אַלץ, מיין גאַנץ לעבן. אַלץ האָט עקזיסטירט פאַר מיר נאָר אויף אַזוי פיל, וויפל עס האָט געהאַט אַ שייכות צו דיר, אַלץ אין מיין עקזיסטענץ האָט נאָר דאַן געהאַט אַ זין, ווען עס איז געווען פאַרבונדן מיט דיר. דו האָסט איבערגעאַנדערשט מיין גאַנץ לעבן. ביז דאַן גלייכגילטיק און מיטלמעסיק אין שול, בין איך פּלוצלינג געוואָרן די ערשטע שילערין. איך האָב געלייענט גאַנצע בערג ביכער ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ווייל איך

האָב געוווסט, אַז דו האָסט ליב ביכער; איך האָב פּלוצלינג, צו דער גרויסער דערשטוינונג פון מיין מוטער, אָנגעהויבן מיט אַן אויסערסטער עקשנות זיך צו איבן אויפן קלאַוויר, ווייל איך האָב געגלויבט, אַז דו האָסט ליב מוזיק. איך האָב געפּוצט און פאַרריכט מיינע קליידער, כּדי אויסצוזעען פאַר דיר פיין און זויבער, און עס איז מיר זייער פיינלעך געווען דאָס, וואָס אין מיין שול־שירץ (זי איז געווען איבערגעאַרבעט פון מיין מוטערס אַ שטוב־קלייד) איז אין דער לינקער זייט געווען אַריינגעזעצט אַ פּירקאַנטיקע לאַטע. איך האָב מורא געהאַט, אַז דו קענסט עס נאָך באַמערקן און מיך פאַראַכטן, איך פלעג דעריבער שטענדיק פאַרשטעלן דאָס דאָזיקע אָרט מיט דער ביכער־טאַש, ווען איך בין אויף די טרעפּ אַרויפגעלאָפן, ציטערנדיק פאַר שרעק, אַז דו וועסט עס דערזעען. אָבער ווי נאַריש איז דאָס געווען — דו האָסט מיך שוין קיינמאָל, כּמעט קיינמאָל נישט מער אָנגעקוקט.

און דאָך — פלעג איך אייגנטלעך גאָרנישט טון גאַנצע טעג, נאָר אויף דיר וואַרטן און דיר נאָכשפּירן. אין אונזער טיר איז געווען אַ קליין רונדיק אויסגעשניטן לעכל מיט אַ מעשן דעקל, פון וועלכן מ'האָט געקאָנט זען דיין טיר. דאָס דאָזיקע לעכל, — ניין, שמייכל נישט, געליבטער, נאָך היינט, היינט נאָך שעם איך מיך נישט מיט יענע שעהן! — דאָסדאָזיקע לעכל איז געווען מיין אויג צו דער וועלט אַרויס. דאָרט אינם אייז־קאַלטן פאָרצימער, פול שרעק פאַר מיין מוטערס חשד, בין איך אין יענע חדשים און יאָרן אָפּגעזעסן גאַנצע נאָכמיטאָגן מיט אַ בוך אין האַנט אויף דער וואַך, אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע, וועלכע די באַרירונג פון דיין געגנוואַרט האָט געמאַכט קלינגען. איך בין שטענדיק געווען פאַרנומען מיט דיר, אין שטענדיקער שפּאַנונג און באַוועגונג; אָבער דו האָסט דאָס געקאָנט אַזוי פיל פילן, וויפיל דו האָסט געפילט די אָנגעצויגנקייט פון דער פעדער אין דיין זייגער, וועלכן דו האָסט אין טאַש געטראָגן און וועלכער האָט אומבאַמערקט געציילט און געמאָסטן דיינע שעהן, דיך באַגלייט אויף דיינע וועגן מיט אַ נישט הערבאַרן האַרץ־קלאַפּ,

און אויף וועלכן נאָר איינמאָל אין מיליאָנען אויסגעטיקטע סעקונדן
איז געפאַלן דיין האַסטיקער בליק. איך האָב אַלץ געוווּסט וועגן
דיר, איך האָב געקענט יעדע פון דיינע געוווינהייטן, יעדן
קראַוואַט דיינעם, יעדן אַנצוג דיינעם, איך האָב געקענט און
באַלד געוווּסט צו אונטערשיידן יעדן איינעם פון דיינע באַקאַנ-
טע און איך האָב זיי מיר איינגעטיילט אויף אַזעלכע, וואָס זע-
נען מיר געווען ליב און אויף אַזעלכע, וואָס זענען מיר אָפּ-
שטויסנד געווען. פון מיין דרייצנטן ביז צו מיין זעכצנטן יאָר
זענען מיינע געדאַנקען אין יעדער סעקונדע נאָר מיט דיר גע-
ווען פאַרנומען. אַך, וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן איך בין באַגאַנ-
גען. איך האָב געקושט דאָס טיר-הענטל, וואס דיין האַנט האָט
באַרירט, איינמאָל האָב איך צוגעגנבעט אַ שטיקל פון אַן אויס-
גערייכערטן ציגאַר, וואָס דו האָסט פאַרן אריינגיין אין שטוב
אַוועקגעוואָרפן, און עס איז מיר געווען הייליק, ווייל דיינע
ליפּן האָבן עס באַרירט. איך פלעג אין אָוונט אפשר הונדערט
מאָל אַראָפּלויפן אויף דער גאַס אונטער א וועלכן ס׳איז אויס-
רייד, צו זען, אין וועלכן פון דיינע צימערן עס ברענט ליכט,
כדי אזוי אָרום בעסער צו פילן דיין אָנוועזנהייט — דיין נישט
זעבאַרע אָנוועזנהייט. און אין די וואָכן, ווען דו ביסט געווען
פאַררייזט — אין מיר פלעגט שטענדיק דאָס האַרץ אָפּשטאַרבן
פאַר שרעק, אַז איך האָב געזען דעם גוטן יאָהאַן אַראָפּטראָגן
דיין געלן רייזע-טאַש — אין דידאָזיקע וואָכן איז מיין לעבן
געווען טויט און אָן אַ זין. איך בין אַרומגעגאַנגען אָנגעברוגזט,
פאַרוואָלקנט און געלאַנגווייליקט און איך האָב מיך שטענדיק
געמוזט היטן, אַז די מוטער זאָל אָן מיינע פאַרוויינטע אויגן
נישט באַמערקן מיין פאַרצווייפלונג.

איך ווייס, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך דערצייל דיר דאָ,
איז פאַנטאַסטישער איבערפלוס פון קינדישע נאַרישקייטן. איך
וואָלט מיך באַדאַרפט שעמען דערמיט, אָבער איך שעם זיך
נישט, וואָרום קיינמאָל שוין האָט זיך מיין ליבע צו דיר נישט
אויסגעדריקט ריינער און ליידנשאַפטלעכער, ווי אין יענע קינדי-
שע טאָגן. שעהן גאַנצע, טעג גאַנצע וואָלט איך אימשטאַנד גע-

חען דיר צו דערציילן, ווי איך האָב דעמאָלט נאָר מיט דיר געלעבט, מיט דיר, וואָס האָסט קוים מיין פּנים געקענט, וואָרום האָב איך דיך אויף די שטיגן באַגעגנט און נישט געהאַט קיין עצה דיך אויסצומיידן, בין איך פאַרבייגעלאָפן פאַר דיר מיט אַ געזונקענעם בליק, ווי איינער, וואָס וואַרפט זיך אין וואַסער אַריין, כדי פון פייער נישט אָפּגעזענקט צו ווערן. שעהן־לאַנג, טעג־לאַנג וואָלט איך אימשטאַנד געווען דיר צו דערציילן פון יענע, פאַר דיר שוין לאַנג פאַרגעסענע יאָרן, דאָס גאַנצע ספר־הזכרונות פון דיין לעבן אויפצובלעטערן, אָבער איך וויל דיך נישט לאַנגווײלן, איך וויל דיך נישט קוועלן. נאָר די שענסטע איבערלעבונג פון מיין קינדהייט וויל איך דיר נאָך דערציילן און איך בעט דיך, דו זאָלסט נישט שפּאָטן דערפון, וואָס זי איז אַזאַ אומבאַדייטנדיקע, וואָרום פאַר מיר, דעם קינד, איז עס געווען אַן אומענדלעכקייט. איינמאָל, אין אַ זונטיק האָט עס געמוזט זיין, דו ביזט געווען אָפּגערייזט און דיין דינער האָט געשלעפּט די שווערע טעפּיכער, וועלכע ער האָט אויסגעלופּ־טערט, דורך דער אָפענער טיר פון דיין וווינונג. אים איז זיי־ער שווער אָנגעקומען דאָס טראָגן, מיך איז מיטאַמאָל באַפאַלן אַ דרייסטקייט און איך בין צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט, אויב איך זאָל אים העלפן. ער איז דערשטוינט געוואָרן, אָבער ער האָט עס מיר דערלויבט. און אַזוי אָרום האָב איך געזען — בין איך אָבער גאָר אימשטאַנד דיר צו שילדערן מיט וואָס פאַר אַן ערפורכט, מיט וואָס פאַר אַ פרומע פאַרערונג! — דיין וווינונג פון אינעווייניק, דיין וועלט. דעם שרייב־טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ בלויע קריסטאַל־וואַזע מיט אַ פּאָר בלומען, דיינע שענק, דיינע בילדער, דיינע ביכער. עס איז געווען בלויז אַ שנעלער, גנבהשער בליק אין דיין לעבן. וואָרום דער טרייער יאָהאַן וואָלט מיר געוויס געווען פאַרווערט אַלץ גענוי צו באַ־טראַכטן, אָבער איך האָב מיט דעם דאָזיקן איינעם בליק איינגעזויגן אין מיר די גאַנצע אַטמאָספערע און כ׳האָב געהאַט נאַרונג פאַר מיינע אומענדלעכע טרוימערייען וועגן דיר וואַ־כערהייט און אין שלאָף.

דאָס, דידאָזיקע בליץ־שנעלע מינוט, איז געווען די גליק־
לעכסטע פון מיין קינדהייט, ווען איר האָב איך געוואָלט דיר
דערציילן, פּדי דו, דו, וואָס האָסט מיך נישט געקענט, זאָלסט
ענדלעך אָנהויבן צו באַגרייפן, ווי אַזוי אַ לעבן האָט דורך דיר
אויפגעפלאַקערט און איז פאַרלאָשן געוואָרן. ווען דערדאָזיקער
מינוט האָב איך דיר געוואָלט דערציילן און אויך ווען יענער
אַנדערער נאָך, ווען דער שרעקלעכסטער שעה, וועלכע איז
לײדער געקומען נאָך איר. איך האָב צוליב דיר — איך האָב
עס דיר שוין געזאָגט — אָן אַלעם פאַרגעסן, אויף מיין מוטער
האָב איך קיין אַכט נישט געלייגט און האָב מיך מיט קיינעם
נישט אינטערעסירט. איך בין גאָרנישט אויפמערקזאַם געוואָרן
דערויף, וואָס אַן אַלטער הער, אַ סוחר פון אינסברוק, וועלכער
איז געווען מיין מוטערס אַ ווייטער קרוב, פלעגט קומען צו
אונז זייער אָפט און ויילן ביי אונז אַ לענגערע צייט. פאַר־
קערט, איך בין נאָך צופרידן געווען דערפון, ווייל ער פלעגט
טיילמאָל אַוועקפירן די מאַמע אין טעאַטער און איך האָב געקאָנט
בלייבן אַליין, ווענן דיר טראַכטן, דיר נאָכלויערן, ווייל דאָס
איז געווען ביי מיר דאָס העכסטע און איינציקע גליק. איינמאָל
ענדלעך האָט מיך די מוטער מיט אַ געוויסער פאַרלעגנהייט
אַריינגערופן צו זיך אין צימער: זי האָט מיט מיר צו רעדן
וועגן אַן ערנסטער זאַך. איך בין בלאַס געוואָרן און האָב דער־
פילט, ווי מיין האַרץ האָט פלוצלינג אָנגעהויבן שטאַרק צו
קלאַפּן: זאָל זי זיך עפּעס משער זיין? דאָס ערשטע, וואָס איז
מיר אויפן געדאַנק געקומען ביסט דו געווען, דער סוד, וואָס
האָט מיך פאַרבונדן מיט דער וועלט. אָבער די מוטער איז
אַליין געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, זי האָט מיר צערטלעך אַ
קוש געגעבן (וואָס זי פלעגט פריער קיינמאָל נישט טון) איינ־
מאָל און נאָכאַמאָל, מיך אַ צי געטון צו זיך אויף דער סאָפע
און האָט דאַן אָנגעהויבן אומאַנטשלאָסן און פאַרשעמט צו דער־
ציילן, אַז איר קרוב, וועלכער איז געווען אַן אלמן, האָט איר
געמאַכט אַ חתונה־פאָרשלאַג און זי איז אַנטשלאָסן, הויפּטזעכלעך
צוליב מיר, אים אָנצונעמען. דאָס בלוט האָט מיר הייס אַ שטראָם

געטון צום האַרץ. נאָר איין געדאַנק האָט זיך אָפּגערופן אין
מיר אינעווייניק, דער געדאַנק וועגן דיר. „אָבער מיר בלייבן
דאָך הי״, האָב איך קוים געקענט אַרויסשטאַמלען. „ניין, מיר
פאָרן קיין אינסברוק, פערדינאַנד האָט דאָרט אַ שיינע ווילע״.
מער האָב איך שוין נישט געהערט, מיר איז פינסטער געוואָרן
פאַר די אויגן, שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך בין
געפאַלן אין חלשות; איך האָב זיך — אַזוי האָב איך געהערט
מיין מוטער שטיל דערציילן דעם שטיף־פאָטער, וועלכער איז
אונטער דער טיר געשטאַנען און געוואַרט — פּלוצלינג מיט
פונאַנדערגעשפּרייטע הענט אַ וואַקל געטון אויף צוריק און
דערנאָך אַנידערגעפאַלן ווי אַ שטיק בליי.

וואָס ס'איז פאָרגעקומען דערנאָך אין די נאָענטסטע טעג,
ווי אַזוי איך, אַ הילפלאָז קינד, האָב זיך געראַנגלט מיט זייער
שטאַרקן ווילן, דאָס בין איך נישט אימשטאַנד דיר צו שילדערן:
נאָך איצט, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם, ציטערט מיר די האַנט
ביים שרייבן. דעם אמתן סוד מיינעם האָב איך נישט געקאָנט
אַרויסגעבן. און דערפאַר האָט מיין ווידערשטאַנד אויסגעזעען
נאָר אַן עקשנות, שלעכטקייט און אַ צו להכעיס. קיינער האָט
שוין מיט מיר נישט גערעדט, אַלץ איז שוין געשעען אונטער
מיינע פּלייצעס. מען האָט אויסגענוצט די שעהן, בעת איך בין
געווען אין שול, כדי צוצואיילן דאָס איבערציען זיך. ווען איך
פלעג קומען אַ היים, האָב איך יעדעס מאָל אַן אַנדערע זאַך גע־
פונען פאַרפּאַקט אָדער פאַרקויפט. איך האָב געזעען, ווי די
וווינונג און צוזאַמען דערמיט אויך מיין לעבן גייט פאַרלוירן.
איינמאָל, ווען איך בין אַהיים געקומען פון מיטאָג האָב איך
באַמערקט, אַז די מעבל־פּאַקערס זענען געווען און האָבן אַלץ
אַוועקגעשלעפּט. אין די ליידיקע צימערן זענען געשטאַנען איינ־
געפּאַקטע קופערס און צוויי פעלד־בעטלעך, פאַר דער מוטער
און פאַר מיר: מיר האָבן דאָ געהאַט צו שלאָפן נאָך איין
נאַכט, שוין די לעצטע, און צומאָרגנס אַוועקפאָרן קיין אינסברוק.

אין דעם דאָזיקן לעצטן טאָג האָב איך פּלוצלינג דער־
פילט, אַז איך וועל נישט קענען לעבן, אויב איך וועל זיך

נישט געפינען נאָענט נעבן דיר. איך האָב נישט געוווסט פון קיין אַנדער רעטונג אויסער דיך. וואָס איך האָב מיר דעמאָלט געטראַכט און אויב איך בין גאָר איבערהויפט אימשטאַנד געווען קלאָר צו טראַכטן אין יענע שעהן פון פאַרצווייפלונג — דאָס וועל איך קיינמאָל נישט וויסן צו זאָגן, נאָר פלוצלינג האָב איך מיך אויפגעהויבן — די מוטער איז געווען אַוועקגעגאַנגען — און אַזוי ווי איך בין געגאַנגען און געשטאַנען אין שול-קלייד, האָב איך זיך געלאָזט גיין אַנטקייגנאיבער צו דיר. אָבער ניין, איך בין נישט געגאַנגען: אַ מאַגנעטישע קראַפט האָט מיינע שטייפע פיס און ציטערנדיקע קניען געשטויסן צו דיין טיר. איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז איך האָב אַליין נישט געוווסט דייטלעך, וואָס איך וויל — איך האָב געוואָלט דיר צו דיינע פיס פאַלן און דיך בעטן, אַז דו זאָלסט מיך צונעמען פאַר אַ דינסט-מויד, פאַר אַ שקלאַפין, אָבער איך האָב מורא געהאַט, דו וועסט שמייכלען איבער דעם נאַיוון פאַנאַטיזם פון אַ 15 יאָריק מיידל. אָבער — געליבטער, דו וואָלסט שוין נישט געשמייכלט, ווען דו זאָלסט געוווּסט וויסן, ווי אַזוי איך בין דעמאָלט געשטאַנען אינדרויסן אינם אייז-קאַלטן קאָרידאָר, שטייף פאַר שרעק און דאָך פאָרויס געשטויסן דורך אַ פאַרבאָרגענער קראַפט; ווי אַזוי איך האָב מיין ציטערנדיקע האַנט שיער נישט באַדאַרפט פון לייב אַוועקרייסן, כּדי זי זאָל זיך אַ הויב טון — דאָס איז געווען אַ קאַמף פון שרעקלעכע סעקונדן, וועלכע האָבן זיך געצויגן אַן אומענדלעכקייט — און אַ דרוק טון מיטן פינגער דעם קנאָפּ פון טיר-גלעקל. היינט נאָך קלינגט מיר אין אויער יענץ שניידיק-רוישנדיקע קלינגען, און דאַן די שטילקייט נאָכדעם, בשעת וועלכער דאָס הארץ האָט זיך אין מיר אָפּגעשטעלט, דאָס גאַנצע בלוט איז מיר פאַרהאַלטן געוואָרן און איך האָב זיך גאָר צוגעהערט, אויב דו קומסט.

אָבער דו ביסט נישט געקומען. ס'איז קיינער נישט געקומען. דו ביסט מסתּמא יענעם נאָכמיטאָג נישט געווען אין שטוב און יאָהאַן איז אַוועק עפּעס דערליידיקן.

איך האָב זיך אַלזאָ צוריקגעשלייכט צו אונזער צעשטער-

טער, אויסגעליידיקטער ווײנונג און אין מיין אויער האָט נאָך
אָפּגעקלונגען דער טויטער טאָן פון גלעקל. אָן כּחות האָב איך
מיך אַ וואָרף געטון אויף אַ פּלעד, כּיד פון די עטלעכע טריט,
גלייך ווי איך וואָלט שעהן־לאַנג דורך אַ טיפן שניי געגאַנגען.
אָבער אונטער דער דאָזיקער דערשעפּונג האָט נאָך הייס געגליט
די אַנטשלאָסנקייט דיך צו זעען, מיט דיר צו רעדן, איידער זיי
רייסן מיך אַוועק פון דאַנען. עס איז נישט געווען דערביי —
איך שווער עס דיר — קיין תּאוהדיקער געדאַנק, איך בין נאָך
געווען אומוויסנד, דערפאַר בלויז, ווייל איך האָב וועגן קיין זאַך
נישט געטראַכט, ווי נאָר וועגן דיר, איך האָב נאָר דיך געוואָלט
זעען, נאָך איינמאָל זעען און זיך אָנקלאַמערן אָן דיר.

די גאַנצע נאַכט, די גאַנצע לאַנגע, שרעקלעכע נאַכט, האָב
איך דעמאָלט, געליבטער, אויף דיר געוואַרט. ווי נאָר די מוטער
האָט זיך געלייגט אין בעט און איז אנטשלאָפן געוואָרן, האָב
איך מיך ארויסגעשלייכט אין פּאָרצימער, כּדי צו הערן, ווען
דו וועסט אהיים קומען. די גאַנצע נאכט האָב איך געוואַרט,
און עס איז געווען אן אייז־קאַלטע יאַנואַר־נאַכט. איך בין מיד
געוואָרן, די גלידער האָבן מיר ווי געטון און עס איז שוין
נישט געווען קיין שטול, זיך אַנידערצוזעצן — האָב איך מיך
אויסגעצויגן אויפן קאַלטן באָדן, איבער וועלכן ס'האָט געציאָגט
אַ צוג פון דער טיר. בלויז נאָר אין מיין דין קלייד בין איך
אויף דעם האַרטן, קאַלטן באָדן געלעגן, וואָרום איך האָב נישט
גענומען קיין דעק; איך האָב מיך נישט געוואָלט וואַרעם איינ־
הילן, אויס מורא, אַז איך וועל אַנטשלאָפן ווערן און נישט
דערקענען דיינע טריט, עס האָט ווי געטון, מיינע פיס האָב
איך ווי אין קראַמפּן צוזאַמענגעפּרעסט, די הענט האָבן מיר
געציטערט, איך האָב אַלעמאָל געמוזט אויפשטיין, אַזוי קאַלט
איז געווען אין דער שרעקלעכער פינסטערקייט, אָבער איך האָב
געוואַרט אויף דיר, ווי אויף מיין מזל.

ענדלעך — עס האָט שוין געמוזט זיין צוויי אָדער דריי
אַ זייגער פּאַרטאָג — האָב איך דערהערט ווי מ'עפנט אונטן
דאָס הויזטויער און באַלד דערנאָך טריט אויף די טרעפּ. די

קעלט איז מיר פלוצלינג ווי פאַרשווונדן געוואָרן, אַ היץ האָט מיך אַרומגענומען, איך האָב שטיל די טיר געעפנט, כדי זיך דיר אנטקעגן צו וואַרפן, דיר צו די פיס צו פאַלן... אַך, איך ווייס אַליין נישט, וואָס איך נאַריש קינד, וואָלט דעמאָלט געוועז געטון. די טריט האָבן זיך געלאָזט הערן וואָס אַמאָל נענטער אַן אָנגעצונדן ליכט האָט אַרויסגעפלאַמט. אַ ציטערנדיקע האָב איך געהאַלטן דאָס טיר־הענטל; ביסטו עס געווען דער, וואָס איז געקומען?

יאָ, דו ביסט עס געווען. געליבטער — אָבער דו ביסט נישט געווען אַליין. איך האָב געהערט אַ שטיל, קיצלדיק גע־לעכטער, עפּעס אַ גערויש פון אַ זיידן קלייד און דיין שטילע שטים — דו ביסט מיט אַ פרוי געקומען אַהיים...

ווי אַזוי איך האָב דידאָזיקע נאַכט געקאָנט איבערלעבן, ווייס איך נישט. אויף צומאָרגנס, אַכט אַ זייגער, האָבן זיי מיך אַוועקגעשלעפּט קיין אינסבּרוק; איך האָב שוין נישט מער קיין כח געהאַט זיך צו ווערן.

מיין קינד איז נעכטן ביינאַכט געשטאָרבן — אַצינד וועל איך ווידער אַליין זיין, אויב איך וועל ווירקלעך מוזן ווייטער לעבן. מאָרגן וועלן זיי קומען, די פרעמדע, שוואַרצע, רויע מענטשן, אַן אָרון וועלן זיי מיטברענגען און וועלן אַהין אַריינ־לייגן מיין אָרים, מיין איינציק קינד. ס׳וועלן אפשר אויך פריינט קומען און קרענץ מיטברענגען, אָבער וואָס זענען דען בלומען אויף אַן אָרון. זיי וועלן מיך טרייסטן, וועלן מיר געוויסע ווערטער זאָגן, ווערטער, ווערטער, ווערטער; אָבער וואָס קאָנען זיי מיר העלפן!? איך ווייס, אַז איך מוז פאָרט אַליין זיין. און עס איז נישטאָ קיין שרעקלעכערס, ווי אַליין צו זיין צווישן מענטשן. דעמאָלט האָב איך דאָס דערפאַרן, דעמאָלט אין יענע אומענדלעכע צוויי יאָר אין אינסבּרוק, פון מיין זעכצנטן ביז צום אַכצנטן יאָר, ווו איך האָב ווי אַ געפאַנגענע, ווי אַ פאַרשטוי־

שענע געלעבט בײַ מײַן פֿאַמיליע. דער שטיף־פֿאָטער, אַ רויקער, האַרט־קאַרגער מענטש, איז געווען גוט צו מיר, די מוטער, גלײַך ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אויסקויפֿן פֿון עפּעס אַ באַגאַנ־גענער נישט באַוווּסטער עולה, האָט מיר נאָכגעגעבן אַלע מײַנע פֿאַרלאַנגען. יונגע מענטשן האָבן זיך באַמיט מיך צו געווינען, נאָר איך האָב זיי אַלע אָפּגעשטויסן מיט אַ לײַדנשאַפֿטלעכער עקשנות. איך האָב נישט געוואָלט וויסן פֿון קיין גליק, פֿון קיין צופֿרידנקייט אָן דיר. איך האָב מיך אַליין פֿאַרגראָבן אין אַ פֿינסטערער וועלט פֿון זעלבסט־פּײַניקונג און אײַנזאַמקייט. די נײַע פֿאַרביקע קליידער, וואָס מ׳האָט מיר געקויפֿט, האָב איך נישט אָנגעטון, איך האָב מיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין טעאַטער, אויף קאָנצערטן, אָדער מיטצומאַכן אויספֿלוגן אין פֿרײַלעכער געזעלשאַפֿט. איך פֿלעג קוים די גאַס באַטרעטן. וועסטו עס גלויבן, געליבטער, אַז פֿון דערדאָזיקער קליינער שטאָט, אין וועלכער איך האָב פֿאַרבראַכט צוויי יאָר, קען איך קוים די גאַסן? איך האָב געטרויערט און איך האָב געוואָלט טרויערן, עס האָט מיך געפּײַניקט דאָס, וואָס איך קאָן דיך נישט זען און איך האָב נאָך דערצו אַרויפֿגעלייגט אויף מיר אַנדערע פּײַ־ניקונגען און זיך פֿאַרשכורט מיט זיי. איך האָב מיך נישט גע־וואָלט באַפֿרײַען פֿון דער לײַדנשאַפֿט, בלויז נאָר וועגן דיר צו טראַכטן. איך בין אָפּגעזעסן אַליין אין שטוב גאַנצע שעהן, גאַנצע טעג און האָב קיין זאַך נישט געטון, נאָר וועגן דיר געטראַכט. ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל האָב איך אויפֿגע־וועקט אין מיר די מינדסטע, די קלענסטע דערינערונגען וועגן דיר, יעדע באַגעגעניש, יעדעס וואַרטן און איך פֿלעג מיר די־דאָזיקע קליינע עפּיזאָדן פֿאַרשפּילן, ווי אין טעאַטער און דער־פֿאַר, ווײַל איך פֿלעג מיר אַזוי אָן אַ שעור איבערחזרן יעדע אײנציקע סעקונדע פֿון אַ מאָל, איז מיר מײַן גאַנצע קינדהייט אַזוי העל פֿאַרבליבן אין זכרון, אַז איך פֿיל נאָך אַצינד יעדע מינוט פֿון יענע פֿאַרגאַנגענע יאָרן אַזוי הייס און צאַפּלענדיק, גלײַך ווי איך וואָלט זי ערשט נעכטן איבערגעלעבט.

מיט דיר איז דעמאָלט געווען פֿאַרנומען מײַן גאַנץ וועזן.

איך האָב מיר געקויפט אַלע דיינע ביכער; ווען דיין נאָמען איז געשטאַנען אין דער צייטונג, איז עס געווען פאַר מיר אַ יום־טוב־טאָג. ווע‏סטו מיר גלויבן, אַז איך האָב יעדע שורה פון דיינע ביכער געקענט אויסנווייניק, אַזוי אָפט האָב איך זיי געלייענט. ווען ס'זאָל מיך ווער אין מיטן נאַכט פון שלאָף אויפוועקן און זאָל מיר זאָגן אַ וועלכע עס איז אָפּגעריסענע שורה פון זיי, וואָלט איך נאָך היינט, היינט נאָך, נאָך דרייצן יאָר, געקענט ווייטער פאָרזעצן, ווי אין חלום. אַזוי איז פאַר מיר יעדעס וואָרט דיינס געווען הייליק ווי אַ תפילה.

די גאַנצע וועלט האָט פאַר מיר עקזיסטירט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל עס האָט געהאַט אַ שייכות צו דיר: איך פלעג נאָכקוקן אין די ווינער צייטונגען די קאָנצערטן און די פרעמיערעס, מיט דעם געדאַנק נאָר, וועלכע פון זיי ס'קאָן דיך אינטערעסירן. און ווען ס'איז נאַכט געוואָרן, האָב איך דיך אין די געדאַנקען פון ווייטן באַגלייט: אַצינד טרעט ער אַריין אין זאַל, אַצינד זעצט ער זיך אַנידער. טויזנטער מאָל האָב איך דאָסדאָזיקע געטרוימט, — ווייל איך האָב דיך איינמאָל געהאַט געזען אויף אַ קאָנצערט.

אָבער צו וואָס דערציילן דאָס אַלץ, דעם דאָזיקן ווילד־ביי‏זן, זיך אַליין בייסנדיקן, טראַגישן און האָפנונגסלאָזן פאַנאַ־טיזם פון אַ פאַרלאָזן קינד; צו וואָס דערציילן דאָס איינעם, וואָס האָט דערפון קיינמאָל נישט געאַנט, וואָס האָט דערפון קיינמאָל נישט געוווסט? נאָר בין איך דעמאָלט נאָך ווירקלעך געווען אַ קינד? איך בין אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, איך בין אַלט געוואָרן אַכטצן יאָר — יונגע לייט האָבן אָנגעהויבן מיר נאָכ־קוקן אויף דער גאַס. אָבער זיי האָבן אַרויסגערופן ביי מיר בלויז נאָר פאַרביטערונג, וואָרום ליבע, אָדער אפילו בלויז נאָר אַ שיין פון ליבע אין די געדאַנקען צו עמעצן אַנדערש אויסער דיר, איז מיר געווען אַזוי אומבאַגרייפלעך, אַזוי אומגעהויער פרעמד, אַפילו אַ בלויזער פרווו נאָר וואָלט זיך מיר שוין אויס־געוויזן פאַר אַ פאַרברעכן. מיין ליידנשאַפט צו דיר איז גע־בליבן ווי געווען, זי איז נאָר אַלעמאָל אַנדערש געוואָרן, אַזוי

חי מיין קערפער, ווי מיין וואָס אַמאָל וואַכערער שכל: גליענ־
דיקער, קערפערלעכער, ווייבלעכער. און דאָסדאָזיקע, וואָס דאָס
קינד, וועלכעס האָט אַמאָל אָנגענומען דאָס הענטל פון דיין
טיר, האָט נישט געקאָנט באַגרייפן מיט זיין פאַרטויבטן, אומ־
קלאָרן ווילן, איז אַצינד געוואָרן מיין איינציקע שטרעבונג: מיך
אַוועקצושענקען צו דיר, איינגאַנצן מיך צו דיר אַוועקצוגעבן.

די אַרומיקע מענטשן האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ נישט־
דרייסטע און שרעקעוודיקע (איך האָב מיין סוד געהאַלטן אין
זיך). אָבער אין מיר איז געוואַקסן אַן אייזערנער ווילן. מיין
גאַנץ דענקען און טראַכטן איז געווען אָנגעשטרענגט נאָר אין
איין ריכטונג: צוריק קיין ווין, צוריק צו דיר. און איך האָב
דורכגעפירט דאָס מייניקע, נישט־קוקנדיק דערויף, וואָס פאַר אַנ־
דערע וועט עס זיך אויסווייזן אַזוי אומזיניק און אומבאַגרייפלעך.
מיין שטיף־פאָטער איז געווען פאַרמעגלעך, ער האָט מיך גע־
האַלטן פאַר אַן אייגן קינד. אָבער איך האָב מיך איינגעשפּאַרט
מיט אַ פאַרביטערטער עקשנות, אַז איך וויל מיר אַליין פאַרדי־
נען, ביז איך האָב ענדלעך אויסגעפירט און בין אָנגעקומען אין
ווין צו מיינעם אַ קרוב אַלס אַן אָנגעשטעלטע אין אַ גרויס קאָנ־
פעקציע־געשעפט.

זאָל איך דיר זאָגן, וווהין ס'האָט מיך מיין ערשטער וועג
געפירט, ווען איך בין אין אַ נעפּלדיקן האַרבסט־אָוונט—ענדלעך!
ענדלעך! — קיין ווין אָנגעקומען? איך האָב מיינע זאַכן גע־
לאָזט אויף דער באַן און האָב מיך שנעל אַריינגעכאַפּט אין
אַ טראַמוויי — ווי לאַנגזאַם ער פאָרט, האָט זיך מיר אויסגע־
וויזן, יעדעס אָפּשטעלן האָט אין מיר אַרויסגערופן פאַרביטע־
רונג — און איך בין צוגעלאָפן צו דעם הויז. דיינע פענסטער
זענען געווען באַלויכטן, מיין גאַנץ האַרץ האָט מיר געקלונגען.
דאַן ערשט האָב איך דערפילט דאָס לעבן פון דער שטאָט, וואָס
האָט אַזוי פרעמד און זינלאָז געברויזט אַרום, דאַן ערשט האָב
איך מיין אייגן לעבן דערפילט. ווייל איך האָב דיך געפילט
נאָענט, דיך — מיין אייביקן טרוים. איך האָב גאָרנישט געזען,
אַז ווען איך בין געשטאַנען פאַר דיין הויז און בלויז די דינע

גלעזערנע שויב פון דיין פענסטער האָט געשאַפן אַ מחיצה צווישן דיר און מיין אַרויפקוקנדיקן בליק, בין איך אייגנטלעך פאַר דיין באַוווּסטזיין פּונקט אַזוי ווייט געווען, ווי פריער, בעת עס האָבן אונז פונאַנדערגעטיילט סאָלן, בערג און וואַסערן. איך האָב כסדר געקוקט אַרויף אין דער הויך: דאָרט איז געווען ליכט, דאָרט איז געווען דאָס הויז, דאָרט ביסטו געווען, דאָרט איז געווען מיין וועלט. צוויי יאָר האָב איך וועגן דערדאָזיקער שעה געטרוימט, און אָט איז זי מיר געשענקט געוואָרן. איך בין אָפּ־געשטאַנען פאַר דיינע פענסטער דעם דאָזיקן לאַנגן, פייכטן און פּאַטאַלן אָוונט, ביז דאָס ליכט איז פאַרלאָשן געוואָרן. דעמאָלט ערשט בין איך אַוועק אויפזוכן מיין היים.

יעדן אָוונט בין איך דאַן אַזוי אָפּגעשטאַנען פאַר דיין הויז. ביז זעקס אַ זייגער בין איך געווען פאַרנומען אין געשעפט אויף מיין פּאָסטן. דאָס איז געווען אַ שווערע, אָנשטרענגענדיקע באַשעפטיקונג, נאָר דאָך איז זי מיר ליב געווען, וואָרום צוליב דערדאָזיקער אומרויקייט האָב איך מיין אייגענע נישט געפילט אַזוי שמערצלעך. און ווי נאָר די אייזערנע ראָל־טיר איז גע־וואָרן הינטער מיר אַראָפּגעלאָזט, בין איך גלייך געלאָפן צו דעם געווינטשטן ציל — דיך נאָך איינמאָל צו זען, נאָך איינמאָל דיך צו באַגעגענען, דאָס איז געווען מיין איינציקער פאַרלאַנג. בלויז נאָר איינמאָל צו קאָנען דיין פּנים אַרומנעמען מיט מיין בליק פון ווייטנס. אומגעפער אין אַ וואָך אַרום האָב איך דיך ענדלעך באַגעגנט און גראָד אין אזאַ מינוט, וואָס איך האָב זיך גאָר־נישט געריכט דערויף. בשעת איך בין אַזוי איינמאָל געשטאַנען און אַרויפגעקוקט צו דיינע פענסטער, ביסטו פּלוצלינג אָנגעקו־מען פון דער קייגנאיבערדיקער זייט גאַס. און פּלוצלינג בין איך ווידער געוואָרן דאָס קינד פון אַמאָל, דאָס דרייצניאָריקע קינד, איך האָב געפילט, ווי דאָס בלוט איז מיר אין פּנים אַריינ־געקומען; נישט ווילנדיק, קייגן מיין אינערלעכן דראַנג, קייגן דעם הייסן פאַרלאַנג צו פילן אויף זיך דיין בליק, האָב איך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ווי געטריבן פון עמעצן, בין איך דורכגעלאָפן פאַרביי דיר. נאָכדעם האָב איך מיך געשעמט, וואָס

איך בין שרעקעוודיק אַנטלאָפן, ווי אַ שול-מיידל, וואָרום אַצינד איז דאָך מיר מיין פאַרלאַנג שוין קלאָר געווען: איך האָב דיך געזוכט, איך האָב געוואָלט פון דיר דערקענט ווערן נאָך די אַלע יאָרן, וואָס זענען פאַרלאָפן אין בענקשאַפט און אין פאַרנעפּלטקייט: איך האָב געוואָלט פון דיר געליבט זיין.

אָבער דו האָסט מיך אַ לאַנגע צייט נישט באַמערקט, הגם איך בין יעדן אָוונט, אַפילו אין אַ שניי-וועטער אָדער ביי דעם שאַרפן, שניידנדיקן ווינער ווינט אויף דיין גאַס געשטאַנען. טיילמאָל פלעגסטו זיך ענדלעך באַווייזן פון דיין הויז אין באַגלייטונג פון באַקאַנטע, צוויי מאָל האָב איך דיך אויך געזעען מיט פרויען, און איך האָב מיטאַממאָל דערפילט מיין דערוואַקסנקייט, דורך אַ פלוצלינגדיק האַרץ-קלאַפּן, וואָס האָט דורך און דורך מיין נשמה צעריסן, בשעת איך פלעג זעען אַ פרעמדע גיין מיט דיר אַזוי זיכער אָרעם ביי אָרעם, האָב איך עמפינדן אַ נייַ, אַן אַנדער געפיל צו דיר. איך בין נישט געווען איבער-ראַשט, איך האָב דאָך געקענט דיינע שטענדיקע באַזוכע-רינס נאָך פון מיינע קינדער-יאָרן, אָבער אַצינד האָט עס מיר מיטאַממאָל פאַרשאַפט עפּעס אַזוי יוי אַ קערפּערלעכן ווייטיק, עפּעס אַן אָנגעצויגנקייט איז אין מיר אַנטשטאַנען, גלייכצייטיק פיינטלעך און קנאהדיק צו דערדאָזיקער אָפענער קערפּערלעכער פאַרטרוילעכקייט מיט אַן אַנדערער. איינמאָל אין אַ געוויסן טאָג האָב איך מיט אַ קינדישן שטאָלץ, וואָס איך האָב פאַרמאָגט און איך פאַרמאָג נאָך אפשר איצט, באַשלאָסן נישט צו גיין צו דיין הויז. אָבער ווי שרעקלעך איז דאָס געווען דערדאָזיקער פּוסטער אָוונט פון עקשנותדיקן שטאָלץ. דעם נאָענטסטן אָוונט בין איך שוין ווידער הכנעהדיק געשטאַנען פאַר דיין הויז וואַרטנדיק, אַזוי ווי איך בין תמיד געשטאַנען פאַר דיין פאַרשלאָסן לעבן.

און ענדלעך אין אַ געוויסן אָוונט האָסטו מיך באַמערקט. איך האָב דיך נאָך פון ווייטנס געזעען אָנקומען און האָב צו-זאַמענגענומען מיין גאַנצע ווילנסקראַפט, דיך נישט אויסצומיידן. דער צופאַל האָט געמאַכט, אַז די גאַס איז דורך אַ משא-וואָגן פאַרענגערט געוואָרן און דיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגיין

האַרט נעבן מיר. נישט ווילנדיק האָט פאַרבייגעשוועבט איבער מיר דיין צעשטרייטער בליק. נאָך איידער ער האָט באַגעגנט די אויפמערקזאַמקייט פון מיינעם — וואָס פאַר אַ שרעק דער־וועקט אין מיר דידאָזיקע דערינערונג! — יענער פרויענבליק דיינער, יענער צערטלעכער, איינהילנדיקער און גלייכצייטיק אויסהילנדיקער בליק, יענער אַרומנעמענדיקער, אַריינדרינגלעכער בליק, וועלכער האָט אין מיר, דעם קינד, אויפגעוועקט די פרוי, די ליבנדיקע. אַ סעקונדע צוויי לאַנג האָט דערדאָזיקער בליק פעסט געהאַלטן מיינעם, וועלכער האָט זיך נישט געקאָנט און נישט געוואָלט אָפּרייסן, און באַלד ביסטו פאַרבייגעגאַנגען פאַר מיר. מיר האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט, נישט ווילנדיק האָב איך געמוזט מיינע טריט לאַנגזאַמער מאַכן. און אַז איך האָב דורך אַ נייגעריקייט, וועלכע איך האָב נישט געקאָנט גובר זיין, מיך אומגעדרייט, האָב איך געזען, אַז דו ביסט שטיין געבליבן און האָסט מיר נאָכגעקוקט, און לויט דעם אופן, ווי דו האָסט מיך נייגעריק און פאַראינטערעסירט אבסערווירט, האָב איך באַלד געוווסט, אַז דו דערקענסט מיך נישט.

דו האָסט מיך נישט דערקענט, נישט דעמאָלט, נישט קיינ־מאָל, דו האָסט מיך קיינמאָל נישט דערקענט. ווי אַזוי זאָל איך דיר, געליבטער, שילדערן די אַנטוישונג אין יענער סעקונדע — דעמאָלט איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב עס דערפילט, דאָסדאָזיקע שיקזאַל נישט דערקענט צו זיין פון דיר, אַ שיקזאַל מיט וועלכן איך האָב אַ לעבן דורכגעמאַכט און מיט וועלכן איך שטאַרב, נישט דערקענט, נאָך אַלץ נישט דערקענט פון דיר. ווי אַזוי זאָל איך דיר זי שילדערן, דידאָזיקע אַנטוי־שונג! וואָרום דורך די צוויי יאָר אין אינסבּרוק, ווו איך האָב שטענדיק וועגן דיר געטראַכט און האָב קיין זאַך נישט געטון, ווי נאָר אויסצומאָלן און מיר פאָרשטעלן אונזער ערשטע ווידערבאַגעגעניש אין ווין, האָב איך מיר, לויט מיינע שטימונגס־צושטאַנדן, אויסגעטרוימט די ווילדסטע און גליקלעכסטע מעגלעכ־קייטן. אַלץ איז געווען אַזוי צו זאָגן דורכגעטרוימט; אין פינסטערע מאָמענטן האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, דו וועסט מיך אָפּ־

שטויסן, וועסט מיך פאַראַכטן, ווייל איך בין נישטיק, צו העסלעך, צופיל צודרינגלעך. אַלע פאָרמען פון דיין אומגעגנאָד, דיין קאַלט־קייט, דיין גלייכגילטיקייט, אַלע זיי האָב איך דורכגעפילט אין ליידנשאַפטלעכע וויזיעס — אָבער דאָס איינע, דאָס איינע האָב איך אפילו אין דעם פינסטערסטן געמיט־צושטאַנד, אפילו אין דעם העכסטן באַוווסטזיין פון מיין נישטיקייט, נישט געהאַט דעם מוט מיר פאָרצושטעלן, דאָסדאָזיקע שרעקלעכסטע: אַז דו האָסט איבערהויפּט אינגאַנצן מיין עקזיסטענץ נישט באַמערקט. היינט פאַרשטיי איך עס שוין — אַך, דו האָסט עס מיך געלערנט פאַרשטיין! — אַז דאָס פּנים פון אַ מיידל, פון אַ פרוי מוז פאַר אַ מאַנסביל זיין אומגעוויינלעך פאַרענדערבאַר, ווייל מערסטנטייל איז עס נאָר אַ שפּיגל, ווו עס שפּיגלט זיך אָפּ ליידנשאַפט, אַמאָל קינדישקייט, אַמאָל מידקייט און עס פאַרשווינדט אַזוי לייכט, ווי אַ בילד אין שפּיגל; אַז אַ מאַנסביל קאָן לייכטער פאַרגעסן דאָס פּנים פון אַ פרוי, ווייל די יאָרן וואַנדערן דערין דורך מיט שאָטן און ליכט, ווייל די קליידונג גיט עס צו פון איין מאָל ביז צום אַנדערען מאָל גאָר אַן אַנדערען אויסדרוק. די רעזיגנירטע, זיי זענען דאָס ערשט די אמתע וויסנדיקע. אָבער איך, דאָס מיידל פון דעמאָלט, איך האָב דיין פאַרגעסלעכקייט נישט געקאָנט באַ־נעמען מיטן שכל, וואָרום צוליב דעם אָן־שעורדיקן, אומאויפּ־הערלעכן פאַרנומען זיין מיט דיר, איז אין מיר אַנטשטאַנען די איינבילדונג, אַז אויך דו מוזט וועגן מיר טראַכטן און אויף מיר וואַרטן; ווי וואָלט איך דען גאָר געקאָנט אָטעמען, ווען איך זאָל געוווען האָבן די זיכערקייט, אַז איך בין פאַר דיר גאָר־נישט, אַז דיך רירט גאָר קיינמאָל נישט אָן די מינדסטע דע־רינערונג וועגן מיר! און דאָסדאָזיקע אויפוואַכן פאַר דיין בליק, וועלכער האָט מיר געוויזן, אַז איך בין פאַר דיר דורכויס פרעמד, אַז אין דיין לעבן איז נישטאָ קיין שום פאָדעם פון דערינערונג, וואָס זאָל זיך ציען צו מיין לעבן, דאָס איז געווען דער ערשטער שטויס אַראָפּ אין דער ווירקלעכקייט אַריין און די ערשטע אַנונג פון מיין גורל.

דו האָסט מיך דעמאָלט נישט דערקענט, און ווען ס׳האָט

מיך מיט צוויי טעג שפּעטער, בײַ אַ פרישער באַגעגעניש, אַרומ־
גענומען דיין בליק מיט אַ געוויסער פּאַרטרויליעכקייט, האָסטו
מיך אַלץ נישט דערקענט אַלס די, וואָס האָט דיך געליבט, און
וועלכע דו האָסט דערוועקט, נאָר בלויז אַלס דאָס היבשע אַכצנ־
יאָריקע מיידל, וואָס איז דיר מיט צוויי טעג פריער אַנטקעגנ־
געקומען. דו האָסט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פריינטלעכער איבער־
ראַשונג און אַ לייכטער שמייכל האָט געשוועבט אויף דיינע
ליפּן. דו ביסט ווידער פאַרבייגעגאַנגען פאַר מיר און ווידער
האָסטו באַלד לאַנגזאַמער געמאַכט דיינע טריט. איך האָב געציי־
טערט, איך בין באַהערשט געוואָרן פון אַ ווילדער פרייד, איך
האָב אינערלעך געבעטן, אַז דו זאָלסט זיך צו מיר ווענדן, צו
מיר רעדן. איך האָב געפילט, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע
מאָל, וואָס איך האָב פאַר דיר עקזיסטירט. איך האָב לאַנגזאַ־
מער געמאַכט מיינע טריט, איך האָב דיך נישט אויסגעווייכט.
און פּלוצלינג האָב איך, נישט אומקוקנדיק זיך, דיך דערשפּירט
הינטער מיר. איך האָב דערוואַרט, אַצינד וועל איך צום ערשטן
מאָל דיין געליבטע שטים צו מיר געווענדט הערן. איך האָב
מיך געפילט ווי געליימט פון דערדאָזיקער דערוואַרטונג. דאָס
האַרץ האָט מיר אַזוי געקלאַפּט, אַז איך האָב מורא געהאַט, איך
וועל מוזן שטיין בלייבן. מיטאַמאָל האָסטו זיך דערנעגטערט צו
מיר, האָסט זיך צו מיר געווענדט אויף דיין לייכטן, הייטערן שטיי־
גער, גלייך מיר וואָלטן געווען שוין לאַנג באַפריינדט — אַך,
דו האָסט קיין שום אַנונג נישט געהאַט פון מיר, קיינמאָל האָס־
טו פון מיין לעבן קיין אַנונג נישט געהאַט! — דו האָסט זיך
צו מיר געווענדט אַזוי צוּבערהאַפט רויק, אַז איך האָב אַפילו
באַקומען דרייסטקייט דיר צו ענטפערן. מיר זענען צוזאַמען
דורכגעגאַנגען די גאַנצע גאַס, דאַן האָסטו מיך געפרעגט, אויב
איך וויל, מיר זאָלן צוזאַמען עסן. איך האָב געזאָגט יאָ. וואָס
וואָלט איך דען געוואַגט דיר אָפּצוזאָגן?

מיר האָבן צוזאַמען געגעסן אין אַ קליינעם רעסטאָראַן —
געדענקסטו נאָך, ווו דאָס איז געווען? אַך, ניין, דו טיילסט עס
זיכער נישט אויס מער פון אַנדערע אַזעלכע אָוונטן, וואָרום ווער

בין איך דען פאַר דיר געווען? איינע צווישן הונדערטער, איין דינגעלע אין אַ קייט, וואָס איז כסדר פאָרטגעזעצט געוואָרן.

און ווי אַזוי קאָנסטו מיך טאַקע געדענקען: איך האָב גערעדט ווייניק, ווייל עס איז פאַר מיר געווען אַזאַ אומענדלעך גליק, דיך אַזוי נאָענט צו האָבן נעבן זיך, צו הערן דיך רעדן צו מיר. איך האָב קיין איינציקן אויגנבליק דערפון נישט געוואָלט מיר פאַרדאַרבן דורך אַ פראַגע, דורך אַ נאַריש וואָרט. קיינמאָל וועל איך נישט אויפהערן דיר דאַנקבאַר צו זיין פאַר דערדאָזיקער שעה; דו האָסט אַזוי פול געמאַכט מיין לײדנ-שאַפטלעכע ערפורכט; ווי צאַרט, ווי לייכט, ווי טאַקטפול ביסטו געווען, אַזוי אָן צודרינגלעכקייט, אָן יענע אייליקע צערט-לעכקייטן און פון ערשטן אויגנבליק אָן האָסטו זיך באַצויגן מיט אַזאַ זיכערער פריינטשאַפטלעכער פאַרטרויעלעכקייט, אַז ווען אַפילו איך זאָל נישט געווען זיין דיינע שוין פון לאַנג אָן מיט מיין גאַנצן ווילן און וועזן, וואָלסטו מיך דעמאָלט געוואונען. אַך, דו ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַן אומגעווײנלעכע זאַך דו האָסט געטון, וואָס דו האָסט מיר מיינע פינף יאָר קינדישע דערוואַרטונג נישט אַנטוישט!

עס איז געוואָרן שפעט און מיר זענען אויפגעשטאַנען. ביי דער טיר פון רעסטאָראַן האָסטו מיך געפרעגט, צי איך איל מיך שוין אָדער איך האָב נאָך צייט. ווי וואָלט איך גאָר געקאָנט פאַרשווייגן, אז איך בין דיר גרייט צו דינען! איך האָב געענט-פערט, אַז איך האָב נאָך צייט. דאַן האָסטו נאָך אַ קליינעם ישוב הדעת געפרעגט, צו איך וואָלט געוואָלט גיין אויף אַ קור-צע צייט צו דיר, כדי אַביסל צו פּלוידערן. „גערן" האָב איך געענטפערט מיט אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכן טאָן, וועלכער האָט אַרויסגעפּלאָסן פון מיין געפיל און איך האָב גלייך באַמערקט, אַז מיין גיכער הסכם האָט דיך עפּעס אָנגערירט אויף אַ וועלכן ס'איז אופן. איז עס געווען אַ פיינלעך אָדער אַ פרייד-געפיל, יעדנפאַלס ביסטו געווען איבערראַשט. היינט פאַרשטיי איך שוין יענע דערשטוינונג דיינע. איך ווייס, עס איז אָנגענומען ביי פרויען, נישט אַרויסצווייזן דידאָזיקע גרייטשאַפט, ווען אַפילו

דער פּאַרלאַנג איבערצוגעבן זיך איז אין זיי ברענענדיק, זיי ווערן
פלומרשט דערשראָקן אָדער דערבייזערט און ווילן מ'זאָל זיי
דורך פיל בקשה, דורך ליגנס, שבועות און איינרעדענישן ערשט
באַרויקן און איינעמען. איך ווייס, אַז סיידן נאָר די פּראָפעס-
יאָנעלע פון דער ליבע ענטפערן אויף אַזאַ איינלאַדונג מיט אַזאַ
פולער פריידיקער צושטימונג, אָדער גאַנץ נאַיווע, האַלב דערוואַקסענע
קינדער. אין מיר אָבער איז דאָס געווען — ווי קאָנסטו גאָר
האָבן דערפון אַן אַנונג—דער צום אויסדרוק געקומענער ווילן, די סטי-
כיש זוויסברעכנדיקע בענקשאַפט, פון יאָרן אָנגעזאַמלט. יעדנפאַלס
אָבער ביסטו געווען דערשטוינט. איך האָב דיך אָנגעהויבן צו
אינטערעסירן, איך האָב געשפּירט, אַז בשעת מיר זענען געגאַנ-
גען, האָסטו מיך בעתן געשפּרעך אַזוי פון דער זייט באַטראַכט
מיט דערשטוינונג. דיין געפיל, וואָס איז אין אַלעם מענטשלעכן
געווען אַזוי מאַגיש-זיכער, האָט דאָ באַלד דערשפּירט עפּעס אַן
אומגעוויינלעכס, אַ סוד אין דעם דאָזיקן היבשן צוגעלאָזענעם
מיידל; די נייגיריקייט אין דיר איז וואַך געוואָרן און איך האָב
באַמערקט לויט דעם אופן, ווי דו האָסט געשטעלט פראַגן, אַז
דו ווילסט דעם דאָזיקן סוד דערגיין. אָבער איך האָב דאָס אויס-
געמיטן, איך האָב ליבער געוואָלט אויסזעען אין דיינע אויגן
נאַריש, איידער דיר דעם סוד אויסגעבן.

מיר זענען אַרויפגעגאַנגען צו דיר. זיי מיר מוחל, גע-
ליבטער, וואָס איך וועל דיר זאָגן, אַז דו קאָנסט עס נישט
פאַרשטיין, וואָס דערדאָזיקער קאָרידאָר, דידאָזיקע טרעפּ זע-
נען פאַר מיר געווען, וואָסער באַרוישונג, וואָס פאַר אַ ווייכע
צעמישונג, וואָס פאַר אַ בייז, קוועלעריש, כמעט טויט-דערשלאָגנ-
דיק גליק. אַצינד נאָך קומען מיר טרערן אין די אויגן, ווען
איך דערמאָן זיך וועגן דעם, אַצינד — ווען איך פאַרמאָג שוין
נישט קיין טרערן. אָבער מאָל דיר נאָר אויס, אַז יעדער געגנ-
שטאַנד פון דאָרט איז געווען ווי דורכגעדרונגען פון מיין ליידנ-
שאַפט, יעדע זאַך — אַ סימבאָל פון מיין קינדהייט, פון מיין
בענקשאַפט: דאָס טויער, פאַר וועלכן איך האָב טויזנטער מאָל
געוואַרט אויף דיר, די טרעפּ, פון וואַנען איך פלעג אַלע מאָל

דערהערן דיינע טריט, און אויף וועלכע איך האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזעען, דאָס קוק־לאָך, פון וואַנען איך פלעג נאָכלויערן, דער דיוואַן פאַר דיין טיר, אויף וועלכן איך האָב אַמאָל אַנידערגעקניט, דאָס קנאַקן פונם שליסל, ביי וועלכן איך פלעג אַלעמאָל אויפשפּרינגען פון מיין לויער־אָרט. דידאָזיקע פּאָר מעטער שטח זענען געווען ווי אַ נעסט, ווו ס'האָט זיך געפונען מיין גאַנצע קינדהייט, מיין גאַנצע ליידנשאַפט, מיין גאַנץ לעבן, אין יענער מינוט איז מיך דאָס אַלץ באַפאַלן, ווי אַ שטורם, דען אַלץ, אַלץ איז דערפילט געוואָרן, און איך בין מיט דיר געגאַנגען, איך מיט דיר, אין דיין, אין אונזער הויז. שטעל דיר פאָר — עס קלינגט אַפילו באַנאַל, אָבער איך ווייס נישט, ווי אַזוי אנדעריש צו זאָגן — אַז ביז צו דיין טיר איז שטענ־דיק פאַר מיר אַלץ געווען ווירקלעכקייט, טעמפּע אַלטעגלעכקייט און ערשט דאָרט, אינעווייניק, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קינדישע צויבער־לאַנד, אַלאַדינס קעניגרייך; שטעל דיר פאָר, אַז איך האָב טויזנטער מאָל מיט גליענדיקע אויגן געגלאָצט אויף דערדאָזי־קער טיר, דורך וועלכער איך בין אַצינד אַ פאַרשכורטע דורכגע־גאַנגען און דו וועסט האָבן אַן אָנונג — אָבער בלויז אַן אַנונג, בשום אופן נישט פולשטענדיק וויסן, מיין געליבטער — וואָס אין מיר איז פאָרגעקומען אין דערדאָזיקער שטורמישער מינוט.

איך בין דעמאָלט די גאַנצע נאַכט געבליבן ביי דיר. דו האָסט קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז איך בין דעמאָלט נאָך נישט געווען באַרירט פון קיין מאַן, אַז קיינער האָט נאָך מיין קער־פּער נישט געפילט, אָדער געזעען, און ווי האָסטו גאָר געקאָנט האָבן דערפון אַן אַנונג, געליבטער, איך האָב דיר נישט גע־שטעלט קיין ווידערשטאַנד, איך האָב אונטערדריקט מיין שע־מעוודיקייט בלויז נאָר צוליב דעם, דו זאָלסט נישט געוואָר ווערן דעם סוד פון מיין ליבע צו דיר, וועלכע וואָלט דיך געוויס דערשראָקן — וואָרום דו האָסט ליב נאָר דאָס לייכטע, דאָס שפּילנדיקע, דאָס אומבאַדייטנדיקע; דו האָסט זיך מורא צו פאַרבינדן מיט עמעצנס שיקזאַל, פאַרשווענדן ווילסטו זיך צו אַלע, צו דער וועלט און דו ווילסט נישט קיין קרבן. אויב איך

חעל דיר אַצינד זאָגן, געליבטער. אַז איך האָב מיך איבערגעגעבן צו דיר יונגפרוילעך, בעט איך דיך, דו זאָלסט מיך נישט שלעכט פאַרשטיין. איך קלאָג דיך נישט אָן, דו האָסט מיך נישט פאַר־נאַרט, נישט אָפּגענאַרט, נישט פאַרפירט — איך, איך אַליין האָב מיך געריסן צו דיר, האָב מיך געוואָרפן צו דיין ברוסט, האָב מיך אַרײַנגעוואָרפן אין מיין שיקזאַל. איך וועל דיך קיינמאָל, קיינמאָל נישט אָנקלאָגן. ניין, נאָר שטענדיק דיר דאַנקען, וואָרום ווי רייך איז געווען פאַר מיר דידאָזיקע נאַכט, זי האָט געפינקלט פון גענוס, זי איז געווען לייכט־שוועבנדיק פון פאַרכשופטקייט.

אַז איך האָב, אין דער פינסטער נאָך, אויפגעעפנט די אויגן און דיך געפילט ביי מיין זייט, האָב איך מיך געוווּנדערט, וואָס איבער מיר איז נישטאָ קיין שטערן, אַזוי שטאַרק האָב איך געפילט דעם הימל — ניין, איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין חרטה, מיין געליבטער, קיינמאָל נישט קיין חרטה געהאַט אויף דערדאָזיקער שעה, איך געדענק, בשעת דו ביסט געשלאָפן, בשעת איך האָב דיין אָטעם געהערט, געפילט דיין קערפּער און זיך אַליין געפילט אַזוי נאָענט נעבן דיר, דאַן האָב איך אין דער פינסטער געוויינט פאַר גליק.

צו אָרגנס בין איך גאַנץ פרי אַוועק, איך האָב געמוזט גיין אין געשעפט, דערצו נאָך האָב איך געוואָלט אַוועקגיין פריער, איידער דער דינער וועט קומען, כדי ער זאָל מיך נישט זען. ווען איך בין פאַר דיר געשטאַנען שוין אָן אָנגעטועניע, האָסטו מיך אַרומגענומען מיט דיין האַנט און האָסט מיך לאַנג אָנגעקוקט; איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל אַ טונקעלע און ווייטע דערינערונג האָט זיך געוויגט אין דיר, אָדער בלויז נאָר ווייל איך האָב דיר אויסגעוויזן שיין אין דערדאָזיקער באַ־גליקטער מינוט? דו האָסט מיך געקושט אין מויל און איך האָב זיך פאַמעלעך באַפרייט פון דיר און געוואָלט אַוועקגיין. דאַן האָס־טו מיך געפרעגט: „אפשר ווילסטו אַ פּאָר בלומען נעמען?" איך האָב געענטפערט „יאָ". דו האָסט אַרויסגענומען פיר ווייסע רויזן פון דער בלויער קריסטאַל־וואַזע אויף דיין שרייב־טיש (אַך, איך האָב זי געקענט פון יענעם איינציקן בגנבה־בליק אין דער

קינדהייט) און זיי מיר געגעבן. איך האָב זיי טעג לאַנג געקושט.
מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט אויף נאָך אַן אָזונט, איך בין געקומען און ווידער איז עס געווען וווּנדערבאַר. דו האָסט מיר נאָך אַ דריטע נאַכט געשאָנקען. דאַן האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו מוזט אַוועקפאָרן—אָ, ווי פיינט איך האָב געהאַט דידאָזי-קע רייזעס פון מיין קינדהייט אָן: — און האָסט מיר צוגעזאָגט, מיר צוויסן געבן גלייך ווי דו וועסט קומען. איך האָב דיר געגעבן אַ פּאָסט-רעסטאַנט-אַדרעס — מיין נאָמען האָב איך דיר נישט געוואָלט זאָגן. איך האָב געהיטן מיין סוד. דו האָסט מיר ווידער געגעבן אַ פּאָר רויזן צום אָפּשייד — צום אָפּשייד.
יעדן טאָג אין פאַרלויף פון צוויי חדשים האָב איך גע-פרעגט... אָבער ניין, צו וואָס דיר שילדערן דידאָזיקע גיהנמדיקע יסורים פון דערוואַרטונג און פאַרצווייפלונג. איך קלאָג דיך נישט אָן, איך ליב דיך אַזעלכן, ווי דו ביסט: הייס און לייכט צום פאַרגעסן. איבערגעגעבן און אומטריי; איך ליב דיך אַזוי, נאָר אַזוי, ווי דו ביסט שטענדיק געווען און ווי דו ביסט עס נאָך אַצינד. דו ביסט שוין לאַנג געווען צוריק, איך האָב עס געזעען אין דיינע באַלויכטענע פענסטער, און דו האָסט מיר נישט געשריבן. קיין שורה פאַרמאָג איך נישט פון דיר, ווען איך האָב אַוועקגעגעבן מיין לעבן, איך האָב געוואַרט, איך האָב געוואַרט ווי אַ פאַרצווייפלטע. אָבער דו האָסט מיך נישט גע-רופן, דו האָסט מיר קיין איין שורה נישט געשריבן... קיין איין שורה...

*

מיין קינד איז נעכטן געשטאָרבן — עס איז געווען אויך דיין קינד, עס איז געווען אויך דיין קינד, געליבטער, דאָס קינד פון איינער פון יענע דריי נעכט. איך שווער עס דיר, און מען זאָגט נישט קיין ליגן אין שאָטן פון טויט. עס איז געווען אונזער קינד, איך שווער עס דיר, ווייל קיין מאַן האָט מיך נישט באַרירט פון יענער צייט אָן, זינט איך האָב מיך דיר אי-

בערגעגעבן, ביז דעמאָלט, ווען עס איז פון מיין ליבע אַרויסגע־
פרעסט געוואָרן. איך האָב מיך געהאַלטן פאַר הייליק דורך דיין
באַרירונג; ווי וואָלט איך עס אימשטאַנד געווען מיך אַוועקצו־
געבן דיר, וואָס ביסט געווען פאַר מיר אַלץ, און אויך אַנדערע,
וואָס זענען מיך קוים אָנגעגאַנגען? עס איז געווען
אונזער קינד, געליבטער, דאָס קינד פון מיין באַוווסטזיניקער
ליבע און פון דיין זאָרגלאָזער, פאַרשווענדערישער, כמעט אום־
באַוווסטער צערטלעכקייט. אונזער קינד, אונזער זון, אונזער
איינציק קינד.

אָבער דו וועסט אפשר פרעגן — מעגלעך דערשראָקן,
מעגלעך נאָר דערשטוינט — דו וועסט אפשר פרעגן, מיין גע־
ליבטער, פאַרוואָס האָב איך אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן
פאַרשוויגן פון דיר דאָסדאָזיקע קינד און רעד דערפון ערשט
אַצינד, בעת עס ליגט דאָ אין טונקלקייט איינגעשלאָפן, גרייט
אַוועקצוגיין און זיך קיינמאָל נישט אומצוקערן, קיינמאָל נישט!
אָבער ווי אַזוי האָב איך עס דיר געקאָנט זאָגן? דו וואָלסט
קיינמאָל נישט געגלויבט מיר, דער פרעמדער, וועלכע האָט
אַרויסגעוויזן אַזאַ דינסט־גרייטקייט אין יענע דריי נעכט, וועלכע
האָט זיך דיר איבערגעגעבן אָן שום ווידערשטאַנד, אפילו באַ־
גערנדיק, דו וואָלסט קיינמאָל נישט געגלויבט דערדאָזיקער אומ־
באַקאַנטער, וועלכע דו האָסט צופעליק באַגעגנט, אַז זי איז דיר
טריי געבליבן, דיר דער אומטרייען; דו וואָלסט קיינמאָל נישט
געקאָנט אָן חשד אָננעמען דאָסדאָזיקע קינד פאַר דיינס! ווען
אפילו מיינע ווערטער זאָלן זיך דיר אויסווייזן פאַר וואָרשיינלעך,
וואָלסטו דאָך קיינמאָל נישט געקאָנט באַזייטיקן דעם שטילן
חשד, אַז איך וויל דיר, דעם פאַרמעגלעכן, צווואַרפן אַ פרעמד
קינד. דו וואָלסט אויף מיר אַ פאַרדאַכט געוואָרפן און עס וואָלט
צווישן מיר און דיר געבליבן אַ שאָטן פון אומצוטרוי, און דאָס
האָב איך נישט געוואָלט. און אַ חוץ דעם: איך קען דיך, איך
קען דיך אַזוי גוט. אַז דו אַליין קענסט זיך קוים אַזוי; איך
ווייס, אַז פאַר דיר, וואָס האָט אַזוי ליב דאָס זאָרגלאָזע, דאָס
לייכטע און שפּילנדיקע אין דער ליבע, וואָלט זייער פּיינלעך

געהען פלוצלינג צו ווערן פאָטער, צו דערפילן פלוצלינג אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַ שיקזאַל. דו, וואָס קאָנסט נאָר אין פרייהייט אָטעמען, דו וואָלסט זיך אויף אַ געוויסן אופן געפילט פאַרבונדן מיט מיר. דו וואָלסט מיך — איך ווייס עס, אַז דו וואָלסט עס געטון געגן דיין אייגענעם באַוווסטזיניקן ווילן — דו וואָלסט מיך געהאַסט פאַר דעם דאָזיקן פאַרבונדן־זיין. מעגלעך, אַז בלויז נאָר שעהן וואָלט דיין האַס געדויערט, מעגלעך, אַז נאָר פאָראיבערגייענדיקע מינוטן וואָלט איך דיר לעסטיק געווען— איך אָבער אין מיין שטאָלץ האָב געוואָלט, אַז דו זאָלסט דאָס גאַנצע לעבן טראַכטן וועגן מיר אָן זאָרג. איך האָב בעסער געוואָלט אַלץ נעמען אויף זיך, איידער פאַר דיר אַ לאַסט צו ווערן. איך האָב געוואָלט זיין צווישן דיינע אַלע פרויען די יעניקע, וועגן וועלכער דו זאָלסט שטענדיק מיט דאַנקבאַרקייט און ליבע טראַכטן. אָבער לײדער: דו האָסט וועגן מיר קיינמאָל נישט געטראַכט, דו האָסט מיך פאַרגעסן.

איך קלאָג דיך נישט אָן, מיין געליבטער, ניין, איך קלאָג דיך נישט אָן, זיי מיר מוחל, אויב ס'פליסט אַמאָל אַראָפּ פון מיין פעדער אַ טראָפּן ביטערניש, זיי עס מיר מוחל — מיין קינד, אונזער קינד, ליגט דאָך דאָ טויט ביי דעם שיין פון דעם ברענענדיקן ליכט; איך האָב געביילט מיינע פויסטן צו גאָט און אים אָנגערופן מערדער, מיינע געדאנקען זענען מיר פאַרטונקלט און צעטומלט, זיי מיר מוחל מיין באַקלאָגן זיך, זיי עס מיר מוחל! איך ווייס דאָך, טיף אין האַרצן ביסטו גוט און ביסט גרייט צו העלפן, דו העלפסט יעדן, דו העלפסט אַפילו דעם פרעמדסטן, אויב ער בעט דיך, אָבער דיין גוטסקייט איז אַזוי מאָדנע, זי איז אַזעלכע, וואָס ליגט אָפן פאַר יעדן און יעדער קאָן נעמען אַזוי פיל, וויפל עס קאָן אַריין אין זיינע הענט. זי איז גרויס, אומענדלעך גרויס איז זי דיין גוטסקייט, אָבער זי איז — זיי מיר מוחל — זי איז פויל, זי וויל, מען זאָל זי מאָנען, מען זאָל זי נעמען. דו העלפסט, אויב מען רופט דיך, דו העלפסט אויס בושה, אויס שוואַכקייט, און נישט אויס מיט־געפיל. לאָז עס דיר זאָגן אָפן: דו האָסט דעם מענטשן, וואָס

געפינט זיך אין אַ נויט נישט ליבער ווי דעם, וואָס איז גליקלעך. פון אַזעלכע, ווי דו, אַפילו די בעסטע צווישן זיי, בעט מען זעלטן. איינמאָל, בשעת איך בין נאָך אַ קינד געווען, האָב איך דורך דעם קוק-לאָך אין טיר געזעען, ווי דו האָסט עפּעס געגעבן אַ בעטלער, וועלכער האָט ביי דיין טיר געקלונגען, דו האָסט אים געגעבן שנעל און אַפילו אַ סך, נאָך איידער ער האָט דיך געבעטן, אָבער דו האָסט עס אים דערלאַנגט מיט אַ געוויסער מורא און האַסטיקייט, כדי ער זאָל וואָס שנעלער אַוועקגיין. עס האָט אויסגעזעען אַזוי, ווי דו וואָלסט מורא געהאַט אים צו קוקן אין די אויגן. דערדאָזיקער אופן דיינער פון צוטיילן הילף, דאָס שרעקעוודיקע אַנטלויפן פאַר דאַנקבאַרקייט, האָב איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן און דעריבער האָב איך מיך קיינמאָל נישט געווענדט צו דיר.

געוויס, איך ווייס, אַז דו וואָלסט מיך דעמאָלט געשטיצט, אַפילו נישט האָבנדיק די זיכערקייט, אַז עס איז דיין קינד. דו וואָלסט מיך געטרייסט, וואָלסט מיר געלט געגעבן; אַ סך געלט, אָבער אַלץ מיט דער פאַרבאָרגענער אומגעדולדיקייט, לויז צו ווערן פון דער אומבאַקוועמלעכקייט. יאָ, איך גלויב, אַז דו וואָלסט מיך אַפילו צוגערעדט, איך זאָל מיך פריצייטיק באַפרייען פון דעם קינד. און פאַר דעם האָב איך מורא געהאַט מער ווי אַלץ — ווארום וועלכע זאַך וואָלט איך דען נישט געטון, אויב דו וואָלסט זי פאַרלאַנגט, ווי וואָלט איך גאָר אימשטאַנד געווען דיר עפּעס אָפּצוזאָגן! אָבער דאָס קינד איז פאַר מיר געווען אַלץ, עס איז דאָך געווען פון דיר, נאָכאַמאָל דו. אָבער נישט דו, דער גליקלעכער, דער זאָרגלאָזער, וועלכן איך בין נישט אימשטאַנד געווען איינצוהאַלטן נעבן זיך, נאָר דו, וועלכער איז מיר — אַזוי האָב איך געמיינט — געגעבן געוואָרן אויף שטענדיק, געפאַנגען אין מיין לייב, פאַרבונדן אין מיין לעבן. איך האָב דיך ענדלעך געפאַנגען, איך האָב געקאָנט שפּירן אין מיינע אָדערן, ווי דו, ווי דיין לעבן וואַקסט, איך האָב געקאָנט דיך דערנערן, דיך אָנטרינקען, דיך האַלזן און קושן, בשעת איך האָב דערצו געגאַרט. זעסטו געליבטער, דערפאַר האָב איך מיך געפילט אַזוי גליקלעך מיט דעם באַוווסטזיין, אַז איך האָב

פון דיר אַ קינד געהאַט, דערפאַר האָב איך עס דיר פאַרשוויגן: חייל אַצינד האָסטו שוין נישט געקאָנט פון מיר אַוועק.

וואָס אַן אמת, געליבטער, עס זענען געווען נישט בלויז גליקלעכע חדשים, ווי איך האָב מיר געהאַט פאָרגעשטעלט אין די געדאַנקען. עס זענען אויך געווען חדשים פון שרעק און פּיין, פול עקל צו דער נידעריקייט פון מענטשן. עס איז מיר געווען נישט לייכט. אין די לעצטע חדשים האָב איך שוין נישט געקאָנט גיין אין געשעפט, כדי עס זאָל מיינע קרובים נישט אויפפאַלנדיק ווערן און זיי וואָלטן געקאָנט צו וויסן געבן אַהיים. פון דער מוטער האָב איך נישט געוואָלט בעטן קיין געלט — האָב איך געמוזט פאַרקויפן דאָס ביסל צירונג, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, כדי דורכצוקומען די צייט ביז צום געווינען. מיט אַ וואָך פריער האָט מיר אַ חעשערין ארויסגעגנבעט פון שאַנק די לעצטע פּאָר קראָנען און איך האָב דעריבער געמוזט אָנקומען אין אַ קליניק. דאָרט, ווו נאָר די אָרימסטע, די אַרויסגעשטויסענע מוזן זיך אין זייער נויט אַהינשלעפּן, דאָרט צווישן דעם אָפּפאַל פון עלנט, דאָרט איז דאָס קינד, דיין קינד, געבוירן געוואָרן. דאָרט איז גיכער געווען אַן אָרט צו שטאַרבן: פרעמד, פרעמד, פרעמד איז אַלץ געווען, פרעמד זענען מיר געווען צו־אַנאַנדער, מיר אַלע, וואָס זענען דאָרט געלעגן, איינזאַם און פול מיט שנאה איינע צו דער אַנדערער; בלויז נאָר פון עלנט, פון דער גלייכער נויט זענען מיר דאָרט אַריינגעשטויסן געוואָרן אין דעם שטיקנדיקן פון כלאָראָפאָרם און בלוט, פון געשריי און זיפץ אָנגעפולטן זאַל. דאָס, וואָס דער אָרימקייט קומט אויס צו ליידן פון דערנידערונג, פון גייסטיקער און קערפּערלעכער שאַנד, האָב איך דאָרט געליטן פון דעם צוזאַמענזיין מיט ני־דעריקע פרויען און מיט קראַנקע, וואָס בלויז דער גלייכער גורל האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט; פון דעם ציניזם פון די יונגע דאָקטוירים, וועלכע פלעגן מיט איראָנישע שמייכלען אָפּדעקן די דעקעס ביי דידאָזיקע ווערלאָזע און אַרומטאַפּן זיי מיט אַ כלומר־שטער וויסנשאַפטלעכקייט; פון דער גיריקייט פון די וועכטע־רינס — אָ, דאָרט ווערט דעם מענטשנס בושה געקרייציקט מיט

בליקן און געבייטשט מיט ווערסער. דאָס ברעטל מיט דער
אויפשריפט פון דיין נאָמען, דאָס אַליין גילט דאָרט אַלס דיין
פערזאָן, און דאָס, וואָס ליגט אין בעט, איז בלויז אַ ציטערנ־
דיק שטיק פלייש, באַטאַפּט פון נייגיריקע, אַ געגנשטאַנד, וואָס
ווערט באַקוקט און שטודירט — אַך, די פרויען, וועלכע שענ־
קען דעם מאַן קינדער אין זיין הויז, ווייסן נישט, וואָס עס
הייסט: אַליין, ווערלאָז, אויפן אָפּעראַציאָנס־טיש אַ קינד צו גע־
בוירן. און לייען איך נאָך היינט אין אַ בוך דאָס וואָרט גיהנם,
אַזוי דערמאָן איך מיך ווידער פלוצלינג געגן מיין ווילן אָן יע־
נעם איבערפולטן, שטיקנדיקן, פון זיפצן, געלעכטער און בלוטי־
קע געשרייען אָנגעפולטן זאַל, אין וועלכן איך האָב געליטן —
אָן דעם דאָזיקן שעכטהויז פון דער בושה.

פאַרגיב, פאַרגיב מיר, וואָס איך רעד דערפון. אָבער נאָר
דאָס איינע מאָל רעד איך דערפון, מער שוין קיינמאָל נישט,
קיינמאָל. עלף יאָר האָב איך דערפון געשוויגן און באַלד וועל
איך שוין שטום ווערן אויף אייביק — האָב איך עס איינמאָל
געמוזט אויסשרייען, איינמאָל אויסשרייען, ווי טייער איך האָב
באַצאָלט פאַר דעם קינד, פאַר דעם קינד, וואָס איז געווען מיין
העכסט גליק און אַצינד ליגט עס דאָ אָן אָטעם. איך האָב שוין
געהאַט פאַרגעסן יענע שעהן, לאַנג שוין פאַרגעסן דורך דעם קינדס
שמייכל און שטים, דורך דעם גרויסן גליק מיינעם. אָבער אַצינד, אַז עס
איז שוין טויט, ווערן די פיין ווידער וואַך, און איך מוז זיי מיר פון
האַרץ אַראָפּשרייען, דאָס דאָזיקע איינע, דאָס דאָזיקע איינציקע מאָל.

אָבער נישט דיך קלאָג איך אָן, נאָר גאָט, וועלכער האָט
געמאַכט זינלאָז דידאָזיקע פיין. נישט דיך קלאָג איך אָן, איך
שווער עס דיר, און קיינמאָל האָט אין מיר נישט אויפגעוואַכט
דער צאָרן געגן דיר, אַפילו אין דער שעה, ווען מיין לייב
האָט זיך געקרומט פאַר ווייטיק, ווען מיין קערפּער האָט גע־
ברענט פאַר בושה אונטער די פאָרשנדיקע בליקן פון די סטו־
דענטן, אַפילו אין דער סעקונדע, ווען די יסורים האָבן מיר
מיין נשמה צעריסן, האָב איך דיך נישט אָנגעקלאָגט פאַר גאָט.
קיינמאָל האָב איך נישט געהאַט קיין חרטה אויף יענער נאַכט,

קיינמאָל מיר נישט קיין פאָרוווּרף געמאַכט פאַר מיין ליבע צו דיר, איך האָב שטענדיק געבענטשט די שעה, וואָס איך האָב דיך באַגעגנט, און ווען אַפילו איך זאָל מוזן נאָכאַמאָל דורכגיין דאָס גיהנם פון דידאָזיקע שעהן און זאָל וויסן פאָרויס, וואָס מיך דערוואַרט — איך וואָלט דאָס זעלבע געטון נאָכאַמאָל, מיין געליבטער, נאָכאַמאָל און נאָך טויזנט מאָל!

*

אונזער קינד איז נעכטן געשטאָרבן — דו האָסט עס קיינמאָל נישט געקענט. קיינמאָל נישט, אַפילו אין אַ פאַרביי-לויפנדיקער, צופעליקער באַגעגעניש איז אויף דעם דאָזיקן בליענדיקן קליינעם וועזן—דיין וועזן, נישט געפאַלן דיין בליק. נאָכדעם ווי איך האָב דאָס קינד געהאַט, האָב איך זיך אַ לאַנגע צייט פאַרבאָרגן פאַר דיר, מיין בענקשאַפט נאָך דיר איז געוואָרן ווייניקער שמערצלעך, איך האָב אַפילו געגלויבט, אַז איך ליב דיך ווייניקער ליידנ-שאַפטלעך. אַלנפאַלס האָב איך שוין נישט געליטן אַזוי שטאַרק פון מיין ליבע, זינט דאָס קינד איז מיר געשענקט געוואָרן. איך האָב מיך נישט געוואָלט פונאַנדערטיילן צווישן דיר און אים; איך האָב מיך נישט אָוועקגעגעבן צו דיר, דעם גליקלעכן, וואָס האָט געלעבט, נישט באַמערקנדיק מיך, נאָר צו דעם קינד, וואָס האָט זיך אין מיר גענויטיקט, וואָס איך האָב געמוזט דערנערן, וואָס איך האָב געקאָנט קושן און אַרומנעמען.

עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך בין געראַטעוועט פון מיין אומרויקייט נאָך דיר, פון מיין בייזן מזל, און געראַטע-וועט בין איך דורך דעם דאָזיקן צווייטן דו דיינעם, וועלכער איז אָבער אייגנטלעך געווען מיין. זעלטן נאָר, זייער זעלטן פלעגט מיין געפיל זיך רייסן צו דיין הויז. נאָר איין זאַך האָב איך געטון: צו דיין געבורטס-טאָג פלעג איך דיר שטענדיק שיקן אַ בינטל ווייסע רויזן, פונקט אַזעלכע, ווי דו האָסט מיר דעמאָלט געשענקט נאָך אונזער ערשטער ליבע-נאַכט. האָסטו דיך אין דידאָזיקע צען, עלף יאָר געפרעגט, ווער עס שיקט

צי האסטו זיך אפשר דערמאָנט אָן דער, וואָס דו האָסט אַמאָל
אַזעלכע רויזן געשענקט? איך ווייס עס נישט און וועל אויך
דיין ענטפער נישט וויסן, נאָר בלויז דאָס, וואָס איך האָב זיי
דיר — ווען אַפילו פון שאָטן ארויס — דערלאַנגט, בלויז דאָס,
וואָס איינמאָל אין יאָר האָב איך געלאָזט אויפבליען די דערי־
נערונג וועגן יענער שעה — דאָס איז געווען פאַר מיר גענוג.

דו האָסט עס קיינמאָל נישט געקענט אונזער אָרים
קינד — היינט מאַך איך מיר אַליין פאָרווורפן, וואָס איך האָב
עס פון דיר פאַרבאָרגן, וואָרום דו וואָלסט עס געווען געליבט.
דו האָסט עס קיינמאָל נישט געקענט, דאָס אָרימע יינגל, קיינ־
מאָל נישט געזעען אים שמייכלען, בשעת עס האָט שטיל אויפ־
געעפנט די אויגן־הייטלעך און געוואָרפן דאַן מיט זיינע שוואַר־
צע קלוגע אויגן — דיינע אויגן! — אַ פריילעכע ליכטיקייט
אויף מיר, אויף דער גאַנצער וועלט. אַך, ער איז געווען אַזוי
פריילעך, אַזוי ליב, די גאַנצע ווייכקייט פון דיין וועזן איז
אין אַ קינדישער פאָרם געווען איבערגעגעבן אין אים, דיין
שנעלע, באַוועגלעכע פאַנטאַזיע איז געווען אויפסניי געגעבן אין
אים; שעהן לאַנג האָט ער, ווי פאַרליבט, זיך געקאָנט שפּילן
מיט זאַכן, אַזוי ווי דו שפּילסט דיך מיט דעם לעבן, און אויך
ערנסט, מיט אַרויפגעצויגענע ברעמען אָפּזיצן ביי זיינע ביכער.
ער איז וואָס אַמאָל אַלץ מער געוואָרן דו; עס האָט זיך אויך
שוין אָנגעהויבן בולט צו אַנטוויקלען אין אים יענע צווייאיקייט
פון ערנסט און שפּיל, וועלכע איז דיר אייגן, און וואָס מער
ער איז געוואָרן ענלעך צו דיר, אַלץ מער האָב איך אים ליב
געהאַט. ער האָט געפּלוידערט פראַנצויזיש ווי אַ קליינע סראָקע,
זיינע העפטן זענען געווען די ריינסטע אין קלאַס, און דערצו
נאָך, ווי שיין, ווי עלעגאַנט ער איז דאָס געווען אין זיין
שוואַרצן סאַמעט־אַנצוג, אָדער אין דעם ווייסן מאַטראָזן־יאַקל.
וווהין ער איז געקומען, איז ער שטענדיק געווען דער עלע־
גאַנטסטער פון אַלע, אַז איך פלעג גיין מיט אים נעבן „גראַדאָ“,
פלעגן זיך אַלע פרויען אָפּשטעלן און גלעטן זיינע לאַנגע בלאָנ־
דע האָר, אַז ער פלעגט אויפן זעמערינג פאָרן אין אַ שליטן

האָבן אים מענטשן נאָכגעקוקט מיט פאַרווּנדערונג. ער איז גע־ווען אַזוי שיין, אַזוי צאַרט, אַזוי ליבלעך. בשעת ער איז אין לעצטן יאָר אָנגעקומען אין טערעזיאַנום, האָט ער געטראָגן זיין אוניפאָרם און די קליינע שווערט, ווי אַ פּאַזש פון אַכצנטן יאָר־הונדערט — און אַצינד האָט ער אויף זיך מער נישט, ווי אַ ה,עמדל, דער אָרימער, וואָס ליגט דאָרט מיט בלאַסע ליפּן און איינגעשרומפּענע הענט.

אָבער דו וועסט מיך אפשר פרעגן, ווי אַזוי האָב איך געקאָנט דערציען דאָס קינד אין אַזאַ לוקסוס, ווי אַזוי בין איך אימשטאַנד געווען אים צו פאַרשאַפן דאָסדאָזיקע העלע, פריילע־כע לעבן פון דער העכערער געזעלשאַפט? ליבסטער, איך רעד צו דיר אַלס אומבאַקאַנטע, איך וועל זיך נישט שעמען, איך וועל עס דיר זאָגן, אָבער דערשרעק זיך נישט געליבטער, — איך האָב זיך פאַרקויפט. איך בין, וואָס אַן אמת, נישט געוואָרן דאָס, וואָס מען רופט אָן אַ מיידל פון דער גאַס, אָבער איך האָב מיך פאַרקויפט. איך האָב געהאַט רייכע פריינט, רייכע געליבטע. מתחילת האָב איך זיי געזוכט, דערנאָך האָבן זיי מיך געזוכט, װאָרום איך בין געווען — האָסטו עס באַמערקט? — זייער שיין. יעדער, וועמען איך האָב זיך איבערגעגעבן, האָט מיך ליב גע־קריגן; אַלע האָבן מיר געדאַנקט, אַלע זענען געווען צו מיר צו־געבונדן, אַלע האָבן מיך געליבט — נאָר דו נישט, נאָר דו נישט, מיין געליבטער!

פאַראַכטסטו מיך אַצינד, ווייל איך האָב דיר אַנטפּלעקט, אַז איך האָב מיך פאַרקויפט? ניין, איך ווייס, אַז דו פאַראַכטסט מיך נישט, איך ווייס, אַז דו פאַרשטייסט אַלץ און וועסט אויך פאַרשטיין, אַז איך האָב עס געטון נאָר פאַר דיר, פאַר דיין אַנדערן איך, פאַר דיין קינד. איך בין איינמאָל אין יענער שטוב פון געווינערין־קליניק געקומען אין באַרירונג מיט די גרוילן פון דער אָרימקייט און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין דערדאָ־זיקער וועלט איז דער אָרימער שטענדיק אַ געטרעטענער, אַ דערנידעריקטער, אַ קרבן; און איך האָב פאַר קיין שום פּרייז נישט געוואָלט, אַז דיין קינד, דיין העל, שיין קינד, זאָל אויפ־

האַקסן דאָרט סוף אונטן צווישן דעם אַפּפאַל, צווישן שטיקנדי־
קייט, צווישן פסולת פון דער גאַס, אין דער פאַרסמטער לופט
פון אַ הינטער־הויז בנין. זיין צאַרט מויל זאָל די רינשטאָק־
שפּראַך נישט קענען, זיין ווייס לייב זאָל נישט טראָגן די פאַר־
דומפּענע, פאַרקרומטע וועש פון דער אָרימקייט — דיין קינד
זאָל אַלץ האָבן, אַלדעם רייכטום, אַלע באַקוועמלעכקייטן פון
דער ערד, עס זאָל ווידער אַרויפשטייגן צו דיר, אין דיין לעבנס־
ספערע.

דערפאַר, נאָר דערפאַר, מיין געליבטער, האָב איך מיך
פאַרקויפט. עס איז נישט געווען קיין שום קרבן פון מיין זייט,
וואָרום דאָס, וואָס מ׳רופט געוויינלעך ערע און שאַנד, האָט פאַר מיר
נישט עקזיסטירט; דו האָסט מיך נישט געליבט, דו — דער
איינציקער, ווען עס האָט געהערט מיין לייב, איז פאַר מיר
געווען גלייכגילטיק, וואָס מיט מיין קערפּער איז געשען. די
צערטלעכקייטן פון די מענער, אַפילו זייער שטאַרקסטע ליידנ־
שאַפט, האָט מיך אינערלעך גאָרנישט אָנגערירט, נישט קוקנדיק
דערויף, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן אַרויסגערופן ביי מיר אַכ־
טונג און איך בין אָפט דערשיטערט געוואָרן אויס מיטלייד צו
זייער ליבע, וועלכע געפינט נישט קעגנזייטיק קיין אָפּקלאַנג,
דערמאָנענדיק זיך אָן מיין אייגענעם שיקזאַל. אַלע, וועלכע איך
האָב געקענט, זענען גוט געווען צו מיר, אַלע האָבן מיך פאַר־
צערטלט, אַלע האָבן מיך געאַכט. צווישן זיי איז געווען אַן
אינטעליגענטער מענטש, אַ רייכס־גראַף, אַן אַלמן. דערדאָזיקער
איז שעהן לאַנג אָפּגעשטאַנען ביי די טירן, כדי אויסצופועלן,
אַז מ׳זאָל דאָס פאָטערלאָזע קינד, דיין קינד, אָננעמען אין טע־
רעזיאַנום — ער האָט מיך ליב געהאַט, ווי אַ טאָכטער. דריי,
פיר מאָל האָט ער מיר געמאַכט דעם פאָרשלאַג חתונה צו האָבן
מיט מיר — איך האָב געקאָנט היינט זיין אַ גרעפין, אַ הער־
שערין אויף אַ צויבער־שיינעם שלאָס אין טיראָל, איך האָב גע־
קאָנט זיין זאָרגלאָז, וואָרום דאָס קינד וואָלט געהאַט אַ צערט־
לעכן פאָטער, וואָס וואָלט עס פאַרגעטערט, און איך אַ שטילן,
בכבודיקן, גוטן מאַן ביי מיין זייט — איך האָב עס נישט גע־

טון, נישט אַכטנדיק דערויף, וואָס ער האָט מיך אַזוי שטאַרק און אַזוי אָפט געבעטן, נישט אַכטנדיק דערויף, וואָס איך האָב אים אַזוי געקווועלט מיטן אָפּזאָגן. אפשר איז דאָס געווען אַ נאַרישקייט, אפשר וואָלט איך אַצינד געלעבט ערגעץ־ווו שטיל און רויק, און דאָס קינד, דאָסדאָזיקע געליבטע קינד, מיט מיר, אָבער — פאַרוואָס זאָל איך עס דיר נישט מודה זיין — איך האָב מיך נישט געוואָלט בינדן, איך האָב געוואָלט פריי זיין פאַר דיר צו יעדער צייט. אינעווייניק, אין דער טיפעניש, אין דער אומבאַוווסטקייט פון מיין וועזן האָט נאָך אַלץ געלעבט דער אַלטער קינדישער טרוים, אַז דו וועסט מיך נאָך אפשר אַמאָל צו דיר רופן, ווען אַפילו בלויז נאָר אויף איין שעה לאַנג. און פאַר דערדאָזיקער, איינער מעגלעכער שעה האָב איך אַלץ אַוועקגעשטויסן, בלויז נאָר, כדי פריי צו זיין פאַר דיר אויף דיין ערשטן רוף. וואָס דען אַנדערש איז געווען מיין גאַנץ לעבן, זינט איך האָב דערוואַכט פון דער קינדהייט, אויב נישט אַ וואַרט, אַ וואַרטן אויף דיין ווילן!

און דידאָזיקע שעה איז ווירקלעך געקומען. אָבער דו הייסט נישט פון איר, דו האָסט פון איר קיין אַנונג נישט, מיין געליבטער! אויך אין דערדאָזיקער שעה האָסטו מיך נישט דערקענט! איך האָב דיך שוין פריער געהאַט אָפט באַגעגנט, אין טעאַטער, אויף קאָנצערטן, אין פּראַטער, אויף דער גאַס — יעדעס מאָל האָט מיר דאָס האַרץ געקלאַפּט, אָבער דו האָסט מיך נישט געזעען; וואָרום אויסערלעך בין איך געווען גאָר אַן אַנדערע. פון דעם שרעקעוודיקן קינד איז אַ פרוי געוואָרן, אַ שיינע פרוי, ווי זיי האָבן געזאָגט, אין קאָסטבאַרע קליידער אָנגעטון, אַרומגערינגלט פון פאַרערער, ווי אַזוי האָסטו מיך געקאָנט האַלטן פאַר יענעם שעמעוודיקן מיידעלע, וואָס דו האָסט געזען ביים טונקעלן שיין אין דיין שלאָף־צימער! טיילמאָל פלעגט דיך באַגריסן איינער פון די הערן, מיט וועלכע איך בין געגאַנגען, דו פלעגסט ענטפערן און אַ קוק טון אויף מיר, אָבער דיין בליק איז געווען העפלעכע פרעמדקייט, אנערקענונג, אָבער נישט קיין דערקענונג, פרעמד, שרעקלעך פרעמד, איינמאָל, גע־

דענק איך, האָט מיר דאָס דאָזיקע נישט דערקענען, צו וועלכן איך בין שוין געווען צוגעווינט, פאַרשאַפט גרויס פּיין: איך בין געזעסן מיט אַ פריינט אין אַ לאָזשע אין דער אָפּערע און דו ביסט געווען אין דער דערנעבנדיקער לאָזשע. ביי דער אוווער־טורע איז דאָס ליכט פאַרלאָשן געוואָרן און איך האָב מער נישט געקאָנט זעען דיין פּנים, נאָר דיין אָטעם האָב איך גע־פילט אַזוי נאָנט נעבן זיך, ווי דעמאָלט אין יענער נאַכט, און אויף דעם אָנלען פון ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונ־זערע לאָזשעס, איז געווען אָנגעשפּאַרט דיין האַנט, דיין פיינע, צאַרטע האַנט. און עס איז מיך באַפאַלן אַן אומענדלעך שטאַר־קער פאַרלאַנג, זיך אָנצובויגן און הכנעהדיק קושן דידאָזיקע פרעמדע, דידאָזיקע אַזוי געליבטע האַנט, וועמעס צערטלעכע אַרומנעמונג איך האָב אַמאָל געפילט. אַרום מיר האָט זיך ברויזנ־דיק געוויגט די מוזיק, אַלץ לײדנשאַפטלעכער איז געוואָרן דער פאַרלאַנג, איך האָב מיך געמוזט קראַמפהאַפטיק צוהאַלטן, מיט געוואַלט צוריקציען, אַזוי געוואַלטיק האָט עס געצויגן מיינע ליפּן צו דיין געליבטער האַנט. נאָך דעם ערשטן אַקט האָב איך געבעטן מיין פריינט, ער זאָל מיט מיר אַוועקגיין. איך האָב שוין מער נישט געקאָנט דערטראָגן, צו האָבן דיך אין דער טונקלקייט אַזוי נאָענט נעבן מיר און אַזוי פרעמד.

אָבער די שעה איז געקומען, זי איז געקומען נאָך איין מאָל אין מיין פאַרוויסט לעבן. דאָס איז געווען כמעט גענוי מיט אַ יאָר צוריק, אַ טאָג נאָך דיין געבורטס־טאָג. מערקווירדיק: איך האָב אין אַלע צייטן וועגן דיר געטראַכט, ווארום דיין געבורטס־טאָג פלעג איך פייערן, ווי אַ יום־טוב. באַלד אינדערפרי בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דער היים און האָב געקויפט די ווייסע רויזן, וואָס איך פלעג דיר אַלע יאָר שיקן צום אָנדענקען פון אַ שעה, וועלכע דו האָסט פאַרגעסן. נאָכמיטאָג בין איך געפאָרן מיט דעם יינגל, איך האָב אים געפירט אין דעמעלס קאָנדיטאָריי און אין אָוונט אין טעאַטער. איך האָב געוואָלט, אַז אויך ער זאָל פון זיין יוגנט אָן פילן דעם דאָזיקן טאָג, הגם נישט וויסנ־דיק זיין באַדייטונג, ווי עפּעס אַ מיסטישן יום־טוב. אויף דעם

אנדערן טאָג דעמאָלט בין איך געווען מיט מיינס אַ דעמאָלטיקן פריינט, אַ יונגער, רייכער ברינער פאַבריקאַנט, מיט װעלכן איך האָב שוין צוויי יאָר געלעבט צוזאַמען. ער האָט מיך פאַרגע־טערט, פאַרצערטלט און אויך געוואָלט מיט מיר חתונה האָבן, ווי די אַנדערע און איך האָב אים אויך אַזוי ווי די אַנדערע אָפּגעזאָגט פּלומרשט אָן אַ גרונט, הגם ער האָט מיך און דאָס קינד פאַרוואָרפן מיט מתנות און איז געווען ליבנסווירדיק מיט זיין עטוואָס טעמפּער, קנעכטישער גוטסקייט. מיר זענען צוזאַ־מען געגאַנגען אויף אַ קאָנצערט און האָבן דאָרט אָנגעטראָפן אויף אַ לוסטיקער געזעלשאַפט, דערנאָך האָבן מיר געגעסן אָזונט־ברויט אין אַ רעסטאָראַן אויף רינג־גאַס, און דאָרט, בשעת דעם לאַכן און פּלוידערן, האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאַג, מיר זאָלן נאָך גיין אין א טאַנץ־זאַל. דידאָזיקע מין לאָקאַלן מיט זייער סיסטעמאַטישער און אַלקאָהאָלישער פריילעכקייט זענען מיר, ווי יעדע לומפּעריי, אייגנטלעך געווען דערווידער און איך פלעג שטענדיק אָפּווענדן אַזעלכע מין פאָרשלאגן, דאָס מאָל אָבער איז מיך פּלוצלינג באַפאַלן אַזאַ פאַרלאַנג, גלייך ווי דאָרט וואָלט מיך דערוואַרט עפּעס באַזונדערס.

עס איז אין מיר אַנטשטאַנען אַ מין אומדערקלערלעכע מיסטישע קראַפט, וואָס האָט מיך געשטויסן פּלוצלינג אומבאַ־ווּסט צו וואַרפן דעם דאָזיקן פאָרשלאַג, צו וועלכן די איבריקע האָבן פריידיק צוגעשטימט. געווינט מיר תמיד צוליב צו טון, זענען אַלע שנעל אויפגעשטאַנען, מיר זענען אַהינגעגאַנגען, געטרונקען שאַמפּאַנער און אויף מיר איז אנגעפאַלן עפּעס אַ ווילדע, כמעט שמערצלעכע לוסטיקייט, וואָס איך האָב נאָך קיינ־מאָל נישט עמפּינדן. איך האָב געטרונקען און געטרונקען, מיט־געזונגען די באַנאַלע לידער און איך האָב עמפּינדן כמעט אַ דרינגלעכע באַדערפעניש צו טאַנצן אָדער צו שרייען. נאָר פּלוצ־לינג — איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי עס וואָלט זיך מיר אומדערוואַרט ארויפגעלייגט אויף מיין האַרץ עפּעס קאַלטס אָדער גליענד הייסעס — האָט עס מיך אַ הויב געטון: ביים דערנעבנדיקן טיש ביסטו געזעסן מיט עטלעכע פריינט און

האָסט מיך אָנגעקוקט מיט אַ באַוווּנדערנדיקן און באַגערנדיקן בליק, מיט יענעם בליק, וועלכער האָט שטענדיק אויפגעברויזט מיין גאַנץ לייב דורך און דורך. צום ערשטן מאָל זינט צען יאָר האָסטו מיך ווידער אָנגעקוקט מיט דער גאַנצער אומבאַוווּסט־ליידנשאַפטלעכער מאַכט פון דיין וועזן. איך האָב געציטערט. דאָס אויפגעהויבענע גלאָז איז מיר שיעור אַרויסגעפאַלן פון די הענט. צום גליק האָבן מיינע שכנים ביים טיש נישט באַמערקט מיין צעמישטקייט, זי האָט זיך פאַרלוירן אין דעם גערויש פון געלעכטער און מוזיק.

דיין בליק איז געוואָרן אַלץ ברענענדיקער און ער האָט מיך ווי אָפּגעטונקען אין פייער. איך האָב נישט געוווּסט, אויב דו האָסט מיך ענדלעך, ענדלעך דערקענט, אָדער דו באַגערסט מיך סתּם, אַלס אַן אנדערע, אַלס פרעמדע. דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַריין, איך האָב אָפּגעענטפערט צעשטרייט אויף דעם, וואָס די אַנדערע האָבן צו מיר גערעדט, דו האָסט עס געמוזט באַמערקן, ווי צעמישט איך בין געווען פון דיין בליק. אומבאַמערקט פאַר די איבריקע האָסטו מיט אַ קאָפּ־באַוועגונג געמאַכט אַ צייכן, אַז איך זאָל אויף אַן אויגנבליק אַרויסגיין אין פאָדער־זאַל. דאַן האָסטו מיט אַן אונטערשטרייכנדיקן זשעסט באַצאָלט, האָסט זיך געזעגנט מיט דיינע חברים און ביסט אַרויסגעגאַנגען, געבנדיק מיר נאָכאַמאָל אַ צייכן, אַז דו וועסט אין דרויסן וואַרטן אויף מיר. איך האָב געציטערט ווי אין אַ פראָסט, ווי אין פיבער, איך האָב שוין קיינעם נישט געקאָנט מער ענטפערן. איך האָב שוין נישט געקאָנט באַהערשן מיין אויפגעברויזט בלוט. צופעליק האָט פּונקט אין דעם דאָזיקן אויגנבליק אַ נעגער־פּאָר מיט קלאַפּנדיקע אָפּזאַצן און הילכיקע געשרייען אָנגעהויבן צו טאַנצן אַ מאָדנעם טאַנץ, אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט איז געוואָרן געווענדט אויף זיי און איך האָב מיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער סעקונדע. איך בין אויפגעשטאַנען, געזאָגט מיין פריינט, אַז איך וועל באַלד צוריקקומען און בין דיר נאָכגעגאַנגען.

דרויסן אין פאָר־זאַל ביסטו געשטאַנען ביי דער גאַרדע־

ראָבע וואַרטנדיק אויף מיר דיין בליק האָט אויפגעשיינט, בשעת איך בין אַרויסגעקומען. דו ביסט שמייכלענדיק מיר שנעל אַנטקייגנגעגאַנגען, איך האָב גלייך געזעען, אַז דו דערקענסט מיך נישט. דו דערקענסט נישט דאָס קינד פון אַמאָל, נישט דאָס מיידל; נאָכאַמאָל שטרעקסטו אויס נאָך מיר דיין האַנט, ווי נאָך עפּעס נייעס, אומבאַקאַנטס. „קאָנט איר אפשר מיר אויך שענקען אַ שעה", האָסטו געפרעגט אינטים — איך האָב געפילט לויט דעם זיכערן אַרט פרעגן, אַז דו נעמסט מיך אָן פאַר איינע פון יענע פרויען, וואָס פאַרקויפן זיך אויף אַן אָוונט. „יאָ", האָב איך געענטפערט, — דאָס זעלבע ציטערנדיקע און דאָך אַנטשלאָסן איינשטימענדיקע יאָ, וואָס דאָס מיידל האָט דיר מער ווי מיט אַ צענדליק יאָר צוריק געזאָגט אויף דער טונקל־באַלויכטענער גאַס. „און ווען קענען מיר זיך זעען", האָסטו בעפרעגט „ווען איר ווילט נאָר", האָב איך געענטפערט — פאַר דיר האָב איך מיך גאָרנישט געשעמט. דו האָסט מיך אָנגעקוקט אַביסל פאַרוווּנדערט, מיט דער זעלבער חשדיש נייגיריקער פאַר־ווונדערונג, ווי דעמאָלט, בשעת מיין שנעל איינשטימען האָט דיך אויך אַזוי דערשטוינט. „קאָנט איר אפשר אַצינד?" האָסטו געפרעגט נאָך אַ קליינער ווײַלע. „יאָ", האָב איך געענטפערט, „לאָמיר גיין".

איך האָב געוואָלט צוגיין צו דער גאַרדעראָבע, אָפּנעמען מיין מאַנטל.

באַלד אָבער האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיין פריינד האָט אַוועקגעגעבן אונזערע פאַנטלען צוזאַמען און האָט דעם גאַרדעראָב־צעטל ביי זיך. צוריקגיין און נעמען ביי אים דעם גאַרדעראָב־צעטל האָב איך נישט געקאָנט, ווייל דאָס וואָלט געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן, אים צו דערקלערן אַ גרונט, ווידער אָפּזאָגן זיך פון דער דאָזיקער שעה מיט דיר, וועלכע איך האָב שוין זינט יאָרן אַזוי הייס פאַרלאַנגט, האָב איך נישט געוואָלט. איך האָב דעריבער נישט געזוימט קיין איין סעקונדע, איך האָב נאָר גענומען דעם שאַל איבער דעם נאַכט־קלייד און בין אַרויסגעגאַנגען אין דער נעפּלדיקער נאַכט, נישט קימערנ־

דיך זיך וועגן דעם צערטלעכן גוטן מענטש, װעלכער האָט מיך
שוין גאַנצע יאָרן אויסגעהאַלטן און וועלכן איך האָב אַצינד גע-
מאַכט צום נאַר און פאַרשעמט פאַר זיינע פריינט דערמיט, וואָס
איך האָב אים געשטעלט אין דער לאַגע פון אַזעלכן, וואָס זיין
געליבטע, וועלכע ער האַלט אויס אַזוי פיל יאָר, לויפט אַוועק
פון אים אויפן ערשטן פייף פון אַ פרעמדן מענטש. אָ, איך האָב געהאַט
דאָס טיפסטע באַוווסטזיין פון דער נידריקייט, פון דער אומ-
דאַנקבאַרקייט, פון דער שענדלעכקייט, וואָס איך בין באַגאַנגען
געגן אַן ערלעכן פריינט, איך האָב געפילט, אַז איך האַנדל
לעכערלעך און אַז איך פאַרשאַף דערמיט שמערצלעכע יסורים
אַ גוטן מענטש; איך האָב געפילט, אַז איך האָב מיטאַמאָל
מיין לעבן צעריסן אין צווייען — אָבער וואָס איז פאַר מיר
געווען פריינטשאַפט, מיין גאַנצע עקזיסטענץ אין פאַרגלייך צו
דער אומגעדולד, נאָכאַמאָל דיינע ליפּן צו פילן, צו הערן דיינס
אַ צערטלעך וואָרט צו מיר. אַזוי האָב איך דיך געליבט. אַצינד
קאָן איך עס דיר זאָגן, ווען אַלץ איז שוין פאַרביי. איך גלויב,
אַז ווען דו זאָלסט מיך פון מיין שטאַרב-בעט רופן, וואָלט איך
פלוצלינג באַקומען כחות אויפצושטיין און גיין מיט דיר.

פאַר דעם איינגאַנג איז געשטאַנען אַ וואָגן, מיר זענען
אַוועקגעפאָרן צו דיר. איך האָב ווידער געהערט דיין שטים,
געפילט דיין צערטלעכע נאָענטקייט און איך בין געווען אַזוי
באַטויבט, אַזוי קינדיש-גליקלעך צעמישט, ווי דעמאָלט, ווי אַזוי
בין איך צום ערשטן מאָל, נאָך העכער צען יאָר, ווידער ארויף
אויף די טרעפּ — ניין, ניין, איך קאָן דיר נישט שילדערן, ווי
איך האָב אין יענע סעקונדן געפילט אַלץ טאָפּלט; די פאַר-
גאַנגענע צייט און די געגנוואַרט, און אין אַלעם נאָר דיך. אין
דיין צימער איז געווען נישט קיין סך פאַרענדערט, אַ פּאָר
בילדער מער און מער ביכער, אין אייניקע ערטער פרעמדע
מעבל, נאָר אַלץ האָט מיך ווי פריינטלעך באַגריסט. אויפן
שרייב-טיש איז געשטאַנען די וואַזע מיט די רויזן אינע-
ווייניק — מיט מיינע רויזן, וועלכע איך האָב דיר מיט אַ
טאָג פריער געשיקט צום אָנדענקען אָן איינער, אָן דער, אָן

וועלכער דו דערמאָנסט זיך דאָך נישט, וועלכע דו דערקענסט אַלץ נישט, אַפילו בשעת זי איז דיר אַזוי נאָענט געווען, האַנט אין האַנט און ליפּן אָן ליפּן. נאָר דאָך האָט עס מיר הנאה געטון, וואָס דו פּלעגסט די דאָזיקע בלומען: אַזויערנאָך איז פאָרט געווען אַרום דיר אַ הויך פון מיין וועזן, אַן אָטעם פון מיין ליבע.

דו האָסט מיך גענומען אין דיינע אָרעמס. ווידער בין איך ביי דיר געבליבן אַ גאַנצע נאַכט. אָבער אויך אָן נאַקעטן לייב האָסטו מיך נישט דערקענט. איך האָב זיך געפילט גליק־לעך פון דיינע צערטלעכקייטן, נאָר איך האָב געזען, אַז דיין ליידנשאַפט מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן אַ געליבטער און אַזעלכער, וואָס פאַרקויפט זיך; אַז דו גיסט זיך פאָלשטענ־דיק איבער דיין פאַרלאַנג מיט דער אומבאַרעכנטער, פאַרשווענ־דערישער שפע פון דיין וועזן. דו ביסט געווען צו מיר אַזוי צערטלעך און ווייך, צו מיר, צו דער, וואָס דו האָסט פון נאַכט־לאָקאַל אַרויסגענומען, אַזוי העפלעך און האַרציק, אַכטונגס־פול און דאָך גלייכצייטיק אַזוי ליידנשאַפטלעך אין געניסן די פרוי; ווידער האָב איך אַ באַרוישטע פון אַלטן גליק, געפילט די דאָזיקע צווייאיקייט פון דיין וועזן, די באַוווסטזיניקע, די גייסטיקע ליידנשאַפט אין דער זינלעכער, וואָס האָט מיך שוין אַלס קינד דיר אונטערטעניק געמאַכט. איך האָב אין דער צערטלעכקייט פון קיין שום מאַנסביל קיינמאָל נישט באַגעגנט אַזאַ איבערגעבן זיך צו דעם אויגנבליק, אַזאַ אויספלאַמען און אויפלויכטן פון טיפסטן וועזן — כדי אָבער דערנאָך, ווי עס ווייזט אויס, אויס־געלאָשן צו ווערן אין אַן אומענדלעכער, כּמעט אוממענטשלעכער פאַרגעסלעכקייט. אָבער איך האָב זיך אַליין פאַרגעסן: ווער בין איך עס געווען אין דער פינסטער נעבן דיר? בין איך געווען דאָס ברענענדיקע קינד פון אַמאָל, בין איך געווען די מוטער פון דיין קינד, בין איך געווען די פרעמדע? אַך, עס איז גע־ווען אַזוי האַרציק, אַזוי דורכגעפילט, אַלץ מיטאַנאַנדער אַזוי־באַרוישנדיק ניי אין דער דאָזיקער ליידנשאַפטלעכער נאַכט און איך האָב געבעטן, אַז זי זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדיקן.

אָבער דער טאָג איז אָנגעקומען. מיר זענען שפּעט אויפ־געשטאַנען, דו האָסט מיך נאָך איינגעלאַדן מיט דיר צו פרישטיקן. מיר האָבן צוזאַמען געטרונקען טיי, וואָס אַ נישט־זעבאַרע די־נערישע האַנט האָט דיסקרעט צוגעגרייט אין שפּייז־זאַל און מיר האָבן געפּלוידערט. ווידער האָסטו צו מיר גערעדט מיט דער גאַנצער אָפענער, הארציקער פאַרטרויליכקייט פון דיין וועזן און אָן שום אומדיסקרעטע פראגן, אָן שום נייגיריקייט צו מיין וועזן. דו האָסט מיך נישט געפרעגט, נישט מיין נאָמען, נישט ווו איך וווין: איך בין פאַר דיר ווידער געווען בלויז נאָר אַן אוואַנטורע, אַ נאָמענלאָזע, אַ הייסע שעה, וועלכע וועט שפּורלאָז בּעגיין אין אַ רויך פון פאַרגעסנקייט. דו האָסט מיר דערציילט, אַז דו האָסט בדעה אַוועקצופאָרן זייער ווייט, קיין צפון־אפריקע אויף צוויי אָדער דריי חדשים. איך בין דערציטערט געוואָרן, וואָרום באַלד האָט מיר אין די אויערן געקלונ־גען: עס איז פארביי, פאַרביי און פאַרגעסן! איך וואָלט מיך געוועלט צו דיינע פיס געוואָרפן און געשריגן: „נעם מיך מיט, כדי דו זאָלסט מיך ענדלעך דערקענען, ענדלעך, ענדלעך נאָך אַזוי פיל יאָר“. אָבער איך בין געווען אַזוי שרעקעוודיק, אַזוי אומדרייסט, אַזוי שקלאַפיש, אַזוי שוואַך פאַר דיר, איך בין בלויז נאָר אימשטאַנד געווען אַרויסצוזאָגן: „וואָס פאַר אַ שאָד“. דו האָסט מיך שמייכלענדיק אָנגעקוקט: טוט עס דיר ווירקלעך לייד“?

אין דער דאָזיקער מינוט האָט מיך אַרומגענומען עפּעס ווי אַ פּלוצלינגע ווילדקייט. איך בין אויפגעשטאַנען, האָב דיך אָנגעקוקט, לאַנג און פעסט. דערנאָך האָב איך געזאָגט: „דער מאַן, וועלכן איך האָב געליבט, פלעגט אויך שטענדיק אַוועק־פאָרן“, איך האָב דיר אַריינגעקוקט אין מיטן פון דיין אויג־אַפּל. אַצינד, וועט ער מיך דערקענען! האָט אַלץ אין מיר גע־ציטערט און געבּרויזט. אָבער דו האָסט מיר נאָר צוגעשמייכלט און געזאָגט טרייסטנדיק: „מען קומט ווידער צוריק“. „יאָ“, האָב איך געענטפערט, „מען קומט צוריק, אָבער דאַן האָט מען אַלץ פאַרגעסן“.

עס האָט געמוזט זיין עפּעס באַזונדערס, עפּעס ליידנ־

שאַפּטלעכס אין מיין דאָזיקן אַרט זאָגן, וואָרום דו ביסט אויך אויפגעשטאַנען און האָסט מיך אויך אָנגעקוקט פאַרווונדערט און זייער ליבלעך. דו האָסט מיך אָנגענומען ביי די אַקסלען: „עפּעס גוטס פאַרגעסט זיך נישט, דיך וועל איך נישט פאַרגעסן", האָסטו געזאָגט און דערביי האָסטו מיך טיף דורכגעדרונגען מיט דיין בליק, ווי דו וואָלסט וועלן מיין בילד גוט אַריינגעמען אין זכרון. און בשעת איך האָב געפילט, ווי דער דאָזיקער בליק דרינגט אין מיר אַריין, דעם דאָזיקן זוכנדיקן, פאָרשנדיקן, מיין גאַנץ וועזן צו זיך ציענדיקן בליק — האָט זיך מיר אויסגע- דאַכט, אז די קראַפט פון בלינדקייט איז ענדלעך געבראָכן. ער וועט מיך דערקענען, ער וועט מיך דערקענען! מיין גאַנצע נשמה האָט געציטערט ביי דעם געדאַנק.

אָבער דו האָסט מיך נישט דערקענט, ניין, דו האָסט מיך נישט דערקענט, נאָך קיינמאָל בין איך דיר אַזוי פרעמד נישט געווען, ווי אין יענער סעקונדע, וואָרום ווען נישט — ווען נישט, וואָלסטו בשום אופן נישט געווען אימשטאַנד צו טון דאָס, וואָס דו האָסט אין אַ פּאָר מינוט אַרום געטון. דו האָסט מיך געקושט, נאָכאַמאָל, ליידנשאַפטלעך געקושט. איך האָב ווידער געמוזט אין אָרדנונג ברענגען מיינע האָר, וואָס זענען צעשוי- בערט געוואָרן, און בשעת איך בין אַזוי געשטאַנען פאַרן שפּיגל, האָב איך אין שפּיגל דערזעען — און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וועל איינגעזונקען ווערן פאַר חרפּה און שרעק — איך האָב דערזעען, ווי דו האָסט אויף אַ דיסקרעטן אופן אַריינגע- שטופּט אין מיין מופע עטלעכע גרעסערע באַנקנאָטן. איך פאַר- שטיי נישט, ווי אַזוי האָב איך מיך אין דער דאָזיקער סעקונדע געקאָנט באַהערשן און נישט אויסשרייען, דיך נישט שלאָגן אין פּנים — מיר, וואָס האָט דיך געליבט פון קינדהייט אָן, די מוטער פון דיין קינד, מיר האָסטו באַצאָלט פאַר דער דאָזי- קער נאַכט. אַ גאַסן-פרוי פון טאַבאַרין בין איך פאַר דיר געווען, נישט מער — באַצאָלט, באַצאָלט האָסטו מיר! עס איז נאָך ווייניק געווען, וואָס איך בין פון דיר געווען פאַרגעסן, כ'האָב נאָך געמוזט פון דיר דערנידריקט זיין.

איך האָב אָנגעהויבן שנעל צוזאַמענגעמען מײנע זאַכן, איך האָב געוואָלט אַנטלױפן, שנעל אַנטלױפן. עס האָט מיר צו שטאַרק ווי געטון. איך האָב גענומען מײן הוט, ער איז געווען אויפן שרײב-טיש, נעבן דער וואַזע מיט די ווײַסע רויזן, מײנע רויזן. מיטאַמאָל האָט מיך ווידער באַהערשט אַ מעכטיקער פאַרלאַנג, װעלכן איך האָב נישט געקאָנט בײַשטײן: איך האָב נאָכאַמאָל געוואָלט פּרוּוון דיך צו דערמאָנען. „קאָנסטו מיר אפשר געבן אײנע פון דײנע ווײסע רויזן?". „גערן", האָסטו געענטפערט, און האָסט זי גלײך גענומען. „אָבער דו האָסט זי אפשר געקריגן פון אַ פרוי, פון אַ פרוי, וואָס ליבט דיך?", האָב איך געזאָגט. „אפשר", האָסטו געענטפערט. „איך ווייס עס נישט". איך האָב זי געקריגן און איך ווייס נישט פון וועמען, דערפאַר ליב איך זי אַזוי". איך האָב דיך שאַרף אָנגע-קוקט, „אפשר זענען זי אויך פון אַזעלכער, וועלכע דו האָסט פאַרגעסן"?

דו האָסט געוואָרפן אַ דערשטױנטן בליק. איך האָב דיך שאַרף אָנגעקוקט. „דערקען מיך, דערקען מיך ענדלעך!" האָט מײן בליק געשריגן. אָבער דײנע אויגן האָבן פרײנטלעך און נישט פאַרשטײענדיק געשמײכלט. דו האָסט מיך נאָכאַמאָל גע-קושט, אָבער דו האָסט מיך נישט דערקענט.

איך האָב מיך שנעל געלאָזט גײן צו דער טיר, וואָרום איך האָב דערפילט, אַז די טרערן האָבן מיר אַ שטראָם געטון אין די אויגן. און דאָס האָב איך נישט געוואָלט, דו זאָלסט זעען. אין פאָרצימער — אַזוי האַסטיק בין איך אַרויס— האָב איך מיך כמעט אָנגעשטויסן מיט יאָהאַנען, דײן דינער. ער איז דערשראָקן און אײליק אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זײט, האָט שנעל אויפגעעפנט די טיר, כדי מיך אַרויסצולאָזן, און דאַן, — אין דער דאָזיקער אײנער, דו הערסט? אין דער דאָזיקער אײנער סעקונדע, בשעת איך האָב אים, דעם געעלטערטן מאַן, אָנגע-קוקט מיט פאַרטרערטע אויגן, האָט אין זײן בליק פּלוצלינג אַ פינקל געטון אַ פײערל. אין דער דאָזיקער אײנער סעקונדע, דו הערסט? אין דער דאָזיקער אײנער סעקונדע, האָט מיך דער אַלטער מאַן דערקענט. ער, וואָס האָט מיך פון מײן קינד-

הייט אָן נישט געזעען. איך וואָלט אימשטאַנד געווען אַנידערצו־
קניען פאַר אים און אים די הענט קושן פאַר דעם דאָזיקן
דערקענען. איך האָב שנעל אַ ריס געטון פון מײַן מופּע די
באַנקנאָטן, וועלכע זענען געווען פאַר מיר, ווי אַ פּאַטש אין
פּנים און האָב זיי אים אַרײַנגעשטעקט אין האַנט. ער איז
דערציטערט געוואָרן, האָט אויפגעהויבן אויף מיר אַ דערשראָ־
קענעם בליק — אין דער דאָזיקער סעקונדע האָט ער אפשר
געהאַט וועגן מיר מער אַנונג, איידער דו אין דײַן גאַנץ לעבן.
אַלע, אַלע מענטשן האָבן מיך פאַרצערטלט, אַלע זענען געווען צו
מיר גוט — נאָר דו, נאָר דו, דו האָסט מיך קיינמאָל נישט דערקענט!

*

מײַן קינד איז געשטאָרבן, אונזער קינד — אַצינד פאַר־
מאָג איך שוין נישט אויף דער וועלט קיינעם, וועמען צו ליבן,
אַ חוץ דיר. אָבער ווער ביסטו מיר, דו, וועלכער האָט מיך
קיינמאָל, קיינמאָל נישט דערקענט, וואָס גייט איבער מיר פאַרביי,
ווי איבער אַ וואַסער, וואָס טרעט אויף מיר, ווי אויף אַ שטיין,
וואָס גייט און גייט שטענדיק און לאָזט מיך אין אייביקן וואַרטן?
אַמאָל האָט מיר געשײַנט, אַז אין קינד וועל איך דיך, דעם
אייביק - אַנטלויפנדיקן, קענען פאַרהאַלטן נעבן זיך. אָבער עס
איז געווען דײַן קינד: איבער נאַכט איז עס פון מיר גרויזאַם
אַוועק, אַ רייזע צו מאַכן. עס האָט מיך פאַרגעסן און וועט
שוין קיינמאָל נישט צוריקקערן. איך בין ווידער אַליין, נאָך
מער אַליין, ווי ווען עס איז. איך האָב קיין זאַך נישט, קיין
זאַך נישט פון דיר—קיין קינד נישט, קיין וואָרט, קיין שורה, קיין
אָנדענקונג, און ווען עמעצער זאָל אָנרופן פאַר דיר מײַן נאָ־
מען, וואָלט ער דיר גאַנץ פרעמד געקלונגען. פאַרוואָס זאָל איך
נישט גערן שטאַרבן, אויב איך בין שוין פאַר דיר טויט, פאַר־
וואָס זאָל איך נישט אַוועקגיין, אויב דו ביסט פון מיר אַוועק?
ניין, געליבטער, איך באַקלאָג מיך נישט אויף דיר, איך
וועל דיר נישט מײַן יאָמער אַהינוואַרפן אין דײַן פרײַלעך הויז.

האָב נישט קיין מורא, אַז איך וועל דיך ווייטער קוועלן — זײַ מיר מוחל, איך האָב געמוזט דאָס האַרץ מיר אויסרעדן אין דער שעה, בשעת דאָס קינד ליגט דאָרט טויט און שטום. נאָר דאָס איינע מאָל האָב איך געמוזט צו דיר רעדן — און דער־נאָך וועל איך ווידער אַוועקגיין שטום צוריק אין שאָטן אַריין, ווי איך בין שטענדיק נעבן דיר געווען שטום. אָבער דו וועסט דעם דאָזיקן געשריי נישט הערן אַזוי לאַנג, כּל זמן איך לעב — נאָר ווען איך וועל שוין טויט זיין, וועסטו דערהאַלטן פון מיר די דאָזיקע צוואה פון איינער, וואָס האָט דיך געליבט מער ווי אַלע, און דו האָסט זי קיינמאָל נישט דערקענט, פון איינער, וואָס האָט אויף דיר שטענדיק געוואַרט, און דו האָסט זי קיינ־מאָל נישט גערופן. אפשר, אפשר וועסטו מיך דאַן רופן און איך וועל דיר צום ערשטן מאָל אומטריי זיין, איך וועל דיך שוין נישט הערן פון מיין קבר. איך לאָז דיר נישט איבער קיין בילד, קיין שום צייכן, אַזוי ווי דו האָסט מיר גאָרנישט איבערגעלאָזט. דו וועסט מיך שוין קיינמאָל נישט דערקענען, קיינמאָל. אַזוי איז געווען דער שיקזאַל אין מיין לעבן, זאָל עס אויך זיין אין מיין טויט. איך וועל דיך נישט רופן אין מיין לעצטער שעה, איך גיי אַוועק אָן דעם, אַז דו זאָלסט וויסן מיין נאָמען און קענען מיין פּנים. איך שטאַרב לייכט, ווייל דו פילסט עס נישט פון ווייטן, וואָלט דיר ווי געטון, וואָלט איך נישט געקאָנט שטאַרבן.

איך קאָן נישט מער שרייבן ווייטער... איך פיל אַזאַ שווער־קייט אין קאָפּ... די גלידער טוען מיר וויי, איך האָב פיבער... מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל זיך באַלד מוזן אנידערלייגן. אפשר וועט דער גורל איינמאָל גוט זיין צו מיר און איך וועל נישט דאַרפן צוזעען, ווי זיי וועלן דאָס קינד אַוועקטראָגן... איך קאָן נישט מער שרייבן. זיי געזונט, געליבטער, זיי געזונט, איך דאַנק דיר... עס איז גוט געווען אַזוי, ווי עס איז געווען, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם... איך וועל דיר דערפאַר דאַנקען ביזן לעצטן אָטעם־צוג. איך בין צופרידן: איך האָב דיר אַלץ געזאָגט, דו ווייסט איצינד, ניין, דו האָסט אַן אַנונג בלויז, ווי שטאַרק איך האָב דיך

געליבטע און דו האָסט נישט פון דער דאָזיקער ליבע קיין שום לאַסט. איך וועל דיר נ שט פעלן — דערמיט טרייסט איך מיך. עס וועט גאָרנישט אַנדערש ווערן אין דיין שיינעם, העלן לעבן... איך טו דיר גאָרנישט מיט מיין טויט... דערמיט טרייסט איך מיך, דו, געליבטער.

אָבער ווער... ווער וועט דיר אַצינד שיקן די ווייסע רויזן אַלעמאָל צו דיין געבורטס־טאָג? אַך, די וואַזע וועט ליידיק זיין, דער לייכטער אָטעם, דער לייכטער הויך פון מיין לעבן, וואָס האָט איינמאָל אין יאָר געהויכט אַרום דיר, אויך ער וועט פאַר־שווינדן! הער, געליבטער, איך בעט דיך... עס איז מיין ערשטע און לעצטע בקשה צו דיר... טו מיר צוליב, נעם אין דיין יעדן געבורטס־טאָג — עס איז דאָך אַזאַ טאָג, ווען מען טראַכט וועגן זיך — נעם דעמאָלט רויזן און שטעק זיי אַריין אין דער וואַזע. טו עס, געליבטער, טו עס אַזוי, ווי אַנדערע לאָזן איינמאָל אין יאָר זאָגן אַ תפילה פאַר אַ ליבע פאַרשטאָרבענע. איך גלויב שוין נישט אין גאָט און איך וויל נישט קיין תפילה. איך גלויב נאָר אין דיר, איך ליב נאָר דיך און וויל נאָר אין דיר ווייטער לעבן... אַך, נאָר איין טאָג אין יאָר, גאַנץ, גאַנץ שטיל בלויז, ווי איך האָב נעבן דיר געלעבט... איך בעט דיך, טו עס, גע־ליבטער... עס איז מיין ערשטע בקשה צו דיר און אויך די לעצטע. איך דאַנק דיר... איך ליב דיך, איך ליב דיך... זיי געזונט...

*

ער האָט אַרויסגעלייגט דעם בריוו פון די ציטערנדיקע הענט. דערנאָך האָט ער לאַנג נאָכגעדענקט. אין זיין זכרון איז אַרויפגעשווומען אַ מטושטשע דערינערונג וועגן אַ קינד, וועגן אַ מיידל, וועגן אַ פרוי אין אַ נאַכט־לאָקאַל, אָבער נאָר אַ דערי־נערונג, אומדייטלעך און מטושטש, אַזוי ווי אַ שטערן, וואָס בלינצלט און ציטערט פאַרמלאָז אויפן גרונט פון אַ פליסנדיק וואַסער. שאָטנס האָבן געפלאָסן אַהין און אַהער, אָבער עס

האָט זיך דערפון נישט געשאַפן קיין בילד. ער האָט געפילט דערינערונגען פון געפיל און האָט זיך דאָך נישט געקאָנט דער-מאָנען. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט וועגן די דאָזיקע אַלע געשטאַלטן געחלומט. אָפט געחלומט, אָבער דאָך נישט מער ווי געחלומט.

מיטאַמאָל איז זיין בליק געפאַלן אויף דער בלויער וואַזע, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אויפן שרייב-טיש. זי איז געווען ליידיק, צום ערשטן מאָל זינט יאָרן איז זי געווען ליידיק אין זיין געבורטס-טאָג. עס האָט אים אַרומגענומען אַ שרעק: ער האָט געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי עס וואָלט זיך פּלוצלינג אומבאַ-מערקט אויפגעפּראַלט אַ טיר, און אַ קאַלטע צוג-לופט פון אַן אַנדערער וועלט פליסט אַריין אין דעם רויקן חלל פון זיין צימער. ער האָט געשפּירט אַ טויט און האָט געשפּירט אומשטער-בלעכע ליבע. אינעווייניק אין זיין נשמה איז עפּעס וואַך גע-וואָרן און ער האָט געטראַכט וועגן דער אומזעבאַרער קערפּער-לאָז און ליידנשאַפטלעך, ווי וועגן ווייטע מוזיק.

די שיף האָט זיך צוליבן שטורם פאַרזוימט און איז אָנ־
געקומען אין דער קליינער פראַנצויזישער פּאָרט־שטאָט ערשט
שפּעט אין אָוונט, אַזוי אַז איך האָב דעם ביינאכטיקן צוג קיין
דייטשלאנד פאַרשפּעטיקט. אַזוי אַרום בין איך אומגעריכט גע־
צוווּנגען געווען צו פאַרבלייבן אין אַ פרעמד אָרט אַ טאָג און
אַן אָוונט, וועלכן ס׳איז נישט געווען מיט עפּעס אַנדערש אויס־
צופילן, ווי מיטן הערן די מעלאַנכאָלישע מוזיק פון אַ דאַמען־
אָרקעסטער ערגעץ־ווו אין אַ פּאָרשטעטישן פאַרווייליונג־לאָקאַל,
אָדער מיט עפּעס אַן איינטעניקן שמועס מיט עמעצן פון מיינע
צופעליקע מיטפּאָרער. די לופט אין דעם קליינעם עס־צימער
פון האָטעל, ווו ס׳האָבן זיך געטראָגן ריחות פון אייל און רויך,
איז געווען נישט צום דערליידן, און די דאָזיקע חשכדיקע
אומריינקייט האָט איצט געווירקט אויף מיר שטאַרקער, ווייל
אויף מיינע ליפּן איז נאָך געלעגן דער פרישער, דער קילער
און געזאַלצענער ים־ריח. האָב איך מיך דעריבער, אַזוי אָן שום
ציל, געלאָזט גיין איבער דער העל־באַלויכטענער ברייטער גאַס,
ביז כ׳בין אָנגעקומען צו אַ פּלאַץ, ווו ס׳האָט געשפּילט אַ שטאָ־
טישער אָרקעסטער. פון דאָרט בין איך אַוועק ווייטער צוזאַמען
מיט דער שטראָמענדיקער כוואַליע שפּאַצירגייער. תּחילת האָט
מיר הנאה געטון, ווילנלאָז מיטגעשטויסן צו ווערן אינם שטראָם
פון גלייכגילטיקע און פּראָווינציאָנעל אויסגעפּוצטע מענטשן,
באַלד אָבער איז מיר נמאס געוואָרן דאָס כסדרדיקע צושטראָמען
פון פרעמדע מענטשן, זייערע אָפּגעריסענע געלעכטערס, זייערע
אויגן, וואָס האָבן מיך דורכגעדרונגען מיט אַ פאַרחדושטן, פרעמדן,
אָדער גאָר חוזקדיקן בליק, די באַרירונגען, וואָס האָבן מיך
אומבאַמערקטערהייט געשטופּט פאָרויס, די אומצייליקע ליכט־

פייערלעך, וואָס האָבן זיך אַהערגעריסן פון פאַרשידענע זייטן און דאָס אומאויפהערלעכע שאַרעריי פון טריט. די ים־רייזע איז געווען אַן אומרויקע און אין מיין בלוט האָט נאָך געברויזט אַ שווינדלדיק און ווייך פאַרשכורונג־געפיל: איך האָב נאָך אַלץ עמפינדן אַ וואַקלען און וויגן אונטער מיינע פיס, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די ערד באַוועגט זיך ווי אָטעמענדיק און הויבט די גאַס ביז אַרויף צום הימל. מיר האָט זיך פלוצלינג דער קאָפּ פאַרדרייט פונם טומל און כדי דערפון פטור צו ווערן, האָב איך מיך אָפּגעקערט אין אַ זייטיקע גאַס, נישט נאָכקוקנדיק אַפילו, ווי זי רופט זיך, און פון דאָרט ־ בין איך ווידער אַוועק אין אַ נאָך קלענער געסל, וווּהין דער אומזיניקער ליאַרם האָט שוין נישט דערגרייכט. דערנאָך האָב איך מיך אָן אַ ציל געלאָזט גיין ווייטער אין אַ פּלאָנטער פון געסלעך, וואָס האָבן זיך פונאַנדערגעצווייגט ווי אָדערן, און וואָס מער איך האָב מיך דערווייטערט פון הויפּט־פּלאַץ, אַלץ פינסטערער איז געוואָרן. די גרויסע עלעקטרישע בויגנאַרטיקע לאַמטערנס, אָט דידאָזיקע לבנות פון די ברייטע בולוואַרן, האָבן שוין דאָ נישט געברענט, און איבער דער קאַרגער באַלויכטונג האָט מען געזען פונדאַנען די שטערן און דעם שוואַרצן פאַרוואָלקנטן הימל.

איך האָב מיך אפנים געמוזט געפינען נאָענט פון פּאָרט, אין דער געגנט, ווו די מאַטראָזן ווינען. איך האָב עס דערפילט נאָכן פוילן פיש־ריח, וועלכער איז ענלעך צו דעם זיסלעכן דופט פון די וואַסער־געוויקסן, וואָס די כוואַליעס טראָגן אָן אויפן ברעג; נאָכן אייגנאַרטיקן טשאַד, וואָס עס גיבן פון זיך אַרויס פאַרדאָרבענע ריחות און אומגעלופטערטע שטובן און וועלכער פאַרקלייבט זיך דאָ אין אַלע ווינקעלעך, ביז עס קומט אַמאָל אַ גרויסער שטורם און לופטערט ווידער אַלץ אויס. די פינסטער־ניש און די אומגעריכטע איינזאַמקייט זענען מיר געווען אנגע־נעם, איך האָב דעריבער אָנגעהויבן צו גיין פּאַמעלעכער, באַ־טראַכטנדיק געסל נאָך געסל, יעדעס האָט געהאַט אַן אַנדער אויסזעען, דאָ אַ שטילס, דאָרט אַן אומרויקס, אַלע אָבער זענען

געוועז פינסטער און אָנגעפּולט מיט אַ פּאַרטויבט געוויש פון מוזיק און שטימען, וואָס האָבן זיך דערטראָגן אַהער אַזוי סודותדיק פון ערגעץ אין אומזעבאַר אָרט, עפּעס ווי פון די היי־זערס ברוסט אַרויס, אַז ס׳איז קוים מעגלעך געווען משער צו זיין דעם אונטערערדישן מקלט, פון וואַנען די אַלע קלאַנגען האָבן זיך דערטראָגן. וואָרום אַלע הייזער זענען געווען פאַר־מאַכט און האָבן בלויז געבלינצלט מיט רויטע אָדער געלע פלעמלעך.

איך האָב ליב די דאָזיקע געסלעך אין פרעמדע שטעט, אָט דעם דאָזיקן שמוציקן מאַרק פון ליידנשאַפטן, דעם דאָזיקן סודותדיקן אוצר פון כלערליי פאַרפירערישן פאַר די מאַטראָזן, וואָס קומען דאָ אַהער נאָך די איינזאַם־פאַרבראַכטע נעכט אויף פרעמדע און סכנותדיקע ימים, וואָס קומען דאָ אַהער אויף איין נאַכט, כדי זייערע אומציילבארע תּאוהדיקע חלומות אין איין שעה צו פאַרווירקלעכן. די דאָזיקע געסלעך מוזן זיך באַהאַלטן ער־געץ־ווו אָן אַ זייט פון דער גרויסער שטאָט, וואָרום צו אומ־פאַרשעמט און חוצפּהדיק זאָגן זיי אַרויס דאָס, וואָס די ליכטיקע הייזער מיט די פינקלענדיקע שויבן און די עלעגאַנטע מענטשן אין זיי באַהאַלטן אונטער הונדערט מאַסקעס. פון די קנייפּעס אַרויס לאָזט זיך דאָ הערן מוזיק, וואָס ציט און רופט, שרייענ־דיקע קינאָ־פּלאַקאַטן זאָגן צו קיינמאָל נישט פאַרזוכטע תענוגים, ביי די טויערן געפינען זיך קליינע פּירקאַנטיקע לעמפּלעך, וואָס ווינקען היימיש צו די פאַרבייגייער מיט אַ גאַנץ קלאָרער אָנצוי־הערעניש; דורך אַ טיר־שפּאַלט זעט זיך טיילמאָל פינקלען נאַ־קעטע קערפּערס פון אונטער די מיט באַגילדטע פליטערלעך געפּוצטע קליידער. פון די קאַפעהייזער רייסן זיך אַרויס גרילצנ־דיקע שכורע קולות און טומלדיקע קריגערייען פון שפּילערס. די מאַטראָזן צעשמייכלען זיך וווּליונגעריש, ווען זיי באַגעגענען דאָ איינער דעם אַנדערן; זייערע טעמפּע בליקן בליצן־אויף פון די אַלע אָן אַ שעורדיקע צוזאָגענישן. וואָרום דאָ געפינט זיך אַלץ: ווייבער און שפּיל, געטראַנקען און פאַרשטעלונגען, באַגעגענישן, פּאַסירונגען, סיי שמוציקע און נישטיקע, סיי גרוי־

סע. אָבער דאָס אַלץ איז שרעקעוודיק און צו גלייכער צייט אומפאָרזיכטיק באַהאַלטן הינטער די לפנים פּאַרמאַכטע לאָדנס, אַלץ געפינט זיך נאָר אינעווייניק. און די דאָזיקע פלומרשטע פאַרשלאָסנקייט רייצט מיט אַ טאָפּלטן כשוף פון פאַרבאָרגנקייט און צוגענגלעכקייט. פונקט אַזעלכע געסלעך קאָן מען טרעפן אין האַמבורג, אין קאָלאָמבאָ און אין האַוואַנאַ, פונקט אַזוי ווי ס'געפינען זיך דאָ און דאָרט גרויסע, ברייטע גאַסן, וואָס גלאַנצן מיט לוקסוס. וואָרום די אויבערשטע און אונטערשטע מדרגות פון לעבן האָבן אומעטום די זעלבע פאָרם. די דאָזיקע געסלעך זענען דער לעצטער פאַנטאַסטישער רעשט פון אַ זינלעך-צעלאָזענער וועלט, ווו עס קומען נאָך די נייגונגען צום אויסדרוק אויף אַ ברוטאַלן און אומגעצוימטן אופן; אַ פינסטערער וואַלד פון ליידנשאַפטן, קוסטעס פול מיט שרצים. זיי רייצן מיט דעם, וואָס זיי אַנטפּלעקן און ציען-צו מיט דעם, וואָס זיי פאַרבאָרגן. מען קאָן וועגן זיי חלומען.

און אַזוי איז אויך געווען דאָס געסל, אין וועלכן איך האָב מיך פלוצלינג דערפילט ווי געפאַנגען. איך האָב מיך געלאָזט גיין סתם אַזוי הינטער עטלעכע קיראַסירן, וואָס האָבן מיט די זיך-נאָכשלעפנדיקע שווערטן געקלאַפּט איבער דעם נישט-גלאַטיקן ברוק. ערגעץ פון אַ באַר ארויס האָבן זיי פרויען גערופן, זיי האָבן אָפּגעענטפערט מיט אַ געלעכטער און מיט גראָבע וויצן. איינער האָט אַ קלאַפּ געטון אין פענסטער אַריין און ס'האָט זיך אָנגערופן עפּעס אַ קול מיט זידלעריי, דערנאָך האָבן זיי זיך געלאָזט גיין ווייטער, דאָס געלעכטער האָט זיך וואָס אַמאָל דערווייטערט און באַלד איז עס אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן. אין געסל איז ווידער געוואָרן שטיל, עטלעכע פענסטער האָבן מאַט געפינקלט אינם נעפלדיקן שיין פון דער בלייכער לבנה. איך בין שטיין געבליבן און איינגעאָטעמט אין מיר די דאָזיקע שטילקייט. זי האָט זיך מיר אויסגעוויזן וווּנדערלעך, ווייל הינטער איר האָט געשוועבט אַ סודותדיק זשומען פון תאווה און געפאַר. איך האָב דייטלעך געפילט, אַז די דאָזיקע שטילקייט איז בלויז אַ לפנימדיקע און אַז אונטערן טריבן נעפל פונם דאָ-

זיקן געסל גליט דאָס פסולת פון דער וועלט. אָבער איך בין שטיין געבליבן און זיך איינגעהאָרכט אין לײדיקן חלל אַרײַן. איך האָב שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דער שטאָט און אָן דעם געסל, אָן איר נאָמען און אַפילו אָן מיין אייגענעם, איך האָב בלויז געפילט, אַז איך בין דאָ פרעמד, אַז איך שטיי אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט, צו וועלכער איך האָב נישט קיין שייכות, צו וועלכער איך בין געקומען אָן שום כּונה, אָן שום ציל, אָן שום באַציונג און דאָך האָב איך דאָס דאָזיקע אַרומיקע פינסטערע לעבן געפילט אַזוי שאַרף, ווי דאָס בלוט אונטער דער אייגע־נער הויט. איך האָב עמפינדן בלויז דאָס איינע געפיל, אַז קיין זאַך געשעט דאָ נישט מיר צוליב, און דאָך איז אַלדינג מיין, יענץ גליקלעכסטע געפיל פון טיפסטע און וואָרהאַפטיקסטע איבערלעבענישן, וואָס ווערט דערגרייכט דורך פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט; יענץ געפיל, וואָס געהערט צו די לעבעדיקסטע קוואַלן פון מיין מהות און וואָס באַפאַלט מיך תּמיד ווי אַ תּאווה, בעת איך געפין מיך אין אַ פאַר מיר אומבאַקאַנטער וועלט. און פלוצלינג, שטייענדיק אַזוי אינם איינ־זאַמען געסל, ווי וואַרטנדיק אויף עפּעס, וואָס מוז געשעען, אויף עפּעס, וואָס זאָל מיך אַרויסרייסן פונם דאָזיקן לונאַטישן געפיל פון איינהאָרכן זיך אין לײדיקן חלל אַרײַן, האָב איך דערהערט, ווי פון דערווייטנס אָדער ווי דורך אַ וואַנט, אַ פאַרטויבט אומ־דייטלעך קול זינגען אַ דייטשיש ליד, יענעם גאַנץ תּמימותדיקן טאַנץ פון „פריישיסער“: „שיינער, גרינער מיידל־קראַנץ“. אַ פרויען־שטים האָט עס געזונגען, זייער שלעכט, אָבער דאָך אַ דייטשישע מעלאָדיע — דייטש אָט דאָ ערגעץ אין אַ פרעמד פאַרוואָרפן ווינקל, און עס איז מיר דעריבער געוואָרן אַזוי ברי־דערלעך נאָענט. עס האָט געקלונגען אין מיינע אויערן ווי אַ גרוס, עס איז געווען דאָס ערשטע היימישע וואָרט נאָך לאַנגע וואָכן. ווער, האָב איך מיר געטראַכט, רעדט דאָ אויף מיין שפּראַך, ווער ווען אינם דאָזיקן פאַרוואָרפענעם געסל פרעסט אַ דערינערונג אַרויס פון האַרצן דאָס דאָזיקע טרויעריקע ליד? איך האָב מיך געלאָזט נאָכן קול, איינס נאָכן אַנדערן בין איך פאַרבייגעגאַנגען

די הייזער, וואָס זענען דאָ געשטאַנען ווי אין דרימל מיט אַראָפּ-געלאָזטע לאָדנס, הינטער וועלכע אָבער ס'האָט פאַררעטעריש געפינקלט ליכט, אָדער טיילמאָל אויך אַ האַנט, וואָס האָט ווינקענדיק גערופן. די ווענט זענען געווען באַהאַנגען מיט פאַרביקע שילדן, שרייענדיקע פּלאַקאַטן און די אויפשריפן וועגן ביר און וויסקי האָבן אָנגעזאָגט, אַז ס'געפינט זיך דאָ ערגעץ אַ שענק. נאָר אַלץ איז געווען פאַרשלאָסן, אָפּשטויסנדיק און צוציעריש צו גלייכער צייט. און אינמיטן דעם אַלעם האָט זיך געטראָגן דאָס קול, וואָס איז איצט ביים רעפריין געוואָרן דייטלעכער און וואָס אַמאָל נענטער. און באַלד האָב איך מיך געפונען ביים הויז, פונוואַנען דאָס קול האָט זיך געטראָגן. אַ רגע בין איך שטיין געבליבן אומאַנטשלאָסן, דערנאָך האָב איך מיך געלאָזט גיין צו אַ טיר, וואָס איז געווען געדיכט פאַרהאַנגען מיט ווייסע גאַרדינען. אָבער בעת איך בין צוגעקומען נענטער, האָט פּלוצלינג עפּעס אַ צאַפּל געטון אין אַ ווינקל פון פאָדערהויז; אַ געשטאַלט, וואָס איז לויערנדיק געווען ציגעדריקט צו דער שויב, איז אויפגעשפּרונגען דערשראָקן. איך האָב דערזען אַ פּנים, באַגאָסן מיט אַ רויטער שיין, וואָס איז געפאַלן פון אַ הענגענדיקער לאַמטערן און צו גלייכער צייט איז עס געווען בלייך פון שרעק. אַ מענטש מיט ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן האָט אַ גלאָץ געטון אויף מיר מיט אַ פאַרגליווערטן בליק, דערנאָך האָט ער אַ מורמל געטון עפּעס ווי אַ מין אַנטשולדיקן זיך און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אינם טונקל-באַלויכטענעם געסל. דאָס דאָזיקע צוזאַמענטרעפעניש איז געווען זייער משונהדיק. איך האָב אים נאָכגעקוקט. דער שאָטן זיינער האָט נאָך געציטערט אין געסל, אָבער שוין גאַנץ אומדייטלעך. אינעווייניק האָט נאָך אַלץ געקלונגען די שטים און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי איז איצט ווי שטאַרקער געוואָרן. דאָס האָט מיך גערייצט. איך האָב אויפגעעפנט די טיר און בין שנעל אַריינגעגאַנגען.

גלייך ווי מיט אַ מעסער איז אָפּגעשניטן געוואָרן דאָס לעצטע וואָרט פונם ליד. און איך האָב דערשפּירט אַרום מיר עפּעס אַ פּוסטקייט, עפּעס אַ פיינטלעך שטילשווייגן, גלייך ח״

איך וואָלט דאָ מיט מיין אַריינקומען עפּעס צעשטערט. ביסלעכ־
וויַז האָט מיין בליק זיך אָנגעהויבן פונאַנדערצוקלייבן. איך האָב
מיך געפונען אין אַ האַלב־ליידיקער שענק־שטוב מיט אַ בופעט־
טיש. דאָס דאָזיקע צימער איז אָבער משמעות בלויז געווען אַ
פּאָדערהויז צו אַנדערע ווייטערע חדרים, וואָס לויט זייערע האַלב־
געעפנטע טירן, טונקעלער באַלויכטונג און ברייטע בעטן האָט
מען זיך שנעל געקאָנט משער זיין צו וואָס זיי נוצן. פאַרנט
ביים בופעט איז געשטאַנען אַ מיידל אָנגעשפּאַרט אָן די עלנ־
בויגנס, זי האָט געהאַט אַ געשמינקט פּנים און אויסגעזעען מיד.
ווייטער אַביסל איז געזעסן די בעל־הביתטע, אַ גראָב־לייביקע
פרוי מיט אַן אַנדער גאָר נישט קיין מאוס מיידל. מיין באַגריסן
האָט האַרט אָפּגעקלונגען אינם ליידיקן חלל און ערשט נאָך אַ
לענגערע ווײַלע האָט זיך געלאָזט הערן אַ געלאַנגווייליקטער צו־
ריק־ענטפער. מיר איז געוואָרן אומאַנגענעם, וואָס איך בין אַריינ־
געפאַלן אין אַזאַ אָנגעשטרענגט און וויסט שטילשווייגן. איך
וואָלט גערן געווען אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט, אָבער איך האָב
נישט געקאָנט געפינען קיין שום אויסרייד דערצו און איך האָב
מיך אַ רעזיגנירטער אַנידערגעזעצט פאַרנט ביים טיש. דאָס מיידל,
דערמאָנענדיק זיך אַפּנים אין איר פליכט, האָט מיך אַ פרעג
געטון, וואָס איך וויל טרינקען און פון איר האַרטער פראַנצוי־
זישער אויסשפּראַך האָב איך גלייך דערקענט, אַז זי איז אַ
דייטשקע. איך האָב באַשטעלט ביר, זי איז אַוועק און צוריק־
געקומען מיט יענעם אָפּגעלאָזענעם גאַנג, וועלכער האָט מער
געגעבן צו דערקענען איר גלייכגילטיקייט צו אַלץ, איידער די
מאַטע אויגן אירע, וואָס האָבן מיד געפינקלט הינטער די אויגן־
הייטלעך, ווי צאַנקענדיקע ליכט. גאַנץ מעכאַניש האָט זי, לויטן
מנהג פון אַזעלכע שטובן, אַוועקגעשטעלט נעבן מיין גלאָז אַ
צווייטס פאַר זיך. בעת זי האָט אָנגעשטויסן אָן מיין גלאָז, האָט
זיך איר בליק אַפילו נישט אָפּגעשטעלט אויף מיר: איך האָב
דעריבער געהאַט די מעגלעכקייט זי צו באַטראַכטן. איר
פּנים איז אייגנטלעך נאָך געווען שיין און סימעטריש,
אָבער עפּעס ווי דורך אַן אינערלעכער מידקייט האָט עס גע־

מאַכט דעם איינדרוק פון אומנאַטירלעכקייט און פאַרדאַרבנקייט. אַלץ אין איר האָט אויסגעזעען מיד און אָפּגעלאָזן. די אויגנ־הייטלעך זענען אַראָפּגעהאנגען שווער, די האָר נישט פאַרקעמט, די באַקן, פאַרלאָפן אין פול מיט פלעקן פון שלעכטער שמינקע, האָבן שוין געהאַלטן אין וועלקן און זענען שוין געווען דורכ־געצויגן מיט אַ ברייטן קנייטש ביז אַראָפּ צום מויל. אויך דאָס קלייד אויף איר איז געווען זייער נאַכלעסיק אָנגעטון, איר קול איז געווען דורכגעברענט, רוי פון רויכערן און פון ביר. אין אַלדינג פון איר ווען האָב איך געשפּירט אַ מענטש, וואָס איז מיד און נידערשלאָגן און בלויז פון רגילות לעבט ער נאָך ווײַ־טער, אָבער ווי מיט אָפּגעשטאָרבענע געפילן. אַ צעמישטער און מיט גרויל דורכגענומען, האָב איך זי עפּעס אַ פרעג געטון. זי האָט אָפּגעענטפערט גלייכגילטיק און טעמפּ מיט קוים זיך־באַ־וועגנדיקע ליפּן, נישט וואַרפנדיק אַפילו אויף מיר קיין בליק. איך האָב מיך געפילט ווי אַ נישט געוווּנטשענער גאַסט. די בעלהביתטע האָט געגעניצט, דאָס אנדערע מיידל איז געזעסן אין אַ ווינקל און האָט אהערגעקוקט, גלייך ווי זי וואָלט גע־וואַרט, איך זאָל זי צורופן. איך וואָלט זייער גערן געווען אוועקגעגאַנגען, נאָר אַלע אברים מיינע זענען געווען שווער. בין איך ווייטער געבליבן זיצן אין דער דאָזיקער שטיקנדיקער לופט, הוידענדיק זיך אויפן מאַטראָזישן שטייגער, אַ צוגעשמידטער פון נייגיריקייט און גרויל, וואָרום די דאָזיקע גלייכגילטיקייט אַרום מיר איז געווען עפּעס אויף אַ געוויסן אופן אויפרייצנדיק.

פּלוצלינג בין איך אויפגעשפּרונגען דערשראָקן פון עפּעס אַ שאַרף געלעכטער נעבן מיר. און אין דער זעלבער צייט האָט דאָס ליכט־פלעמל אין לאָמפּ אַ ציטער געטון: לויט דעם לופט־צוג האָב איך דערשפּירט, אַז הינטער מיינע פּלייצעס האָט עמעץ אויפגעעפנט די טיר. „ביסט שוין ווידער געקומען?" האָט די שטים נעבן מיר אַ געשריי געטון אויף דייטש מיט אַ בייסיקן שפּאָט. „די קריכסט שוין ווידער אַרום דאָ ביים הויז, דו קמצן איינער? נו, קום אַריין, איך וועל דיר גאָרנישט טון."

מיין בליק האָט אַרומגעבלאָנדזשעט, צוגערשט אויף דער פרוי,

וואָס האָט אויסגעשריגן דעם דאָזיקן ברוך-הבא מיט אַזאַ ביי-סיקייט, גלייך ווי ס'וואָלט זיך אַ פייער אַרויסגעריסן פון איר לייב, דערנאָך ווידער האָב איך אַ קוק געטון צו דער טיר. און נאָך איידער זי איז געווען אינגאַנצן געעפנט, האָב איך גלייך דערקענט די אָפּגעלאָזענע געשטאַלט, איך האָב דערקענט דעם הכנעהדיקן בליק פונם מענטש, וואָס איז פריער געווען ווי צו-געקלעפּט צו דער טיר. ער האָט מיט מורא געהאַלטן דעם הוט אין דער האַנט, אַזוי ווי אַ בעטלער. און געציטערט פונם שאַרפן קבלת-פנים, פון דעם געלעכטער, וואָס האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו טרייסלען איר שווערן גוף ווי אין קראַמפן, און וועלכעס איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ שנעל שושקעריי פון דער בעל הביתטע, וואָס איז געזעסן הינטערן שענק-טיש.

„דאָרט זעץ זיך אַוועק, ביי פראַנסואַזן", האָט זי אַ געשריי געטון אויף דעם נעבעכדיקן פאַרשוין, בעת יענער האָט זיך אָנ-געהויבן צו דערנענטערן מיט דערשראָקענע און שלייכנדיקע טריט. „דו זעסט דאָך, אַז איך זיץ מיט אַ הער".

אויף דייטש האָט זי צו אים געשריגן. די בעל הביתטע און דאָס מיידל האָבן הויך געלאַכט, הגם זיי האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען, זיי האָבן אָבער אַפּנים דעם גאַסט שוין געקענט.

„גיב אים שאַמפּאַניער, פראַנסואַז, פון דעם טייערן, אַ פלאַש", האָט זי לאַכנדיק אַריבערגעשריגן, און דערנאָך ווידער מיט חוזק צו אים: „אויב ס'איז דיר צו טייער, טאָ בלייב אין דרויסן, דו מאוסער קמצן. וואָלסט אַוודאי געוואָלט אומזיסט גלאָצן אויף מיר, איך ווייס, דו וואָלסט אַלצדינג געוואָלט האָבן בחנם."

די לאַנגע געשטאַלט איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן פונם דאָזיקן בייזן געלעכטער. די פלייצע איז אים איינגעהויקערט געוואָרן, עס האָט זיך געדאַכט, גלייך ווי ער וואָלט וועלן הינטיש-הכנעהדיק באַהאַלטן דאָס פּנים. די האַנט האָט אים געצי-טערט, בעת ער האָט אָנגענומען די פלאַש און ער האָט פאַר-גאָסן דעם וויין ביים אַריינגיסן אין גלאָז. ער האָט כסדר גע-וואָלט אויפהויבן דעם בליק צו איר פּנים, אָבער די אויגן זיינע

זענען געווען ווי צוגעשמידט צו דער ערד און ער האָט דאָרט
אַרומגעבלאָנדזשעט מיטן בליק איבערן שטיינפּונעם באָדן. און
אַצינד ערשט האָב איך ביים שיין פון לאָמפּ דייטלעך געזעען
דאָס דאָזיקע אויסגעדאַרטע, צעקנייטשטע און בלאַסע פּנים, די
פייכטע און שיטערע האָר אויף זיין קנאָכיקן קאָפּ־שאַרבן, די
שוואַכע און ווי צעבראָכענע געלענקען. דאָס איז געווען אַ נע־
בעכדיקע, שוואַכע בריאה. דאָך אָבער אָנגעלאָדן מיט כּעס. אַלץ
אין אים איז געווען קרום, צעדרייט און איינגעקוועטשעט,
און דער בליק, וועלכן ער פלעגט טיילמאָל אויפהויבן און דער־
שראָקן באַלד צוריק אַראָפּלאָזן, איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט
אַ בייזן גלאַנץ.

„קוקט זיך נישט אום אויף אים", האָט זי שאַרף אַ זאָג געטון
צו מיר אויף פראַנצויזיש, גראָב אָנכאַפּנדיק מיך ביים אָרעם,
ווי זי וואָלט בדעה געהאַט מיך צו טרייסלען. „ס'איז אַן אַלטע
געשיכטע צווישן מיר און אים, דאָס איז שוין נישט פון היינט".
און ווידער מיט צונויפגעשטשירעטע ציין, ווי גרייט צו בייסן,
הויך אויפן קול צו אים אַריבער: „הער נאָר דו, אַלטער הונט,
מעגסט הערן, וואָס איך זאָג. אַז איך וועל ליבער אין ים
אַריינשפּרינגען, איידער צו גיין מיט דיר".

די בעלהביתטע מיטן אַנדערן מיידל האָבן זיך ווידער
פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ ברייט, נאַריש געלעכטער. דאָס איז
משמעות שוין געווען ביי זיי אַ מין געוווינלעכער, אַלטעגלעכער
שפּאַס. מיר אָבער איז געוואָרן אומהיימלעך, זעענדיק ווי דאָס
אַנדערע מיידל האָט זיך פּלוצלינג צוגעטוליעט צו אים מיט אַ
געמאַכטער צערטלעכקייט און מיט פלומרשטע חניפהלעך, פון
וועלכע ער האָט אויפגעציטערט און דערביי נישט געהאַט קיין
דרייסטקייט, זי אָפּצוטרייבן פון זיך. אַ שרעק האָט מיך אַרומ־
גענומען, בעת ער פלעגט אין צעטומלטקייט אָנטרעפן אויף מיר
מיט זיין צעשראָקענעם, פאַרלעגענעם און קריכערישן בליק. און
ס'האָט מיך אויך געגרוילט פון דער פרוי נעבן מיר, וועלכע
האָט זיך פּלוצלינג ווי אויפגעכאַפּט פון איר גלייכגילטיקייט און
אַזוי געברויזט פאַר כּעס, אַז די הענט האָבן איר געציטערט.

איך האָב אַ שליידער געטון געלט אויפן טיש און געוואָלט אַוועקגיין. זי האָט עס אָבער נישט גענומען.

„אויב ער שטערט דיר, וועל איך אים אַרויסוואַרפן, דעם הונט. ער מוז האָרכן. טרינק נאָך אויס מיט מיר אַ גלאָז. קום!"

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר מיט אַ מין האַסטיקער, פאַנאַטישער צערטלעכקייט, פון וועלכער איך האָב גלייך דער־קענט, אַז זי איז געווען בלויז געמאַכט, כּדי יענעם צו פאַר־שאַפן קרענקונג. ביי יעדער באַוועגונג אירער פלעגט זי אריבער־וואַרפן אַ שנעלן בליק, און מיר איז זייער נישט ניחא געווען צו זען, ווי ביי איר יעדן זשעסט, וואָס איז געווען געווענדט צו מיר, האָט ער אָנגעהויבן נערוועז צו ציטערן, גלייך ווי ער וואָלט דערשפּירט אָנגעגליט שטאָל אויפן לייב. איך האָב שוין מער נישט געקוקט אויף איר, נאָר בלויז אויף אים און איך האָב אויפגעשוידערט, זעענדיק ווי עס וואַקסט און ברויזט אין אים כּעס, צאָרן, קנאה און גיריקייט, און ווי דאָס אַלץ קורטשעט זיך פּלוצלינג צוזאַמען, ווי נאָר זי גיט אַ קער מיטן קאָפּ. זי האָט זיך אַצינד פעסט צוגעטוליעט צו מיר, איך האָב גע־פילט איר קערפּער, וועלכער האָט געציטערט פאַר בייזער הנאה פונם דאָזיקן שפּיל, און עס האָט מיך געעקלט פאַר איר געשמינקט פּנים, פון וועלכן ס'האָט זיך געפילט שלעכטער פּודער, און פאַר דעם ריח פון איר וועלקנדיקן לייב. ווילנדיק, אַז זי זאָל זיך אַוועקבויגן פון מיין פּנים, האָב איך אַרויסגענומען אַ ציגאַר, און בעת איך האָב נאָך מיטן בליק געזוכט אויפן טיש אַ שוועבעלע, האָט זי צו אים אַ געשריי געטון: „ברענג אהער פייער!"

איך האָב מיך נאָך מער פאַר אים דערשראָקן פאַרן דאָזיקן געמיינעם פאַרשלאַג, ער זאָל מיך באַדינען, איך האָב מיך דע־ריבער באַמיט שנעל צו נעמען אַ שוועבעלע. אָבער שוין דאָס בלויזע וואָרט אירס האָט געווירקט אויף אים, ווי אַ שמיץ מיט אַ בייטש. ער האָט זיך צוגעשאַרט מיט זיינע זייטיקע, וואַקלענדיקע טריט און געגעבן אַ לייג אַנידער זיינע שוועבעלעך אויפן טיש אַזוי שנעל, גלייך ווי ער וואָלט זיך געקאָנט אָפּבריען, אויב ער וועט זיך צורירן צום טיש. מיין בליק האָט זיך אויף אַ

רגע צוזאַמענגעטראָפן מיט זיינעם: אומענדלעכע בושה און ציינ־קריצערישע פאַרביטערונג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע אויגן. און דער דאָזיקער קנעכטישער בליק האָט אָנגערירט דעם מאַן, דעם ברודער אין מיר. איך האָב געפילט די דערנידערונג דורך דער פרוי און איך האָב מיך געשעמט צוזאַמען מיט אים.

„איך דאַנק אייך זייער", האָב איך געזאָגט אויף דייטש — זי האָט אַ ציטער געטון — „איר האָט זיך נישט באַדאַרפט מטריח זיין". דערנאָך האָב איך אים דערלאַנגט די האַנט. ער האָט זיך אַ לענגערע ווײַלע נישט געקאָנט אַנטשליסן, דערנאָך האָב איך דערשפּירט פייכטע, ביינערדיקע פינגער און מיטאַמאָל אַ האַסטיקן, קראַמפּנדיקן דרוק פון דאַנקבאַרקייט. אַ סעקונדע לאַנג האָבן זיינע אויגן אַריינגעפינקלט אין מיינע, דערנאָך אָבער האָבן זיי זיך ווידער הכנעהדיק אַראָפּגעלאָזט אונטער די מידע אויגנהייטלעך. איר אויף להכעיס האָב איך געוואָלט אים בעטן זיך אַנידערזעצן נעבן אונז, און האָב שוין אַפּנים געמוזט האָבן געמאַכט אַ פאַרבעטנדיקן זשעסט, וואָרום זי האָט אויף אים שנעל אַ געשריי געטון: „זעץ דיך צוריק אַהין און שטער דאָ נישט".

דאָ האָט מיך פּלוצלינג אַרומגענומען אַן עקל צו איר גיפטיקער שטים און צו איר פייניקן דעם דאָזיקן מענטש. עס איז מיר נמאס געוואָרן די דאָזיקע אָנגערויכערטע קנייפּע, די אָפּשטויסנדיקע גאַסן־פרוי, דער דאָזיקער תמעוואַטער פאַרשוין און דער טשאַד פון ביר, רויך און שלעכטע פאַרפומען. ס'האָט מיך געצויגן צו פרישער לופט. איך האָב איר צוגעשאַרט דאָס געלט, בין אויפגעשטאַנען און האָב מיך ענערגיש געטון אַ צי צוריק, זעענדיק, אַז זי וויל זיך מיט אַ חניפה־שמייכעלע ווידער דערנענטערן צו מיר. עס האָט מיך געעקלט אנטייל צו נעמען אינם דאָזיקן דערנידריקן אַ מענטש און מיט מיין אַנטשלאָסענער צוריקהאַלטונג האָב איך איר געגעבן דייטלעך אָנצוהערן, ווי וויניק זי איז בכח מיך זינלעך צו רייצן. איר איז דאָס בלוט געקומען אין פּנים אַריין פאַר כעס, אַרום איר מויל האָט זיך באַוויזן אַ מין אויסגעלאַסענער קנייטש, אָבער זי האָט זיך איינ־

געהאַלטן אַ וואָרט אַרויסצורעדן און מיט אַ האַסטיקער רציחה האָט זי זיך אַ קער געטון צו אים. ער ווידער, ריכטנדיק זיך אויף אַ שלעכטן אָפּשניט, האָט שנעל און ווי געטריבן דורך איר דראָונג אריינגעשטעקט די האַנט אין טאַש און מיט ציטערנדיקע פינגער אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ געלט-בייטעלע. ס׳איז געווען קענטיק, אַז ער האָט מורא אַצינד אַליין צו בלייבן מיט איר, און פון גרויס איילעניש האָט ער נישט געקאָנט פונאַנדערבינדן דעם קניפּ פונם בייטעלע — דאָס איז געווען אַ געשטריקט בייטעלע, באַפּוצט מיט גלאַז-פּליטערלעך, אַזעלכעס, ווי עס טראָגן פּויערים און מענטשן פון פּראָסטן שטייגער. עס איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז ער איז נישט געווינט געווען אַזוי שנעל אויסצוגעבן געלט, פּונקט דער היפּך צו די מאַטראָזן, וואָס גיבן איינס צוויי אַ צי אַרויס דאָס געלט פון די קלימפּערדיקע טאַשן און שליידערן עס אנידער אויפן טיש. ער איז אָפּנים געווינט געווען פּאָרזיכטיק איבערצוציילן און יעדע מטבע באַזונדער אָפּצוּוועגן צווישן די פינגער. „ווי ער ציטערט דאָס איבער זיינע ליבע, זיסע גראָשנס! קאָנסט דיר גאָרנישט קיין עצה געבן? וואַרט!” האָט זי מיט חוזק אים צוגעוואָרפן און אַ שפּאַן געטון צו אים. ער האָט אַ צאַפּל געטון דערשראָקן, און זי, זעענדיק זיין שרעק, האָט אַ צי געטון מיט די פּלייצעס און מיט אַן אומבאַשרייבלעכן עקל אין בליק אַרויסגערעדט: „איך וועל דיר גאָרנישט צונעמען, איך שפּיי אויף דיין געלט. איך ווייס, זיי זענען גוט געציילט, דיינע טייערע גראָשנס, זיי טאָרן זיך נישט שיידן מיט דיר. און דער עיקר” — דאָ האָט זי אים פּלוצלינג אַ לייכטן שטויס געטון אין דער ברוסט — „די פּאַפּירעלעך, וואָס זענען דאָ איינגענייט, ס׳זאָל זיי נאָר עמעצער נישט צוגנבענען!” און ווירקלעך, פּונקט ווי אַ האַרץ-קראַנקער כאַפּט זיך טיילמאָל פּלוצלינג אָן ביי דער ברוסט, אַזוי האָט זיין האַנט ציטערנדיק געגראַבלט אַרום אַ באַשטימט אָרט אין זיין מלבוש. זיינע פינגער האָבן דאָרט אינסטינקטיוו אָנגעטאַפּט דאָס סודותדיקע באַהעלטעניש און דאַן באַרויקט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט. „קמצן!” האָט זי אַ שפּיי געטון. נאָר דאָ האָט דעם

געפּייניקטן פּלוצלינג אַ זעץ געטון דאָס בלוט אין פּנים אַריין, ער האָט האַסטיק אַ שליידער געטון דאָס געלט־בייטעלע צום אַנדערן מיידל, וואָס האָט תּחילת אַ דערשראָקענע אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, באַלד אָבער זיך הויך צעלאַכט, דערנאָך האָט ער זיך ווילד אַ לאָז געטון צו דער טיר און איז אַנטלאָפן ווי פון אַ שׂריפה אַרויס.

אַ רגע לאַנג איז זי געבליבן שטיין אויסגעגלייכט, ברויזנ־דיק פון ווילדן כּעס. דערנאָך האָבן זיך אירע אויגן־הייטלעך ווידער מיד אַראָפּגעלאָזט. אַ מידקייט איז זי באַפאַלן און פאַר־טריבן פון איר די פריערדיקע אָנגעשטרענגטקייט. ס'האָט זיך געדאַכט, גלייך זי וואָלט אין איין מינוט געוואָרן אַלט און מיד. איר בליק איז איצט געווען אומזיכער און צעטראָגן. ווי אַ שכּורע, וואָס הויבט אָן צוריק צו זיך צו קומען, אַ צעטומלטע און מיט אַ געפיל פון בושה איז זי אַצינד געשטאַנען נעבן מיר. „אַצינד וועט ער דאָרט אינדרויסן יאָמערן נאָך זיין געלט, ער וועט נאָך אפשר לויפן צו דער פּאָליציי, אַז מיר האָבן אים באַגנבעט. און מאָרגן וועט ער ווידער קומען. אָבער מיך וועט ער נישט האָבן. אַלע יאָ, און ער דוקא נישט!"

זי איז צוגעגאַנגען צום בופעט, אַ וואָרף געטון געלט און אויסגעטרונקען מיט איין אָטעם אַ גלעזל בראַנפן. דאָס בייזע פייערל האָט ווידער אויפגעפלאַקערט אין אירע אויגן, אָבער פאַרנעפּלט, ווי אונטער טרערן פון כּעס און בושה. דער עקל, וואָס האָט מיך אַצינד אָנגענומען צו איר, האָט גובר געווען מיין מיטלייד־געפיל: „אַ גוטע נאַכט", האָב איך אַ זאָג געטון און בין אַוועקגעגאַנגען „Bon soir", האָט די בעל־הביתטע גע־ענטפערט. זי האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, נאָר זיך צע־לאַכט מיט אַ שאַרף און שפּאָטיש געלעכטער.

דאָס געסל, אין וועלכן איך בין אַצינד אַרויסגעקומען, איז געווען צוגעפגעגאָסן מיט נאַכט און הימל. אַלץ איז געווען צונויפגעפלאָכטן מיט דער שטיקנדיקער פינסטערניש, אין וועלכער ס'האָט בלויז ארומגעשוועבט אַ פאַרוואָלקנטער, אומענדלעך ווייַ־טער אָפּגלאַנץ פון דער לבנה. איך האָב גיריק איינגעאָטעמט

די חאַרמע, אָבער דאָך שאַרפֿע לופֿט, און דאָס געפֿיל פֿון גרויל איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין אַ שטוינען איבער דער פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿון מענשלעכן גורל. איך האָב ווידער דער־שפּירט — אַ געפֿיל, וואָס קאָן מיך רירן ביז טרערן, — אַז הינטער יעדער פֿענסטער־שויב איז אַ גורל באַהאַלטן; יעדע טיר, וואָס מיר עפֿענען, אַנטפּלעקט פֿאַר אונז איבערלעבענישן; אַז די פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿון דער דאָזיקער וועלט געפֿינט זיך אומעטום און אַז אַפֿילו דאָס פֿאַרוואָרפֿנסטע ווינקל ווימלט פֿון שוין אויסגעפּאָרמטע איבערלעבענישן, ווי צעפּוילטע זאַכן פֿון ווערים. דאָס איבלדיקע געפֿיל פֿון דער באַגעגעניש איז פֿאַרביי, די געשפּאַנטקייט איז איבערגעגאַנגען אין אַ זיסער מידקייט און עס האָט זיך געוואָלט דאָס איבערגעלעבטע פֿאַרוואַנדלען אין אַ חלום. אינסטינקטיוו האָב איך מיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן, זוכנדיק דעם צוריקוועג אַהיים דורכן פּלאָנטער פֿון די דאָזיקע געסלעך. מיטאַמאָל האָט זיך אומגעריכט אַ שאַר געטון צו מיר עפּעס אַ געשטאַלט.

„אַנטשולדיקט", — איך האָב גלייך דערקענט דאָס הכנעה־דיקע קול. „מיר דאַכט זיך, אַז איר ווייסט דאָ נישט דעם וועג. מעג איך... מעג איך אייך ווייזן דעם וועג? איר ווינט...?"

איך האָב אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון מיין האָטעל.

„איך וועל אייך באַגלייטן... אויב איר וועט דערלויבן", האָט ער באַלד הכנעהדיק צוגעגעבן.

מיך האָט ווידער אַרומגענומען אַ גרויל. די דאָזיקע שטילע, געשפּענסטיקע טריט האַרט נעבן מיר, די פֿינסטערניש פֿונם מאַטראָזן־געסל און די דעראינערונג פֿונם נאָר־וואָס איבערגע־לעבטן האָבן מיך אַריינגעבראַכט אין אַ נעפּלהאַפֿטיק פֿאַרפּלאָנ־טערט געפֿיל, פֿון וועלכן איך האָב מיר נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרן חשבון. נישט קוקנדיק אויף אים, האָב איך געשפּירט זיין הכנעהדיקן בליק און דאָס ציטערן פֿון זיינע ליפּן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער וויל מיט מיר רעדן, אָבער איך האָב קיין זאַך נישט געטון, אים דאָס לייכטער אָדער שווערער צו מאַכן, ווייל איך האָב מיך געפֿונען אין אַ מין שכרותדיקן צו־

שטאַנד, דורך וועלכן מיין נייגיריקייט האָט זיך צונויפגעמישט מיט אַ פיזישער געליימטקייט. ער האָט עטלעכע מאָל אָפּגעהוסט, איך האָב באַמערקט, ווי ער באַמיט זיך אַרויסצורעדן אַ וואָרט, נאָר עפּעס אַ גרויזאַמקייט, וואָס איז אויף אַ געהיימניספולן אופן איבערגעגאַנגען צו מיר פון יענער פרוי, האָט מיך נישט דער־לאָזט, אים דאָס צו פאַרגרינגערן, איך האָב נאָך ווי הנאה גע־האַט פון זיין ראַנגלען זיך מיט דער בושה און אינערלעכער פיין: איך האָב אים נישט אַרויסגעהאָלפן, נאָר ווייטער איבער־געלאָזט צווישן אונז דאָס מרה־שחורהדיקע שטילשווייגן. עס האָט זיך בלויז געהערט דער צוזאַמענגעמישטער אָפּקלאַנג פון אונ־זערע טריט; זיינע שטיל־שאַרנדיקע, ווי פון אַן אַלטן מאַן, מיינע ווידער בכיוון הויך קלאַפּנדיקע און אייליקע, ווי ווענדיק וואָס גיכער אַנטלויפן פון דער דאָזיקער שמוציקער וועלט. די אָנגע־שטרענגטקייט צווישן אונז איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער: דאָס דאָזיקע שטילשווייגן האָט געהילכט מיט אַן אינערלעכן געשריי און איז געוואָרן ענלעך צו אַ צופיל אָנגעצויגענער סטרונע, ביז ער האָט עס ענדלעך דורכגעריסן — און ווי נע־בעכדיק אומדרייסט אין אָנהויב — מיט זיין וואָרט.

„איר האָט... איר האָט געזען... מיין הער... דאָרט אי־נעווייניק אַ מערקווירדיקע סצענע... אַנטשולדיקט... וואָס איך רעד דערפון... נאָר אייך האָט זיך דאָס געמוזט אויסווייזן משונהדיק... און אויך זייער לעכערלעך... די דאָזיקע פרוי... עס איז אייגנט־לעך..."

ער האָט ווידער אָפּגעהאַקט. עפּעס האָט אים געשטיקט אין דער קעל. און באַלד איז זיין קול געוואָרן זייער שטיל, און ער האָט האַסטיק אַרויסגעפּליסטערט: „די דאָזיקע פרוי... עס איז אייגנטלעך מיין ווייב".

איך האָב מסתמא געמוזט אויפשפּרינגען אַ פאַרוווּנדערטער, וואָרום ער האָט אָנגעהויבן שנעל צו רעדן ווייטער, ווי ווענ־דיק זיך פאַרענטפערן: „דאָס הייסט... זי איז געווען מיין ווייב... מיט פינף, מיט פיר יאָר צוריק... אין געראַצהיים, אין העסן, פונוואַנען איך שטאַם... איך וויל נישט, אַז איר זאָלט וועגן

איר טראַכטן שלעכטס... איך בין אפשר שולדיק דערין, וואָס זי איז אַזוי. נישט אַלעמאָל איז זי אַזוי געווען... איך... איך האָב זי געפּייניקט... איך האָב זי גענומען, הגם זי איז געווען זייער אָרים, קיין וועש אַפילו האָט זי נישט געהאַט, גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט... און איך בין רייך... דאָס הייסט, פאַרמעגלעך... נישט רייך... אָדער איך בין עס וויניקסטנס געווען דעמאָלט... און ווייסט איר, מיין הער... איך בין אפשר געווען — זי איז גע־רעכט — צופיל שפּאָרזאַם... פריער, פאַר דעם אומגליק בין איך עס געווען און איצט פאַרשעלט איך דאָס... אָבער מיין פאָטער איז אַזוי געווען און אויך מיין מוטער, אַלע זענען מיר אַזוי געווען... איך האָב שווער געאַרבעט אויף יעדן פעניג... זי ווידער איז געווען אַ לעבנסלוסטיקע, זי האָט ליב געהאַט שיינע זאַכן... זי איז אָבער געווען אָרים און איך האָב עס איר תמיד פאָרגעוואָרפן... איך האָב עס נישט באַדאַרפט טון, אַצינד ערשט, מיין הער, פאַרשטיי איך עס, וואָרום זי איז אַ שטאָלצע, זייער אַ שטאָלצע... איר זאָלט נישט מיינען, אַז זי איז אַזאַ, ווי זי מאַכט זיך אַליין... דאָס איז ליגן, און אויך איר פאַרשאַפט דאָס יסורים... אָבער... אָבער... זי טוט עס, כדי מיר ווייַ צו טון, כדי מיך צו פּייניקן... און... ווייל... ווייל זי שעמט זיך... און אפשר איז זי שוין באמת געוואָרן פאַרדאָרבן, אָבער איך... איך גלויב עס נישט... וואָרום זי, מיין הער, איז תמיד געווען אַ גוטע, זייער אַ גוטע..."

ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגן און איז שטיין גע־בליבן פאַר געוואַלטיקער צעטראָגנקייט. נישט ווילנדיק האָב איך געוואָרפן אויף אים אַ בליק און איך האָב מיטאַמאָל דערזעען, אַז ער איז גאָרנישט לעכערלעך. אַפילו דאָס משונהדיקע אונ־טערטעניקע ווערטל זיינס „מיין הער", מיט וועלכן עס באַנוצן זיך אין דייטשלאַנד בלויז די נידריקע שיכטן, האָט אויך אויפ־געהערט צו ציען מיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אויף זיין פנים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די אינערלעכע אָנשטרענגונג, אויס־צוגעפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט, און בעת ער האָט מיט שווערע, וואַקלענדיקע טריט זיך ווידער געלאָזט גיין פאָרויס, האָט זיך

זיין פאַרגליווערטער בליק איינגעגעסן אין די שטיינער פון ברוק, גלייך ער וואָלט פון דאָרט אַרויסגעלייענט די ווערטער, וואָס רייסן זיך אַזוי קראַמפּהאַפּטיק אַרויס פון זיין קעל.

„יאָ, מיין הער", האָט ער טיף אָפּעטעמענדיק אַרויסגעזאָגט, און מיט עפּעס אַן אַנדער, טיפער קול, וואָס האָט געשטאַמט פון זיין בעסערער, אינערלעכער וועלט, באַלד צוגעגעבן: „זי איז געווען זייער אַ גוטע... אויך צו מיר. זי איז געווען דאַנקבאַר, וואָס איך האָב זי אַרויסגענומען פון איר עלנט... און איך האָב געוווּסט, אַז זי איז דאַנקבאַר... אָבער... איך... האָב דאָס געוואָלט הערן... תמיד... עס האָט מיר הנאה געטון, צו הערן דעם דאָזיקן דאַנק... מיין הער, ס'איז געווען אַזוי, אַזוי אומענדלעך גוט אויף דער נשמה צו שפּירן, צו פילן, אַז מען איז אַ בעסערער מענטש... אין דער צייט, וואָס מען ווייסט ביי זיך, אַז מען איז אַ שלעכטער... איך וואָלט געווען אוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט מיינס, בלויז נאָר כּדי תמיד צו הערן איר דאַנק... זי אָבער איז געווען זייער שטאָלץ און דוקא ווייל איך האָב געפאָדערט פון איר דעם דאָזיקן דאַנק, האָט זי עס געטון וואָס אַמאָל ווייניקער... דערפאַר... נאָר דערפאַר, מיין הער, האָב איך געמאַכט אַזוי, אַז זי זאָל אַלעמאָל מוזן בעטן... איך האָב איר קיינמאָל נישט געגעבן אַליין... עס האָט מיר הנאה געטון, וואָס זי האָט נאָך יעדן קלייד, נאָך יעדן שטיקל באַנד געמוזט אָנקומען צו מיר און בעטן... דריי יאָר האָב איך זי אַזוי געפּייניקט, וואָס אַמאָל אַלץ מער... אָבער דאָס, מיין הער, האָב איך געטון דערפאַר, ווייל איך האָב זי ליב געהאַט... מיר איז געפעלן איר שטאָלצקייט און פונדעסטוועגן האָב איך זי תמיד געוואָלט דערנידריקן, איך משוגענער, און ווען זי פלעגט עפּעס פון מיר פאַרלאַנגען, האָב איך מיך געבייזערט... אָבער, מיין הער, איך בין לחלוטין נישט בייז געווען... איך בין נאָר גליקלעך געווען, אַז איך האָב געהאַט עפּעס אַ געלעגנהייט צו קענען זי דערנידריקן, וואָרום... וואָרום איך האָב גאָך דעמאָלט גאָר נישט געוווּסט, ווי שטאַרק ליב איך האָב זי...

ער איז ווידער שטיל געבליבן און געגאַנגען ווייטער מיט וואַקלענדיקע טריט. עס האָט אויסגעזעען, ווי ער וואָלט שוין אין מיר אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן. ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו רעדן, אָבער מעכאַניש, ווי פון שלאָף אַרויס און וואָס אַמאָל העכער.

„דאָס... דאָס האָב איך מיך ערשט דערוווּסט, בעת איך האָב דעמאָלט... אין יענעם פאַרשאָלטענעם טאָג... איך האָב איר אָפּגעזאָגט געלט צו געבן פאַר איר מוטער, נישט קיין סך, גאָר־נישט קיין סך... דאָס הייסט, איך האָב עס אייגנטלעך שוין גע־האַט אָנגעגרייט, אָבער איך האָב געוואָלט, אַז זי זאָל נאָכאַמאָל קומען... זי זאָל מיך נאָכאַמאָל בעטן... יאָ, וואָס האָב איך דאָ געוואָלט זאָגן?... יאָ, ערשט דעמאָלט האָב איך מיך דערוווּסט, בעת איך בין אין אָוונט אַהיימגעקומען און זי נישט געטראָפן. בלויז אַ צעטל איז געלעגן אויפן טיש... „האַלט דיר דיין פאַר־שאָלטן געלט, איך פאַרלאַנג שוין גאָרנישט פון דיר"... אָט דאָס איז געווען אָנגעשריבן אויפן צעטל, מער גאָרנישט... מיין הער, דריי טעג מיט דריי נעכט בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ משוגע־נער. איך האָב געלאָזט דורכזוכן דעם טייך און דעם וואַלד, הונדערטער האָב איך אויסגעגעבן פאַר דער פּאָליציי... איך בין אַרומגעלאָפן צו אַלע שכנים, אָבער זיי האָבן בלויז געלאַכט און חוזק געמאַכט פון מיר... מ׳האָט זי אין ערגעץ נישט גע־קאָנט געפינען... ענדלעך האָט מיר איינער געבראַכט אַ ידיעה פון שכנישן דאָרף... ער האָט זי געזעען... אין דער באַן מיט אַ זעלנער... זי איז קיין בערלין געפאָרן... באַלד אינם זעלבן טאָג בין איך איר נאָכגעפאָרן... איך האָב איבערגעלאָזט מיינע געשעפטן... טויזנטער האָב איך דורך דעם פאַרלוירן... מען האָט מיך באַגנבעט, מיינע דינער, מיין פאַרוואַלטער, אַלע, אַלע... אָבער, איך שווער אייך, מיין הער, מיר איז געווען אַלץ איינס... איך בין פאַרבליבן אין בערלין, אַ גאַנצע וואָך האָט געדויערט, ביז איך האָב זי אויסגעפונען אינם דאָזיקן ים פון מענשטן... און איך בין צו איר געגאַנגען..."

ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט.

„מיין הער, איך שווער אייך... איך האָב איר קיין איינ־ציק שלעכט וואָרט נישט געזאָגט... איך האָב געוויינט... אויף די קניען בין איך פאַר איר געלעגן... איך האָב איר פאָרגעלייגט געלט... מיין גאַנץ פאַרמעגן, זי זאָל דערמיט פאַרוואַלטן, וואָ־רום דעמאָלט האָב איך שוין געוווסט, אַז איך קאָן אָן איר נישט לעבן. איך האָב ליב יעדע איינציקע האָר אירע... איר מויל... איר לייב. אַלץ, אַלץ... און אַז איך אַליין בין שולדיק אין איר אַראָפּזינקען, איך אַליין... זי איז בלאַס געוואָרן ווי דער טויט, בשעת איך בין צו איר אַריינגעקומען... איך האָב אונטערגעקויפט איר בעלהביתטע, אַ מעקלערין, אַ שלעכטע, פאַרדאָרבענע פרוי... זי איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט... זי האָט מיך אויסגעהערט. מיין הער, מיר דאַכט, אַז זי, יאָ, זי האָט זיך כמעט געפרייט, בעת זי האָט מיך דערזען... אָבער אַז איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן וועגן געלט... און איך האָב עס דאָך נאָר געטון, איך קאָן דערויף שווערן, בלויז כדי איר צו ווייזן, אַז איך טראַכט שוין נישט מער וועגן דעם... דאַן האָט זי אויסגעשפּיגן... און דערנאָך... ווייל איך האָב אַלץ נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר... האָט זי גערופן איר ליבהאָבער און זיי האָבן פון מיר חוזק געמאַכט... אָבער, מיין הער, איך בין כסדר געגאַנגען אַהין, טאָג אויף טאָג. די הויז־מענטשן האָבן מיר אַלץ דערציילט, איך האָב געוווסט, אַז דער דאָזיקער אויסוווּרף האָט זי שפּעטער אַוועקגעוואָרפן און זי האָט זיך גע־פונען אין נויט, און דעמאָלט בין איך ווידער אַהינגעגאַנגען... נאָכאַמאָל, מיין הער, בין איך געגאַנגען צו איר, אָבער זי האָט זיך ווילד צעשריגן אויף מיר און האָט צעריסן אַ באַנקנאָט, וואָס איך האָב איר בסוד געהאַט אַוועקגעלייגט אויפן טיש. און אַז איך בין דערנאָך ווידער געקומען, האָב איך זי שוין נישט געטראָפן... וואָס האָב איך אַלץ נישט געטון, מיין הער, כדי זי ווידער אויסצוגעפינען! אַ גאַנץ יאָר, איך שווער אייך, האָב איך נישט געוווסט פון קיין לעבן, נאָר כסדר נאָכגעפאָרשט, אַגענטורן גאַנצע האָב איך אויסגעהאַלטן אויף מיינע קאָסטן, ביז איך בין. ענדלעך בעוויר געוואָרן, אַז זי געפינט זיך אין אַרגענטינע..

אין... אין אַ פאַרדאָרבן הויז...

ער איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ רגע. דאָס לעצטע וואָרט האָט ער שוין קוים אַרויסגעכאָרכלט. און זיין שטים איז געוואָרן שוואַכער.

איך האָב מיך זייער דערשראָקן... מתחילת... דערנאָך אָבער האָב איך מיך בּאַרעכנט, אַז איך, נאָר איך האָב גורם געווען צו איר אַראָפּזינקען... און איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, ווי שטאַרק זי האָט געמוזט ליידן... וואָרום זי איז זייער אַ שטאָלצע... איך בּין געגאַנגען צו מיין אַדוואָקאַט, ער האָט אַוועקגעשריבן צום קאָנסול און געשיקט געלט... זי זאָל נישט וויסן, ווער עס האָט געשיקט... און נאָר זי זאָל צוריקקומען. מ׳האָט מיר טעלעגראַפירט, אַז אַלץ האָט זיך איינגעגעבן... איך האָב געוווסט מיט וועלכער שיף... און אין אַמסטערדאַם האָב איך זי אָפּגעוואַרט... איך בּין אָהינגעקומען מיט דריי טעג פריער און האָב געבּרענט פאַר אומגעדולד... ענדלעך איז די שיף אָנגעקומען, איך האָב מיך געפילט גליקלעך, בעת איך האָב דערזעען איבּערן האריזאָנט דעם רויך פון דער שיף. עס איז מיר שרעקלעך לאַנג געווען דאָס וואַרטן, ביז די שיף איז צו־געקומען צום ברעג און זיך פאַראַנקערט, אַזוי פּאַמעלעך, פּאַמע־לעך און דערנאָך דאָס ארויסגיין פון די פּאַסאַזשירן איבּערן בּריקל און ענדלעך, ענדלעך זי... איך האָב זי נישט בּאַלד דערקענט... זי איז געווען פאַרענדערט... געשמינקט... און שוין אויסגעזעען אַזוי... אַזוי ווי איר האָט זי היינט געזען... און אַז זי האָט מיך דערזעען וואַרטן... איז זי שרעקלעך בּלאַס געוואָרן... צוויי מאַטראָזן האָבּן זי געמוזט צוהאַלטן, ווען נישט וואָלט זי געווען אַראָפּגעפאַלן פון בּריקל... ווי נאָר זי האָט זיך געפונען אויף דער יבשה, בין איך צוגעגאַנגען צו איר... איך האָב גאָרנישט געזאָגט... די קעל איז מיר געווען פאַר־שלאָסן... זי האָט אויך גאָרנישט גערעדט... און האָט מיך נישט אָנגעקוקט... דער טרעגער איז געגאַנגען פאָרויס מיט דעם גע־פּעק, מיר זענען נאָכגעגאַנגען... פּלוצלינג אָבער איז זי שטיין געבליבן און געזאָגט... מיין הער... ווי אַזוי זי האָט עס אַרויס־

געזאָגט... ס'האָט מיר אַזוי יסורימדיק ווײ געטון, ס'האָט אַזוי
טרויעריק געקלונגען... „ווילסט מיך נאָך אַלץ האָבן פאַר אַ ווייב,
אַפילו אַצינד נאָך?"... איך האָב אָנגענומען איר האַנט... זי האָט
געציטערט, נאָר זי האָט גאָרנישט געזאָגט. אָבער איך האָב גע-
פילט, אַז ס'איז אַלץ ווידער גוט געוואָרן... מיין הער, ווי גליק-
לעך איך בין דעמאָלט געווען! ווי אַ קליין קינד האָב איך גע-
טאַנצט אַרום איר, בעת איך בין ענדלעך געווען מיט איר אין
צימער, איך בין איר צו די פיס געפאַלן... כ'האָב מסתמא גע-
מוזט פּלאַפּלען נאַרישקייטן... וואָרום זי האָט געשמייכלט מיט
פאַרוויינטע אויגן און האָט מיך געגלעט... גאַנץ נישט דרייסט,
פאַרשטייט זיך... אָבער, מיין הער... ווי מחיהדיק דאָס איז גע-
ווען... דאָס האַרץ איז מיר צעגאַנגען. בליץ-שנעל בין איך גע-
לאָפן איבער די שטיגן אַרויף און אַראָפּ, איך האָב אַ מיטאָג
באַשטעלט אין האָטעל... אונזער חתונה-מאָלצייט... איך האָב איר
צוגעהאָלפן זיך אָנטון... און מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען, מיר
האָבן געגעסן און געטרונקען און זיך פריילעך געמאַכט... אָ, זי
איז געווען אַזוי מונטער, ווי אַ קינד, אַזוי וואַרם און גוט, און
זי האָט גערעדט וועגן דער היים... און ווי אַזוי מיר וועלן
אַלדינג צוריק איינאָרדנען... מיטאַמאָל..." זיין קול איז פּלוצלינג
געוואָרן רוי און מיט דער האַנט האָט ער געמאַכט אַ באַוועגונג,
גלייך ער וואָלט וועלן עמעצן אָפּשטופּן. „מיטאַמאָל... דאָרט האָט
זיך געפונען אַ קעלנער... אַ שלעכטער, געמיינער מענטש... ער
האָט געמיינט, אַז איך בין שכּור, ווייל איך האָב מיך געמאַכט
משוגע און געטאַנצט און זיך געקייקלט פון געלעכטער... בעת
איך האָב דאָס אייגנטלעך נאָר געטון פאַר פרייד... אָ, איך
האָב מיך געפילט אַזוי גליקלעך... און ווען איך האָב באַצאָלט,
האָט ער מיר אַ רעשט געגעבן צוואַנציק פראַנק ווייניקער... איך
האָב מיך אויף אים אָנגעבייזערט און געפאָדערט פון אים דעם
רעשט... ער האָט זיך פאַרשעמט און אַנידערגעלייגט דאָס געלט...
דאַן... דאַן האָט זי פּלוצלינג אָנגעהויבן שאַרף צו לאַכן... איך
האָב אויף איר אַ קוק געטון און דערזעען גאָר אַן אַנדער פּנים...
שפּאָטיש, האַרט און בייז איז עס מיטאַמאָל געוואָרן... „ווי

פינקטלעך דו ביסט נאָך אַלץ... אפילו אין אונזער חתונה־טאָג!״ האָט זי אַרויסגערעדט גאַנץ קאַלט, אַזוי שאַרף, אַזוי... באַדוי־ערנדיק. איך בין דערשראָקן געוואָרן און האָב פאַרשאָלטן מיין קליינלעכקייט... איך האָב מיך באַמיט ווידער צו לאַכן... אָבער איר מונטערקייט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן... איז אָפּגעשטאָרבן... זי האָט פאַרלאַנגט אַ באַזונדער צימער... וואָס וואָלט איך איר נישט געוועזן צוליב געטון... און איך בין יענע נאַכט געלעגן אַליין און כסדר געקלערט, וואָס איך זאָל איר אינדערפרי קויפן... א מתנה... איר וויַיזן, אַז איך בין נישט קאַרג... אַז כ׳וועל עס שוין קיינמאָל נישט זיין צו איר. צומאָרגנס בין איך גאַנץ פרי אַרויס אין גאַס אַריין, אַן אָרעם־באַנד איר געקויפט, און בעת איך בין אַריין צו איר אין צימער... איז... איז עס געווען ליידיק... פונקט אַזוי ווי דעמאָלט. מיר איז באַלד איינגעפאַלן, אַז אויפן טיש וועט ליגן אַ צעטל... איך בין גלייך צוגעלאָפן און דער רבּיי גאָט געבעטן, אַז דאָס זאָל נישט אמת זיין... אָבער... אָבער... ס׳איז אָבער דאָרט דאָך געלעגן... און דערויף איז געשטאַנען...״

ער האָט ווידער אָפּגעהאַקט און זיך געקווענקלט. איך בין נישט ווילנדיק שטיין געבליבן און אים אָנגעקוקט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, דערנאָך הייזעריק אַרויסגעפּליסטערט:

„דערויף איז געשטאַנען... „לאָז מיך צורו. דו ביסט מיר נמאס —״

מיר זענען צוגעקומען צום פּאָרט, און פּלוצלינג האָט אין דער שטילקייט אַ רויש געטון דער ברומענדיקער אָטעם פון די אָנקומענדיקע כוואַליעס. ווי גרויסע שוואַרצע חיות זענען די שיפן געלעגן אויסגעשפּרייט איבערן וואַסער, און פון ערגעץ־ווו האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג. קיין זאַך איז נישט געווען דייטלעך, אָבער מען האָט געקאָנט אַ סך פילן, דעם אומגעהויערן שלאָף און שווערן חלום פון אַ גרויסער שטאָט. נעבן מיר האָב איך געשפּירט דעם שאָטן פונם דאָזיקן מענטש, ווי אַ געשפּענסט האָט ער געצאַפּלט פאַר מיינע פיס. אָט איז ער צערונען געוואָרן, אָט האָט ער זיך ווידער צוזאַמענגעקורטשעט אינם צי־

שערנדיקן ליכט פון די טונקעלע לאַמטערנס. איך בין נישט אימשטאַנד געווען צו זאָגן אים עפּעס אַ טרייסט־וואָרט און האָב נישט געהאַט, וואָס צו פרעגן, איך האָב אָבער געשפּירט, ווי זיין שטילשווייגן קלעבט אויף מיר ווי אַ שווערע משא. פּלוצלינג האָט ער אַ ציטערנדיקער מיך אָנגענומען ביים אָרעם.

„אָבער איך וועל פונדאַנען נישט אַוועקגיין אָן איר... ערשט נאָך חדשים האָב איך זי צוריק געפונען... זי פייניקט מיך, אָבער איך וועל נישט מיד ווערן... איך באַשווער אייך, מיין הער, רעדט מיט איר... איך מוז זי האָבן, זאָגט עס איר... מיך הערט זי נישט... איך קאָן שוין מער נישט לעבן אַזוי... איך קאָן שוין מער נישט צוזעען, ווי ס׳קומען צו איר מענער... און אינ־דרויסן וואַרטן פאַרן הויז, ביז זיי קומען צוריק אַרויס... לאַכנ־דיקע און שכורע... די גאַנצע גאַס קען מיך שוין... זיי לאַכן, ווען זיי זעען מיך וואַרטן... איך ווער דערפון משוגע... און דאָך קום איך אַהין יעדן אָוונט... מיין הער, איך באַשווער אייך... רעדט מיט איר... איך קען אייך אַפילו נישט, אָבער טוט עס מיר גאטס באַרמהאַרציקייט צוליב... רעדט מיט איר...״

אינסטינקטיוו האָב איך געוואָלט באַפרייען מיין אָרעם פון זיין האַנט. עס האָט מיך געשווידערט. אָבער דערשפּירנדיק, אַז איך וויל מיך אָפּווענדן פון זיין אומגליק, איז ער פּלוצלינג אַנידערגעפאַלן אינמיטן דער גאַס אויף די קניען און האָט אָנ־געכאַפּט מיינע פיס.

„איך באַשווער אייך, מיין הער... איר מוזט מיט איר רעדן... איר מוזט... אויב נישט... אויב נישט וועט געשעען אַ שרעקלעכע זאַך... איך האָב מיין גאַנץ געלט פאַרוועגדט, כדי זי צו זוכן, און איך וועל זי דאָ נישט איבערלאָזן... קיין לע־בעדיקע נישט... איך האָב מיר געקויפט אַ מעסער... איך האָב אַ מעסער, מיין הער... איך וועל זי שוין דאָ נישט איבערלאָזן... קיין לעבעדיקע נישט... איך קאָן שוין נישט אויסהאַלטן... רעדט איר מיט איר, מיין הער...״

ער האָט זיך געוואַלגערט פאַר מיר, ווי אַ משוגענער. אין דער רגע זענען מיט דער גאַס אָנגעקומען צוויי פּאָליציי־

לייט. איך האָב אים מיט כּח געמוזט אויהויבן. אַ רגע האָט ער צעטומלט געגלאָצט אויף מיר, דערנאָך האָט ער מיט אַ פרעמדער, טרוקענער שטים אַרויסגעזאָגט:

„פאַרקירעוועט זיך דאָרט מיט יענעם געסל. וועט איר אָנקומען צו אייער האָטעל." ער האָט נאָכאַמאָל געוואָרפן אויף מיר אַ פאַרגליווערטן בליק מיט אויגן, אין וועלכע די שוואַרצאַפּלען זענען געווען צונויפגעשמאָלצן אין עפּעס אַ גרויליקע ווייסקייט און פּוסטקייט. דערנאָך איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן.

איך האָב מיך איינגעוויקלט אין מיין מאַנטל. אַ פראָסט איז מיר דורך איבערן לייב. דערנאָך האָב איך דערפילט אַ שטאַרקע מידקייט, אַ שכּרותדיקע צעטומלטקייט, געפּיללאָז און שוואַרץ, ווי אַ שווערער שלאָף. איך האָב געוואָלט טראַכטן און באַגרייפן דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געזען, נאָר יעדעס מאָל האָט זיך אַ הויב געטון אין מיר דידאָזיקע שוואַרצע כוואַליע פון מידקייט און מיך מיטגעריסן מיט זיך. איך האָב מיך צו־געשלייכט צום האָטעל, געטון אַ פאַל אַרויף אויפן בעט און אַנטשלאָפן געוואָרן טעמפּ ווי אַ חיה.

אויפן אַנדערן טאָג האָב איך שוין נישט געקאָנט אונ־טערשיידן, וואָס דערפון ס'איז געווען חלום און וואָס אמתע איבערלעבעניש, און עפּעס אַ געפיל אין מיר האָט נישט דער־לאָזט, אַז איך זאָל זיך דאָס דערוויסן. איך בין שפּעט אויפגע־שטאַנען, פרעמד אין אַ פרעמדער שטאָט, און איך בין געגאַנגען באַקוקן אַ קירכע, אין וועלכער ס'האָבן זיך געזאָלט געפינען זייער באַרימטע אַנטיקישע מאָזאַיקעס. אָבער מיינע אויגן האָבן געגלאָצט, ווי אויסגעהוילטע און נישט געזען קיין זאַך, די באַגעגעניש פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט האָט זיך מיר וואָס אַמאָל דייטלעכער פאָרגעשטעלט און עס האָט מיך געטריבן פון דאָרט, כּדי אויפצוזוכן יענץ געסל מיט דעם הויז. אָבער די דאָזיקע מאָדנע געסלעך לעבן נאָר ביינאַכט, בייטאָג טראָגן זיי גרויע, קאַלטע מאַסקעס אויף זיך, און בלויז אַ געניטער איז אימשטאַנד זיי צו דערקענען. איך האָב עס נישט געפונען, הגם איך האָב עס שטאַרק אַרומגעזוכט. אַ מידער און אַן אַנטוישטער

בין איך אַהיימגעקומען, פֿאַרפֿאָלגט דורך די בילדער פֿון מיין דמיון אָדער פֿון דער דערינערונג.

ניין אַ זייגער אין אָוונט איז אָפּגעגאַנגען מיין צוג. מיט אַ באַדויערן האָב איך פֿאַרלאָזט די שטאָט. אַ טרעגער האָט צוגענומען מיין געפּעק און עס געטראָגן מיר פֿאָרויס צום באַנהויף. פּלוצלינג אָבער, צוקומענדיק צו אַן אָרט, ווו די גאַסן קרייצן זיך, האָט עס מיך אַ צי געטון: איך האָב דערקענט דאָס זייטיקע געסל, וואָס פֿירט צו יענעם הויז, איך האָב געהייסן דעם טרעגער וואַרטן — ער האָט זיך תּחילת געחידושט, דערנאָך אָבער זיך פֿונאַנדערגעלאַכט מיט אַ פֿרעכער גוט-ברודערישער מינע — און זיך געלאָזט גיין אַהין, כּדי נאָכאַמאָל צו וואַרפֿן אַ בליק אויפֿן דאָזיקן געסל פֿון דער נעכטיקער באַגעגעניש.

עס איז געלעגן פֿינסטער, פֿינסטער ווי דעמאָלט, און איך האָב דערזעען אין מאַטן שיין פֿון דער לבנה די גלאַנציקע שויבן-טיר פֿון יענעם הויז. איך האָב געוואָלט צוגיין נענטער, נאָר מיטאַמאָל האָט זיך אַ רודער געטון אין ווינקל עפּעס אַ געשטאַלט. אַן אויפֿגעציטערטער האָב איך אים דערקענט. ער איז דאָרט געזעסן אויף דער שוועל און מ׳ר ציגעוונקען, אַז איך זאָל צוגיין נענטער. אָבער מיך האָט אַרומגענומען אַ גרויל און איך בין שנעל אַנטלאָפֿן, צוליב דער פּחדנישער מורא, אַז איך קאָן נאָך דאָ אַריינגעצויגן ווערן אין דער דאָזיקער זאַך און וועל דעם צוג פֿאַרשפּעטיקן.

נאָר אַז איך בין צוגעקומען צום עק גאַס, האָב איך מיך אומגעקוקט. בעת מיין בליק האָט זיך מיט אים באַגעגנט, האָט ער זיך געגעבן אַ הויב אויף, ער איז שנעל אויפֿגעשטאַנען און אַ שפּרונג געטון צו דער טיר. און בעת ער האָט זי שנעל געטון אַ פּראַל אויף, האָט אין זיין האַנט אַ שימער געטון מעטאַל: איך האָב פֿונדערווייטנס נישט געקאָנט אונטערשיידן, צי דאָס איז געווען געלט, אָדער דאָס מעסער, וואָס האָט אינם לבנה-שיין פֿאַררעטעריש אַ בליץ געטון צווישן זיינע פֿינגער...

# אינהאלט: